פון זעלבן מחבר:

„צווישן ווענט״, **נאָוועלן, וואַרשע, 1933,**
„גרויע פראָפּילן״, **נאָוועלן, פּאַריז, 1937,**
„דער מאַרש אויף בריסק״, **ראָמאַן, פּאַריז, 1938,**
„די יידן פון בעלוויל״, **ראָמאַן, פּאַריז, 1948,**
„רות און נעמי״, **דערציילונג, ווראָצלאַוו, 1949,**
„געווען איז עס נעכטן״, **ראָמאַן, פּאַריז, 1951.**

**„די ברידער כּייקין״, ראָמאַן:**

**ערשטע בוך:** „דאָס הויז אין דער טאָפּאָלן־גאַס״, **1955**
**צווייטע בוך:** „אויפן פּאַריזער ברוק״, **1956**
**דריטע בוך:** „דאָס צוגעזאָגטע לאַנד״, **1956**

**איבערזעצונגען:**

**אַראַגאָן:** „דאָס רוימישע רעכט עקזיסטירט נישט מער״.
**ה. דע באַלזאַק:** „די קוזינע בעטי״.

**B. SCHLEVIN**

# LA TERRE PROMISE

(DOS ZUGESOGTE LAND)



**PRINTED IN FRANCE**

Imprimerie de la Harpe, 32, rue de Meaux - PARIS-19e

ב. שלעווין

# דאָס צוגעזאָגטע לאַנד

ראָמאַן

פאַרלאַג  פאַריז

1956

אַרויסגעגעבן ביי דער מיטהילף פון מלך ספעקטאָר־פאָנד,
ביים פאַרבאַנד פון די יידישע געזעלשאַפטן אין פראַנקרייך

דאָס בוך איז אַרויסגעגעבן געוואָרן מיט דער מיטהילף פון:
**סעם קזשעפּיצקי**
צום אָנדענק פון זיין פאָטער פּנחס, מוטער מירל, משפּחות פון טשענסטאָכאָוו און פשעראָוו, אומגעבראַכט דורך די היטלער־רוצחים אין מײַדאַנעק;
לזכרון פון זיין שוועסטער רחל־לאה, זיין שוואָגער יצחק װענגלינסקי, זיין שוואָגער יידל פישמאַן, זיין ברודער אברהם, געשטאָרבן אין סידנעי, (אויסטראַליע), יאַנקל און שרהלע באָטשאַן מיטן קינד, דעפּאָרטירט פון בעלגיע.

---

ווי אויך מיט דער מיטהילף פון די געזעלשאַפטן טשענסטאָכאָוו און וואַרשע־אָכאָטע־פּאָוואָנזעק.

# 1

דער מענטש אין אונדזערע טעג כאַפּט זיך געוויינלעך יעדן אינדערפֿרי אויף מיט אַ שווער געמיט. דער מאָגן אַרבעט נישט ווי ס'באַדאַרף צו זיין... קליינע ערגערנישן... מאַלע וואָס?... און דער עיקר — ס'דוכט זיך אַלץ, אַז מ'האָט שוין עפּעס פֿאַרשפּעטיקט... אַז ס'איז שוין באַלד שפּעט צוריק־צוכאַפּן...

זינט ווען דאָס אייביק־שלאָפֿע ווייב ביים פֿאַריזער יידישן כלל־טוער חיים מיכלסאָן איז אים פּלוצים, נישט־דאָ־געדאַכט, אָפּגעשטאָרבן, האָט ער, גאָר אַליין נישט כאַפּנדיק זיך — און אומגעריכט פֿאַר אַלעמען — עפּטער גענומען צושערן זיינע געדיכטע פֿריצישע וואָנסן. זיי האָבן אים פֿריער, אַביסעלע ווילדלעך, פֿאַרדעקט זיינע באַקעטע, ווייבעריש־פֿולע ליפּן און האָבן דאָס בלייכע, אויסגעאיידלטע פּנים זיינס מיטן צו־הויכן שטערן, צוגעגעבן אַ באַזונדערע, קען מען זאָגן, נאַרישלעכע, אָנגעבלאָזענע גייסטי־קייט פֿון אַ פּאָפּ, למשל. נו, קיין יונגערמאַן, צוריקגערעדט, איז ער שוין אויך נישט געווען. די שיטער־אויפגעבלאָזענע וואָנסן, די טיפֿע שטערן־ווינקלען, זענען פֿאַרכאַפּט געווען פֿון אַ היפּשער פּראָסטיקער גרויקייט.

ער איז פֿריער אויך גאָרנישט געווען אַזוי שטאַרק אָפּגעהיט אין זיין הלבשה. פֿאַרקערט, ס'האָט גיכער אַזוי געפּאַסט ביים פֿאַרקערן אין די קהלשע קרייזן, בפֿרט צווישן אַרויפֿגעאַרבעטן, פּשוטן פֿאַריזער סאָסיעטע־עולם, צו גיין אָנגעטון וואָס מער באַשיידן. אין די אַלע אינסטיטוציעס איז, אין אַלע פֿאַלן, גלייכער געווען וואָס ווייניקער אויפֿצורייסן די אויגן; און אַזאַ ייד ווי מיכלסאָן האָט געקענט זיין געקניפּט און געבונדן מיט אָן אַ שיעור אינסטיטוציעס אין נאָך־מלחמהדיקן פּאַריז; אויסער, נאַטירלעך, די ענגע פּאַרטיי־פּריינט, אין די אינטעלעקטועלע סאָציאַליסטישע קרייזן, צווישן יידן און נישט־יידן.

און אינעם איצטיקן, נאָך־מלחמהדיקן פאַריז האָבן יידישע אינסטיטוציעס, קיין עין־הרע, געבליט. ס׳איז אָנגעגאַנגען אַ קאָכעדיקע, אינטענסיווע טעטיקייט. מ׳האָט באַדאַרפט פון אַלע זייטן צוטיילן הילף די אָנגעלאָפענע יידן. זיי זענען אָן אויפהער, אין אַ בהלהדיקן אָנגעלויף, פאַרביי־געפלאָסן די הויפּט־שטעט פון אייראָפּע, געלאָזן זיך מיט די אומלעגאַלע שיפלעך צו די ברעגן פון ארץ ישראל און — אין אַלע עקן וועלט. זיי האָבן דאָ אַ שטיקל צייט אָנגעפילט די אַלטע האָטעלן, די קהלשע ראָטשילד־הייזער; רעשטלעך פון אַ מידן, צעבראָכענעם דור. מאַלע וואָס מ׳האָט אַלץ באַדאַרפט? — פּראָדוקטיוויזאַציע, לעגאַליזירונג ביי די מאַכט־אָרגאַנען, פּראָטעקציעס אין די פאַרשידענע קאָנסולאַטן, פילאַנטראָפּיע, עמיגראַנטן־הילף, אַמעריקאַנער קהלשע הילף, זאָרג פאַר נאַציאָנאַלער דערציאונג פון די קינדער אויפן וועג קיין ארץ ישראל. באַלד דערנאָך זענען אויך אונטער־געקומען די פּליטים־שיפן, וואָס האָבן זיך אין די אויסגעלאָשענע נעכט געשמוגלט ווייט פון די פּאָרטן אויפן מיטללענדישן ים. מיט איין וואָרט, ס׳איז געווען אַ וועלט מיט אַרבעט. מ׳האָט זיך דען געקענט צערייסן?

און גראָד דעמאָלט איז מיכלסאָן פלוצים געוואָרן אַזוי ווי אַפּהענטיק, שוואַך, מוטלאָז און האָט זיך איבער אַ גאָרנישט, איבער אַ ליאַדע־וואָס באַלד אויפגערעגט. צי האָט מען דען סוף כל סוף אַלץ געקענט אויסבאַ־האַלטן פאַר לייטן? ס׳איז גאָרנישט געווען אין זיין טבע; קיינער האָט אים גאָרנישט געקענט פאַר אַזאַ. די היים איז ביי אים מער קיין היים נישט געווען. ער האָט אַ סך מאָל גענומען פאַרפעלן, טעג־לאַנג האָט מען אים טיילמאָל אַרומגעזוכט און קיינער האָט נישט געוווּסט ווו אים ערגעץ אויס־צוגעפינען. זיין פּריוואַטער טעלעפאָן האָט איבערהויפּט מער נישט פונק־ציאָנירט.

פריער איז נאָך ווי־נישט־איז געווען אַ הויז, אַ טעלעפאָן, אַ טיר־גלעקל, וואָס האָט געהאַלטן אין איין קלינגען; און כאָטש זי איז אַלע יאָרן געווען אַ שוואַכע, די יידענע זיינע, האָבן זיך איבער די שטיבן אָן אויפהער גע־דרייט מענטשן אַריין און אַרויס. ס׳איז געווען היימלעך. די בײדע מיידלעך זענען געקומען אָנצולויפן פון גאַס, פאַרפלאַמטע. זיי האָבן געהאַט זייער אייגענע וועלט און זייערע אייגענע געטועכטסן.

אַצינד איז אויסגעקומען בלויז איבערצונעכטיקן אין דעם פרעמדן, קאַלטן, אויסגעליידיקטן הויז און באַלד אינדערפרי אַוועקאיילן, אַנטלויפן. ס׳איז מער קיין געדולד נישט געווען אַוועקצוזעצן זיך אין דער ווייכער שטול, אין שרייב־צימער, אין די שטעק־לאַטשן, אין שלאָפראָק, ווי ער האָט עס ליב געהאַט, אַדורכצושמועסן זיך דורכן טעלעפאָן מיטן אַדוואָקאַט וואָלפער, אַ שטייגער. ער האָט לעצטנס אַפילו אויך שטיינגעלאָזן אינדער־

פרי אויפן טיש דאָס טעפּעלע קאַפּע, וואָס די אַלטע הויז־פרוי האָט פאַר אים אַריינגעטראָגן. ס׳איז מער קיין געמיט און קיין געדולד נישט געווען. ער האָט אַרונטערגענומען די ברילן און פאַר די אויגן איז אים שטיינגעבליבן אַ בלענדעניש. ער האָט שוואַך געטראָפן צום קאַלטן, ליידיקן בעט אין טונקל־פאַרהאַנגענעם שלאָף־צימער. אין זיין בלייך, אויסגעאיידלט פּנים, פאַרשטעלט פון די האָרן־ברילן, מיט די שיטער־אויפגעבלאָזענע וואָנסן, איז געלעגן עפּעס אַזאַ שטילע, קיינמאָל נישט געזעענע תמימות.

אָבער אייביק טרויערן קען מען דאָך אויך נישט; און צי האָט מען דען געקענט אין אַזעלכע קאָכיקע צייטן פּלוצים נעמען אַראָפּלאָזן די הענט און אַריינפאַלן אין עצבות? אָבער אָט די שטילע תמימות איז פונדעסטוועגן פאַרבליבן ביי אים; שטילע תמימות און אַז מען וויל — אַפילו קנאַפּע חכמה. ער האָט בלאָס, צוריקגעהאַלטן געשמייכלט. ער איז אָבער נישט געווען אַזאַ נאַר, ווי מ׳האָט געקענט האָבן דעם איינדרוק. ווייט נישט. אָבער וואָס איז דען די נפקא־מינה? אַבי מענטשן האָבן עס טאַקע אַזוי אָנגענומען.

— אונדזער מיכלסאָן... — האָבן די איינפאַכע, גוטמוטיקע סאָסיעטע־יידן, געוועזענע באַלמעלאָכעס און היינט כמעט אַלע אַרויפגעאַרבעטע, מיט אייגענע פאַרצווייגטע געשעפטן און אַטעליעס, אַוועקגעמאַכט — וואָס ווילט איר דען? אַן אַנדערער אויף זיין אָרט, וואָלט נאָך, אויף מיין וואָרט, גאַנץ שיין געלאָזן רעדן זיך אַ שידוך...

— אַן איידל מענטשל... — האָט אַן אַנדערער אַריינגעוואָרפן און זיך אומגעריכט פונאַנדערגעלאַכט — אין דער היים וואָלט אַזאַ איינער אַוודי געווען אַ רב, אָדער אַ דיין... נאָר דאָ, אין פאַריז...

בעת זיינע אַרויסטריטן אויף די היימישע פאַרזאַמלונגען, אויף די אָפטע יזכור־פייערונגען, איז אין זיין געמאַכטן ליטווישן יידיש שטאַרק קענטיק געווען דאָס איינפאַכע לשון פון די וואַרשעווער הינטערגאַסן. אויך דערמיט האָט ער שטאַרק אויסגענומען; מ׳האָט אים געגלויבט. ער איז געוויילט גע־וואָרן אין וויכטיקע קאָמיסיעס, אין וויכטיקע אינסטיטוציעס, ווו עס פליסן די געלטער פון די גרויסע, פאַרצווייגטע אַמעריקאַנער הילפס־קאָמיטעטן, מ׳האָט אים געשיקט אויף אינטערנאַציאָנאַלע קאָנפערענצן און קאָנגרעסן. אומעטום איז ער געווען די, אַזוי צו זאָגן, לאָיאַלע, חשובע פּערזאָן. זיין וואָרט איז געווען וואָגיק.

אַפילו צווישן די היימישע אינסטיטוציעס, געזעלשאַפטן און כלל־טוער אין פאַריז איז ער אַ שטיקל צייט פאַרבליבן די לאָיאַלע, פּשרותדיקע, רע־ספּעקטפולע פּערזאָן. מיט די לינקע אינסטיטוציעס ווידער איז נישט אַזוי איינפאַך געווען. מ׳האָט זיך נאָך דעמאָלט שטאַרק געחברט, כאָטש דאָס האָט זיי פונדעסטוועגן נישט געשטערט צו פייערן אויף די סאָציאַליסטן. מ׳האָט

נישט געקענט אינגאנצן אפלייקענען — אביסל אמת איז פארט געווען דערין. ווי ווערטער קענען אלט און אפגעריבן ווערן. אין יענע יארן, למשל, האט סאציאליזם — גאר אנדערש געקלונגען. אבער מיט די־א... לאבוסעס, וואס זידלען זיך גראב־יונגיש און א ליאדע וואס, איז מען באלד ביי זיי — א פארעטער, א פארקויפטע נשמה צום קאפיטאליזם, צום אמעריקאנער אימפעריאליזם און וואס אין דער קארט... צי קען מען דען טאקע באמת נישט זיין קיין דריטער כוח און לאנגזאם אריינוואקסן זיך אין א בעסערער, ראציאנעלער געזעלשאפט? טאקע, צי קען מען דען נישט זיין קיין לאיאלער פארוואלטער פון קאפיטאליזם?...

נישט אומזיסט האט אים עמיצער דארט, ביי א געלעגנהייט, פארגליכן מיט לעאן בלומען; און ס׳איז אפשר געווען זייער א טרעפלעכער זאג — דאס שפילן אויף לאיאלקייט, אויף צוויי־דייטיקע פשרה־מאכעריי. אבער — לסוף?...

מיט דער פארכאפנדיק־רעפרעזענטאטיווער טאטיאנא איסאקאווגא האט זיך עס אנגעהויבן פון אן אומשולדיקער גלאז טיי, אין א געוויינלעכן אוונט, אין קליינעם, אינטימען סאלאן ביי איר, ווו עס זענען אלעמאל פארבעטן געווארן נאר געקליבענע געסט. אין א שטילער גאס ארום שאנז־עליזיי האט זי געהאט איר קליינע וווינונג, איינגעארדנט מיט פיל געשמאק און ווייבערישער אינטימקייט.

— א גלאז טיי איז פונדעסטוועגן נישט דאסזעלבע ווי, לאמיר זאגן — א טאס קאפיי... — האט מיכלסאן גערעדט אין די צוגעשוירענע וואנסן אריין, דוכט זיך סתם אזוי, פילאזאפיש, און איז דערביי געווען זייער אנגענעם־אויפגערודערט, ממש סענטימענטאל — וואס אווארט קען אמאל ארויסרופן רעמינעסצענצן, מיין ליבע טאניע... צי דערמאנט עס אייך נישט מיט עפעס די היימישע לאנדשאפט פון אמאל?... כ׳ווייס... דעם זידנדיקן סאמאוואר אויפן טיש... דער היימישער, נידעריקער באלקן... די פארע, וואס גייט־אויף פון די גלעזער...

יא, דאס האט זי אוודאי אויך לעבעדיק פארגעדענקט פון ערגעץ א שטאט אין רוסלאנד; כאטש אירע פערזענלעכע זכרונות זענען אפשר געגאנגען נאך ווייטער, פיל ווייטער. ווער ווייס? וואס קענען זיי דען, נאך אלעמען, וויסן די אלע? מ׳האט, למשל, זייטיק דערציילט, אז יארן־לאנג האט זי געלעבט אין ווייטן מזרח, אין כארבין, אין אקופירטן דורך די יאפאנער מאנדזשוקא, ווו ס׳האבן זיך אין יענע נאך־רעוואלוציע־יארן אנגעקליבן א סך רייכע רוסישע יידן און רוסן, די ווייס־גווארדייאישע רעשטלעך פון די צעקלאפטע קאנטער־רעוואלוציאנערע ארמייען. ביים געמיטלעכן טיי־טיש האט ער פונדעסטוועגן געוואגט:

— אַ זייטיקער וואָלט טאַקע געקענט מיינען, מיין ליבע טאַטיאַנאַ איסאַקאָוונאַ — האָט מיכלסאָן צוריקגעהאַלטן געלאָזן פאַלן אין שפּאַס — אַז יענער יונגערמאַן, איר ווייסט... דער פון די לינקע קרייזן... באַאיינפלוסט אייך זייער שטאַרק... כ׳ווייס... קיין נאַר, דוכט זיך מיר, איז ער שוין דווקא נישט, כאָטש אַ פּראָסטלעכער... זיי זענען, איבעריקנס, קיינס נישט קיין נאַראָנים. ווייט נישט...

— זיי ווייסן, מיין ליבער מיכלסאָן, וואָס זיי ווילן און וווהין זיי גייען. מיר זענען, אַן אינסטיטוציע, מיין פריינט, צו ברענגען הילף פאַר אַלע געליטענע יידן. איך בין דאָ, אַזוי צו זאָגן, די סאַמע לאָיאַלסטע פּערזאָן... גענוי אַזוי ווי איר, אַ שטייגער, אין אייער פּאָזיציע...

— הייסט עס — האָט ער שוין איצט ברייט געלאַכט — אַז פאַר אייער קורצן זיין אין פּאַריז, האָט איר פּאָרט עפּעס געלערנט...

— אַז מען וויל — יאָ...

און זי האָט אים אָנגעקוקט אַביסעלע צו־דורכדרינגלעך, מיט אירע לויכטנדיקע אויגן פון אַן אַקטריסע נאָכן אַרונטערנעמען דעם גרים, שמייכלענדיק און פאַרשנדיק, צו דער גלייכער צייט.

ער איז אָבער אין יענעם אָוונט אַוועק פון איר קליינעם, אינטימען סאַלאָן מיט עפּעס אַ נישט־באַפרידיקט געפיל; ווי ער וואָלט נאָך אַלץ נישט האָבן גענוי דעררעדט זיך מיט דער דאָזיקער ווייט נישט איינפאַכער פרוי. זי איז נאָך אַלץ געווען פאַר אים — רעטעניש.

אויף דער גאַס — ס׳איז געווען אין טיפן, נעפּלדיקן פּאַריזער האַרבסט — האָט זיך אַוועקגעשטעלט פאַר אים אַ בלענדעניש און ער האָט מער נישט געוווסט וווהין צו גיין. אַלץ האָט אים מיטאַמאָל אויסגעוויזן נאַריש, איבעריק, הבל־הבלים. און כאָטש ס׳האָבן אין דעם אָוונט געוואַרט אויף אים נאָך עטלעכע וויכטיקע טרעפונגען, איז אים פלוצים זייער באַנג געוואָרן, ווי אַלעמאָל, שפּעט אין אָוונט, פאַר די טונקעלע שטיגן פון זיין הויז, ווען ער הייבט זיך אויף מיט דער ווינדע און נעמט שטיל אויפשליסן די טיר; ווייל קיינער, ווייסט ער, וואַרט מער נישט אויף אים. די מיידלעך קומען אַהיים שפּעט און האָבן זיך דאָרט זייער אייגן לעבן. „נאַרישקייטן״... — האָט ער זיך אַליין געפּרוווט אָפּשלאָגן — אַזאַ פרוי... ווי קום איך דען צו איר?... דער ווייכער רויש פון איר לאַנג קלייד, אירע ווייסע, געשניצטע הענט, גאַרנישט פאַר אַ פרוי פון איר עלטער, דער בליק אירער פון הינטער די ראָזע, דיגע צעלולאָיד־ברילן, איר שמייכל, וואָס דרינגט אין דער גלייכער צייט מאָדנע אַדורך. אָבער וואָס איז ער עפּעס אַ יונגערמאַן, וואָס? אמת איז — נאָך וואָס לייקענען? — אַז די אינטערעסן וואָלטן זיך דאָ גראָד

זייער נעט צונויפגעפאַלן. ס'איז אָבער בולט געווען אַרויסצופילן, אַז אַזוי גוט ווי זי קען אַזוי ווייך און אַזוי זאַנפט שמייכלען און זיין צוגעלאָזן, אַזוי קען זי מיטאַמאָל זיין האַרט, שטרענג, אַפילו אומברחמנותדיק און באַפעלעריש. ווער קען זיי דען וויסן, די דאָזיקע...

אויסגעפאַלן איז עס אין יענע אומפאַרגעסלעכע עטלעכע חדשים, ווען ס'האָט זיך אַזוי שטאַרק געטומלט מיטן באַשלוס פון דער „אָנו״ וועגן אַן אומאָפּהענגיקער יידישער מדינה. גראָד דעמאָלט איז ער עס געווען אַזוי אויפגעבראַכט און צערודערט. מ'האָט אָבער באַצייטנס געפילט, אַז דער שטורעם גרייט זיך. דאָ, אין פּאַריז, אין סאַמע קאָכעדיקסטן צענטער פון דער אייראָפּייאישער און אינטערנאַציאָנאַלער דיפּלאָמאַטיע, איז געווען נישט קיין קליינע אַרבעט אָוועקצולייגן. ס'האָט זיך טאָקע געהאַנדלט אין גרויסע פאַרבינדונגען און אין פאָנדן. אַ שלל נייע מיני לייט און פּנימער האָבן אין יענע פּאָר חדשים דאָ געווימלט. מען ווייסט גאָרנישט פון וואַנען זיי זענען פּלוצים אַראָפּגעפאַלן. מיכלסאָן איז, קען מען זאָגן, בלויז געווען אַ קליין רינגעלע אין אָט דער קייט. און איינער פון זיי איז אומגעריכט אויך געווען דער פלינקער, אויסגעקאָכטער אַדוואָקאַט וואָלפער. ווער האָט אים דען פריער געקענט? אַזוי ווי מיטאַמאָל איז פון ערגעץ אַרויסגעשווומען.

— געוואַלד!... — האָט דער אַדוואָקאַט וואָלפער דאָרט, אין די קאָמיטעטן, הינטער די פעסטע, דעמבענע טירן, געליאַרעמט — מיטן אָנשטופּן די אומזיסטע פּרעסערס, די לייט, וואָס לויפן אַרום פון לאַנד צו לאַנד... די צווייפלהאַפטע אינטעלעקטועלע און שרייבערלעך... די לינקע אינסטיטוציעס, וואָס פירן איבער יידישע קינדער... יעדער איינציקער גראָשן באַדאַרף איצט גיין פאַר וויכטיקערע צוועקן...

מיט די אַלע לייט דאָרט, הינטער די שווערע, דעמבענע טירן פון 16־טן אַראָנדיסמאַן, און דער עיקר טאָקע מיט דער שכלדיק־מאַנסבילשער טאַטיאַנאַ איסאַקאָוונאַ, האָט ער געהאַט וויכטיקע אַרומרעדעניש. דער מענטש האָט זיך ממש פּלוצים געהאַט אַריינגעריסן אין זיין, מיכלסאָנס לעבן, אין זיין טעטיקייט, אין זיינע פירונגען, אין זיינע יאָרלאַנגע איינפלוסן. טאַניע האָט עס אָנומלטן אַליין געמוזט מודה זיין:

— דער מאַן — האָט זי שטאַרק געריימט דעם אַדוואָקאַט וואָלפער — האָט ווירקלעך ענערגיע פאַר צען... זייער גערעכטע טענות... ניין, ער איז נישט אומגערעכט...

אין גרונט גענומען, האָט מען נישט געקענט נישט מסכים זיין מיט אים, מיטן אַדוואָקאַט וואָלפער; ער האָט געהאַט רעכט. דער עיקר וועגן דעם אומברחמנותדיקן שניידן די אַלע סובסידיעס, וועגן קאַנאַליזירן די

אַלע הילפס־פאָנדן, די געלטער, אין איין צענטראַלן פאָנד, וואָס דאַרף אויסגענוצט ווערן פאַר ברייטערע, גרעסערע, וויכטיקערע צוועקן. אַמ־מערסטן געטראָפן געוואָרן זענען די לינקע אינסטיטוציעס. זיי האָבן געהאַט אויסצוהאַלטן קינדער פון דערשאָסענע און דעפּאָרטירטע, קולטור־אינסטי־טוציעס, האָבן זיך כסדר געשטיקט. זיי האָבן אויפגעהויבן אַ געוואַלד. זאָלן זיי שרייען. ווייניק טומלען זיי דען אַרום אַן דעם? ווייל פון אַמעריקע אַליין, פון וואַנען די הילפס־פאָנדן קומען, איז מען לעצטנס אויך געוואָרן אַבי־סעלע אָפּגעקילט; ס'הייסט, מ'האָט עס, צווישן אַנדערן געגעבן אַנצוהערן אויך, ס'איז, אַזוי צו זאָגן, געווען אין אַלגעמיינעם טאָן פון די אינטער־נאַציאָנאַלע צווישן־באַציאונגען.

יאָ, דער אַדוואָקאַט וואָלפער, האָט זיך אַרויסגעוויזן, איז געווען פיל מער ניכטערער ווי ער, מיכלסאָן. ער האָט זיך מיטאַמאָל, אומגעריכט איינ־געקויפט אַ גרויסע פריינטשאַפט קודם כל טאַקע ביי טאַטיאַנאַ איסאַ־קאָוונאַ, איז דאָרט געוואָרן אַן אָפטער איינגייער און איז אַפילו עטלעכע מאָל איינגעלאַדן געוואָרן צו איר אין קליינעם, אינטימען סאַלאָן אויף טיי. אַן אויסגעקאָכטער אין האַנדלס־טריבונאַל, אין די אַלע געריכטן, ווו ער האָט אַ סך יאָרן געהאַט צו טון מיט אַלערליי, נישט גאַנץ כשרע, האַנדלס־מאַכינאַציעס, מיט אָפענע באַנקראָטן און מיט נישט קיין ריינע פאַמיליען־אָנגעלעגנהייטן, איז ער אין די ענינים פון געלט־פאָנד, בכלל פון געלט־ענינים, געווען, פאַרשטייט זיך, פיל מער געניט און באַהאַווענט, ווי מיכלסאָן. ער, מיכלסאָן, האָט גוט פאַרגעדענקט, וואָס טאַניע האָט אים דאָרט עטלעכע מאָל געלעגנטלעך אַ זאָג געטון:

— איר מוזט באַנעמען... עס האַנדלט זיך אין איצטיקן מאָמענט אין צוועקמעסיקייט... יעדער דאָלאַר מוז גיין מיט מיט אַ ציל...

דאָס האָט ער מערסטנס, דער אַדוואָקאַט, אויסגעפונען די אַלערליי דריידלעך ווי צו שאַפן די הילפס־פאָנדן, טאַקע דאָ אויפן אָרט, אין פּאַריז, ווו עס לעבן נישט ווייניק פאַרמעגלעכע יידן, וואָס זענען אין די פאַר נאָך־מלחמה־יאָרן געוואָרן; זיי גיבן, זיי האַלטן אין איין געבן, דער טייוול ווייסט פאַר וועמען זיי גיבן אַלץ, זיי זשאַלעווען נישט. ער האָט זי אָבער געוווסט ווו צוצוטרעפן, דער קלוגער טאַטיאַנאַ איסאַקאָוונאַ:

פאַרוואָס — האָט ער געטענהט — זאָל מען נאָר אַלעמאָל וואַרטן וואָס דער אַמעריקאַנער פעטער וועט געבן?... און וויפל איז דען בכלל דער שיעור צו געבן? מען ווערט אַמאָל מיד אויך...

דאָס גאַנצע האָט אויך עפּעס, אפשר נישט צופעליק, געשטימט מיטן אַמעריקאַנער מאַרשאַל־פּלאַן, וואָס איז גראָד אין יענע יאָרן אַזוי צעפויקט

געוואָרן דורך דער פּרעסע; דער מאַרשאַל־פּלאַן, וואָס האָט טאַקע צוגעזאָגט ברייטע הילף פאַר דער פאַראָרעמטער, אויסגעבלוטיקטער אייראָפּע, אָבער וואָס האָט געפאָדערט תּכלית, צוועקמעסיקייט און פאַרפּליכטונגען... זי האָט גאָר אָנגעקוואָלן פון דעם קלוגן אַדוואָקאַט.

— אַ שאָד — האָט זי אַפילו איינמאָל געלאָזן פאַלן — וואָס כ'האָב אייך נישט געקענט אַביסעלע פריער. איר פאַרמאָגט אין זיך עפּעס פונעם אַמעריקאַנער טעמפּעראַמענט פאַר שטרענגער פּראַקטישקייט...

וואָס שייך די הילפס־פאָנדן, וואָס די צוועקמעסיקייט האָט אָנגעזאָגט קודם כל די הילף פאַר ישראל, האָבן טאַקע די יידן אין דער ערשטער צייט געגעבן מיט אַ ברייטער האַנט. עס זענען געזאַמלט געוואָרן היפּש גרויסע סומעס. סאָסיעטעס און אינסטיטוציעס האָבן זיך ברייט באַשטייערט; יידן, וויניקער פאַרמעגלעכע, האָבן געגעבן. מ'האָט געשיקט צוויי אַוויאָנען, אַמ־בולאַנסן, עסנוואַרג, קליידונג. דאָס לאַנד דאָרט איז געשטאַנען אין סאַמע פלאַקער פון קאַמף. מ'האָט אויך געהערט פון געווער־טראַנספּאָרטן, אַוויאָ־נען, וואָס זענען דורך אַלע וועגן געקומען פאַרן קעמפנדיקן לאַנד פון די פאָלקס־דעמאָקראַטיעס, וווהין אַרבעטער־טוער פון ישראל זענען געקומען בעטן פריינטלעכע הילף. אָן אַ שיעור יונגע מענטשן זענען אַליין געפאָרן קעמפן פאַרן לאַנד. אָבער ווען מ'האָט שפּעטער גענומען פאָדערן אַ רעכע־נונג פון פאַרוועגדן די געלטער פון די פאָנדן, איז מיט איין מאָל שטיל געוואָרן. מיכלסאָן אַליין, וועלכער האָט געהאַט אַ נאָנטע שייכות צו די אַלע קאָאָרדיניר־ און הילפס־קאָמיטעטן, האָט זיך, אומפאַרשטענדלעך צוליב וואָס, שטאַרק דענערווירט:

— אַ רעכענונג אָפּצוגעבן האָבן מיר ווענען... און נישט אַ ליאַדע וועד זאָל קומען פאָדערן ביי אונדז אַ דין וחשבון...

די פאַרשטייער פון די פאַריזער פאָלקס־אינסטיטוציעס האָבן זיך אָבער געהאַלטן פעסט ביי זייערס:

— יאָ, אדרבא, מיר וועלן ווייטער פירן אונדזערע זאַמלונגען, אָבער שיקן וועלן מיר זיי דירעקט קיין ישראל און זען אויף וואָס זיי ווערן פאַר־וועגדעט אויפן אָרט.

מ'האָט זיך געגעבן אַרומגעקריגט און ס'האָט זיך טאַקע סוף כל סוף אַרויסגעוויזן, אַז די געלטער זענען ערגעץ, אויף אַן אומקלאָרן אופן, אַוועק, אַריינגעפלאָסן אין גרויסע, אַלגעמיינע, קהלשע ציוניסטישע שיסלען.

ער איז געווען אויפגערעגט, אויסער־זיך, מיכלסאָן. ער האָט זיך ממש געפילט פערזענלעך באַליידיקט. פאַר אים, פאַרן יונגערמאַן, וואָס איז

אַמאָל געקומען פון „יענע“ רייען, פאַר אַוורעמעלען, האָט ער גערעדט גאַנץ אָפן, פול מיט פאַרדרוס:

— ס'איז טרויעריק, מיין פריינט, מודה צו זיין, נאָר אין אונדזער יידישן פאַריז הערט מען זיך צו צו די רייד פון יענע לייט, מער ווי צו בן־גוריונען... אַזוי באַקומט זיך... ס'איז נאַטירלעך, אַ שיינער וויץ... — האָט ער זיך באַלד צוריקגעכאַפּט און אונטערגעהוסטלט אין די שיטערע וואָנסן אַריין — אָבער אין די אַלע וויצן, פאַרשטייט איר מיך...

— פריינט מיכלסאָן — האָט דער פלוטעוואַטער אַוורעמעלע זיך גע־קאָכט — צי פאַרשטייט איר דען אַליין נישט, אַז זיי בויען אַלץ אויף שווינדל... מען דאַרף די לייט פשוט דעמאַסקירן אַלס נאַציאָנאַל־פיינטלעכע יידן... אַלס אַנטי־יידן, אַז מען וויל... פאַרלאָזט אייך אויף מיר...

— אָבער... זיי טוען דאָך פאַרט פאַרן ישוב... אָט איז זייערס אַ מענטש אַרויסגעפאָרן אין די פאָלקס־דעמאָקראַטיעס, אָרגאַניזירט געוווער־טראַנס־פּאָרטן... שוין נישט רעדנדיק, וואָס אין דער „אָנו“... וואָס זייערס אַ מענטש האָט אונטערגעשטיצט...

— אין די אינטערעסן פון ווּעמען, פרעג איך? — איז דער יונגערמאַן געוואָרן היסטעריש — אַז מען וועט דאַרפן, וועלן זיי זיך מאָרגן גאַנץ שיין אויסדרייען קעגן אונדז... מ'האָט שוין אַזוינס אויך געזען...

# 2

מסתמא דערפֿאַר אויך איז דער געעלטערטער ייד אין יענעם געוויינלעכן, וואָכעדיקן נאָכמיטאָג געווען אַזוי אָנגענעם־צערודערט, ממש יוגנטלעך־אויפגעלייגט. ס'איז געווען אַלץ פֿאַראַמאָל. וועגן דעם אויסערגעוויינלעכן רעציטאַל־אָוונט פֿון דער אַמאָל זייער באַרימטער רעווי־זינגערין, איזאַ קריגעל, האָט מיכלסאָן פֿריער אַליין באַצייטנס צווויסן־געגעבן דורכן טעלעפֿאָן; נישט דירעקט טאַטיאַנאַ איסאַקאָוונאַ אַליין. צי האָט ער דען נישט געוווסט ווו זי צו אָפּצורופֿן? אָבער ער האָט נאָך אַלץ עפּעס נישט געוואַגט. איזאַ קריגעל איז געווען פֿאַר דער ייִדיש־רוסישער עמיגראַציע דאָס, וואָס ווערטינסקי, דער ווייט־באַקאַנטער סענטימענטאַלער זינגער, פֿאַנטאַזיסט און שאַנסאָניער, איז, למשל, געווען פֿאַר דער רוסישער עמיגראַציע אין גלות. ער האָט פֿריער אָנגעקלונגען צו טאַטיאַנאַ איסאַקאָוונאַס פּריוואַט־סעקרעטאַרין, צו סאָפֿיאַ דאַווידאָוונאַ. די סאָפֿיאַ דאַווידאָוונאַ איז ווידער געווען נישט בלויז סעקרעטאַרין, נאָר טאַקע אַ גאָר נאָנטער, אייגענער מענטש, אויסגעקאָכט אין די אַלע אינסטיטוציעס.

ס'איז דאָס מאָל געווען אַ סך וואַרעמע ציטערניש אין מיכלסאָנס געווינלעך פֿאַרבלאָזער שטימע. ער האָט אויך אָנגעזאָגט, אַז מ'האָט אים ספּעציעל צוגעשיקט בילעטן צו דעם קאָנצערט און ס'וואָלט באמת געווען זייער אַ גרויסער שאָד דורכצולאָזן אַזאַ געלעגנהייט.

— ס'איז אַ באַזונדערס־אויסנעמלעכע געלעגנהייט צו דערמאָנען זיך אין יענע ראָמאַנטישע יאָרן אונדזערע... — האָט זיך געקייקלט זיין שיטער געלעכטער אין טרייבל — אַז מיר זענען אַמאָל יונג געווען... כאָטש, צוריקגערעדט... וואָס זענען מיר דען, זקנים, וואָס?

— זייער אָנגענעם, פּריינט מיכלסאָן — האָט די סאָפֿיאַ דאַווידאָוונאַ, מיטן אַריסטאָקראַטישן גוידערל, געמאַכט חנדלעך אויף יענער זייט דראָט,

אין דעם געוויינלעכן, וואָכעדיקן נאָכמיטאָג, ווען מיכלסאָן האָט איר אַזוי אומגעריכט אָפּגערופן דורכן טעלעפאָן — נישט בלויז מירן קומען, נאָר מיר וועלן אויך זען אומבאַדינגט מיטצונעמען אונדזער טאַניען... פאַרשטייט זיך... ווי דען אַנדערש? כאָטש מיר זענען גראָד פאַרבעטן צו נאַדיענקען... איר ווייסט... ניין, זי וועט נישט אָפּזאָגן... אַזאַ געלעגנהייט... באָזשע מאָי...

דאָ האָט זי געוווסט ווו אים אָנצורירן ביים שוואַכן פונקט. זי האָט דען נישט צוגעזען וואָס אים קוועטשט? זי אַליין האָט אָבער זייער ליב געהאט צו פאָרען זיך ביי אַזעלכע מיני פייערלעכע געלעגנהייטן. נאָך אַלעמען, איז זי אין די קרייזן געווען אַ מין אָרעמע, יחוסדיקע קרובה, האָט זיך לאַנגע יאָרן געוואַלגערט ווי אַ באַשיידענע סעקרעטאַרין, אָדער איבערזעצערין אין די פאַרשידענע יידישע הילפס־אינסטיטוציעס פון 16־טן אַראָנדיסמאַן, אויף גראָשנדיקע לוינען.

אַליין האָט זי געשטאַמט פון עפּעס אַ מיטעלער רוסישער שטאָט. זי איז אַריבערגעקומען אַהער מיט יענעם שטראָם רוסישע עמיגראַנטן אין די הייסע רעוואָלוציע־יאָרן. מיטן מאַן, אַן אינזשיניער און אַ שיכור, האָט זי אייביק געהאַט אַ געטועניש, איז זיך דאָ מיט אים ענדלעך פונאַנדער־געגאַנגען און די לעצטע יאָרן געלעבט כמעט עלנט און צוריקגעצויגן. זי האָט זיך אָבער געפילט ווי אין דער היים צווישן דער רוסיש־רעדנדיקער יידישער אינטעליגענץ אין די אַלע אינסטיטוציעס. זי האָט געוווסט נישט ווייניק אינטימע און געזעלשאַפטלעכע סודות און פליאָטקעס וועגן דעם און וועגן יענעם פון הינטער די פעסטע, דעמבענע טירן. זי איז אָפט אויך גע־ווען איינגעלאַדן אויף טיי אין די דאָזיקע הייזער פון 16־טן אַראָנדיסמאַן, ווו מען איז זיך צוזאַמענגעקומען מיט געוועזענע צאַרישע גובערנאַטאָרן, פּאָלקאָווניקעס, דיפּלאָמאַטן, זשורנאַליסטן און אָפּגעפּאָרענע אַקטריסעס פון רוסישן קייזערלעכן טעאַטער. מיט איר האָט מען דורכגעפירט אַלערליי זייטיקע, אומדירעקטע שליחותן. סאָפיאַ דאַווידאָוונאַ איז געווען מיט אַלע־מען גוט, אַלעמען האָט זי ברייט אַנטקעגנגעטראָגן זיין אַלט־אָפּגעבליאַקע־וועטן, געהויבענעם טיטל און מען פלעגט מיט אַ סך באַדויערן זאָגן וועגן איר אין אָט די אַלע הייזער און אין די אינסטיטוציעס:

— סאָפיאַ דאַווידאָוונאַ?... באָזשע מאָי... אַ רוסישע נשמה מיט אַ יידישער ראָזשינקע... אַ שאָד נאָר, וואָס אַזאַ טיף־אינטעליגענטער מענטש „סטראַדאַיעט" נעבעך אָפּ איר גאַנץ לעבן עלנט ווי אַ שטיין... און צוליב וועמען, כ'בעט אייך? צוליב עפּעס אַ „באָסיאַק"...

צו דער שכלדיק־מאַנסבילשער און פאַרכאַפּנדיק־רעפּרעזענטאַטיווער טאַטיאַנאַ איסאַקאָוונאַ האָט זי זיך אומגעריכט שטאַרק צוגעבונדן. מ'האָט

לעצטנס רעדוצירט, מ׳האָט געהאַלטן אין איין רעדוצירן דעם איבעריקן פּערסאָנאַל אין די אַלע אינסטיטוציעס. לאַנגע חדשים, ווי מ׳האָט נישט געהערט די זייער קנאַפּע לוינען, אין דער צייט, ווען דער יקרות איז געוואַקסן, די לעבנס־מיטל זענען פון טאָג צו טאָג טייערער געוואָרן. אין איניקע אינסטיטוציעס איז אַפּילו געקומען צו שטורמישע פאַרזאַמלונגען פון די ביוראָ־אָנגעשטעלטע, צו שטרייקן. אָבער איר האָט טאַטיאַנאַ איסאַ־קאָוונאַ אומגעריכט פאַרגיטיקט, קיינער זאָל נישט וויסן און נישט באַמערקן. זי האָט איר אומגעריכט אַרויסגעוויזן אַ סך וואַרעמען מיטלייד. זי האָט איר פאַרבעטן צו זיך אויף טיי אין איר קליינער וווינונג, ערגעץ אַרום שאַנז־עליזיי, איר באַוויזן די רייכע גאַרדעראָבע אירע און ממש איינגע־בעטן זיך ביי איר:

— סאָפיאַ דאַווידאָוונאַ, אָט דאָס זשאָקעטן קלייד מיט די שפּיצעלעך וועט, אויף מיין וואָרט, ליגן אויף אייך ווי אויסגעגאָסן... מיך ווערט עס צו־ענג... — און זי האָט טרויעריק געשמייכלט — מען ווערט, צום באַ־דויערן, דיקלעכער... די יאָרן... מען קען נישט אַלעמאָל באַהאַלטן... ביין...

יענע האָט גאָרנישט געוואָלט אַזויפיל נעמען. ס׳איז שוין באמת געווען איבער דער טבע. נאָר טאַטיאַנאַ איסאַקאָוונאַ איז נישט אָפּגעשטאַנען:

— די שיך מיט די הויכע קנאַפּל דריקן מיר אָפּ די פינגער... ביי אייך, סאָניטשקאַ, איז אַ קלענערער פוס ווי ביי מיר, אַ מער זגראַבנער...

זי איז אַלעמאָל אַוועק פון דאָרט מיט אַ פּעקל זאַכן אונטערן אָרעם. טאַניע האָט עס איר כמעט ווי אַריינגעשטופּט אין האַנט אַריין.

ווי האָט זי דען דעריבער געקענט אָפּזאָגן אַזאַ מין געלעגנהייט? און סאָפיאַ דאַווידאָוונאַ האָט זיך שוין מיט אַ פּאָר טעג פריער באַצייטנס גענומען גרייטן צו אָט דעם פייערלעכן רעציטאַל־אָוונט. צו דער פרוי אין די מיטעלע איבערגאַנג־יאָרן איז אַפּילו צוריקגעקומען עפּעס אַזאַ פלינקע, יוגנטלעכע פלייסיקייט — ווען נישט דער שיינער, גרויער קאָפּ אירער אונטערן דינעם טיכל, קונציק געטורעמט, איר אַריסטאָקראַטיש גוידערל. דער אומגעריכ־טער טעלעפאָן פון אַזאַ אָנגעזעענעם כלל־טוער פון די אַלע אינסטיטוציעס, ווי מיכלסאָן, האָט אַ ביסל צערודערט דער עלטער פרוי, וואָס האָט געוויינ־לעך געלעבט צוריקגעצויגן.

נאָך פאַר דער באַשטימטער שעה האָט זיך דער קליינער זאַל, כמעט אָן גערויש, אָנגעפילט. דאָס איז געווען עפּעס אַ זאַל אין איינעם אַן אַלטן, אַריסטאָקראַטישן פּערטל פון 16־טן אַראָנדיסמאַן, ווו עס זענען אַמאָל אַוודאי געגעבן געוואָרן קאַמעראַל־פאָרשטעלונגען און קלאַסישע מוזיק־קאָנצערטן. טיף־רויטער פּליוש, מאַסיווע פּאָטעלן און לאָזשעס, באַגילדטע, אָפּגעקראַ־

כענע גאָבעלינען מיט סצענעס פון שטייפע הערן אין פּאַרוקן און דאַמען אין קרינאָלינעס, נידעריקע, געשניצטע זיילן, וואָס האָבן אונטערגעהאַלטן דעם אַמפיטעאַטער, אַ קורטינע מיט לאַמפּאַסן און זייד־שנורן, געדעמפּט ליכט פון אַלטע לאַמפּאַדעס. כמעט בלויז גרויע קעפּ האָבן אָנגעפילט די טיפע פאָטעלן און די לאָזשעס. מען האָט באַצייטנס אָנגעשטעלט די לאָר־ניאָנען און די בינאָקלען; מ׳האָט זיך דערקענט, מ׳האָט זיך שטום געגריסט מיט אַ טיפן נייגן, מיטן טויטן שמייכל און בליאַסק פון פרעמדע ציינער.

כמעט יעדן פון זיי איז נאָך אַוודאי געלעגן אין טעם אַן אַנדערער — ווערטינסקי, דער ווייט־ און ברייט־באַרימטער רוסישער זינגער־וואַנדערער, באַהעם אין שאַנסאָניער. זיי האָבן אים אַמאָל באַגעגנט אין די קאָכיקע הויפּט־שטעט פון אַלע דורכגעוואַנדערטע גלות־לענדער. פון אים אַליין האָט שוין דעמאָלט אַרויסגעזונגען דער גלות. ער האָט געזונגען טראַגיש, און זיס, און לאַבוזעוואַטע, און הערלאיש און סענטימענטאַל וועגן אַ ווייטער, אונ־טערגעגאַנגענער וועלט, וואָס איז נישטאָ מער, וואָס וועט שוין מער קיינמאָל נישט זיין, וואָס איז אָן שום ספק שיין און נאַריש געווען אין דער ווייטער יוגנט און מ׳האָט עס גאָר אַליין נישט געוווסט. ער איז דערשינען אויף די אינטימע קאַמעראַל־בינעס ווי אַ פּאַיאַץ, ווי אַ סערענאַדע־זינגער, ווי אַן אָפּגעלעבטער, שיכורלעכער באַהעם, ווי אַ קליין־שטעטלדיקער דאָן־זשואַן; און דאָס, וואָס זיין נידעריקע האַלדז־שטימע האָט נישט געקענט אַרויס־ברענגען, האָט ער זייער שיין פאַרענדיקט אין זשעסטן, אין רעציטאַטיוו, מיט אַ סודותדיקער ליפּן־שעפּטשעריי, מיט אַ טראַגיש לבנה־קול:

ווו זענט איר איצט?
ווער קושט אייערע פינגער?...

די דאָזיקע מעלאַנכאָליש־זיסע מעלאָדיע, וואָס האָט אויפגעוועקט אַלטע, פאַרגעסענע בענקשאַפטן, האָט, דוכט זיך, אויך איצט מיטאַמאָל אַ שוועב געטון איבערן קליינעם, פרעמדן, ענג־אָנגעפילטן זאַל אין ראָקאָקאָ־סטיל, ווען די געעלטערטע יידיש־רוסישע זינגערין האָט זיך באַוויזן אויף דער נידעריקער בינע. זי איז כמעט געווען איינגעטונקט אין בלומען. אַ סך האָבן זי גוט פאַרגעדענקט נאָך פון אַמאָל. יאָ, מ׳האָט זי, דעם אמת געזאָגט, שווערלעך דערקענט. אויף דער הילכיקער פּאַטשעריי, האָט זי קוים פאַר־נייגט איר לופטיק־אָנדולירטן קאָפּ.

ביז צו דער לעצטער מינוט האָבן זיי דערוואַרט טאַטיאַנאַ איסאַקאָוונאַ אין דער טיפער לאָזשע. ביי מיכלסאָנען איז געווען אַ פּלאַם אויף זיין שטרענג־אויסגעהאַלטן קין. ער האָט זיך אין מיטן דער גאַנצער פייערלעכקייט

דערפילט מיטאַמאָל לעכערלעך, ייִנגלעריש, נאַריש און אַלט; און אויך סאָפּיאַ דאַווידאָוונאַ האָט זיך מיטאַמאָל עפּעס געפונען אומבאַקוועם אין איר באַ־שיידן־דעקאָלטירט קלייד מיט די שיינע אַרבל־שפּיצעלעך. זי האָט זיך גע־האַלטן אין איין אַרומקוקן. ס'האָט איר צופיל שטיף געמאַכט. ווען די גע־דעמפּטע ליכטער פון די לאַמפּאַדעס אין קליינעם זאַל זענען שוין געווען אויסגעלאָשן, איז זי אומגעריכט דערשינען, טאַטיאַנאַ איסאַקאָוונאַ. זי איז געווען אין איר סאַמע פייערלעכסטן טראַכט, האָט שיין געשמייכלט און האָט זיך עפּעס צופיל פאַרענטפערט. ס'האָט אָנגעווייעט צוזאַמען מיט איר אַ פרישקייט פון פּראַסטיקן דרויסן און אַן אומבאַשטימטער, דינער אַראָמאַט.

ס'איז באמת נישט געווען דער מאָמענט אויסצוטוישן כאָטש אַ פּאָר וואַרעמע באַגריסונג־ווערטער. מיכלסאָן האָט נאָר, העכסט־קאַוואַלעריש, געמאַכט פּלאַץ פאַר איר און איז צוריק פאַרזונקען געוואָרן אין ווייכן פאָטעל.

אַלץ איז שוין געווען קאָנצענטרירט צו דער אויפגעהויבענער קור־טינע. פון דער נידעריקער בינע, איינגעטונקט אין קוישן לעבעדיקע בלו־מען, אין ראָזן און אין בלוילעכן ליכט, ווו די געעלטערטע זינגערין האָט ווי אָנגעפלאַטערט, זענען צוערשט געקומען די געדעמפּטע פּיאַנע־טענער פון אַ האַלב־פאַרגעסענעם קופּלעט; דערנאָך — אַ הייזעריקלעך לאַכן, די קאַסטאַניעטן, וואָס האָבן פּינקטלעך אימיטירט דאָס ווייטע גלעקלען פון אַ רוסישער „טראָיקע“ אין אַ שנייאיקער לבנה־נאַכט, דאָס פאַרשייטע לאַכן פון עפּעס אַ יונג, נאַריש מיידל, וואָס שאָקלט אַלץ מיטן קאָפּ אויף: „ניין, ניין“...

קיינער אין ענג־אָנגעפילטן זאַל האָט מער נישט דערכאַפּט, ווי די שטים פון דער געעלטערטער זינגערין ברעכט זיך לייכט, שפּרינגט קוים אַריבער די דינע איבערגאַנגען און ניואַנסן און ראַטעוועט זיך ממש, אָפּט און שווערלעך, מיט זשעסטן פון אירע צו־מאָגערע הענט, געוויקלט אין שוועבנדיקע טיולן.

ערשט דערנאָך, ווען די קורטינע האָט לאַנגזאַם גענומען פאַלן, האָט אויסגעבראָכן די האַנט־פּאַטשעריי. עטלעכע מאָל האָבן זיך ביידע העלפטן פון דער קורטינע לאַנגזאַם פאַרהויבן און די געעלטערטע זינגערין איז ווידער אָנגעשווומען. זי האָט אַלץ געבויגט מיטן לופטיק־אָנדולירטן קאָפּ און אירע פאַלשע, טויטלעכע ציינער האָבן לאַנג און בלאָס געשמייכלט צום זאַל גרויע קעפּ. דאָס דיסקרעטע ליכט אין די לאַמפּאַדעס האָט זיך נישט באַלד אָנגעצונדן.

און די צעקנייטשטע אַלטיטשקע, אויסגעסטראָיעט אין קאַראַקול, ביי דער זייט פון מיכלסאָנען, האָט אַלץ געווישט מיטן טיכעלע די אויגן. זי האָט רירנדיק געשעפּטשעט מיט איר אַלט, איינגעפאַלן מויל:

„ספּאַסיבאָ, אירינאַ — האָט זי געשעפּטשעט — ספּאַסיבאָ"...

אָבער נאָך איידער די פויזע איז געווען פאַרענדיקט, האָט זיך טאַטיאַנאַ איסאַקאָוונאַ אויפגעשטעלט, שטאַרק אַנטשולדיקט זיך, שמייכלענדיק און באַשעפּטיקט, קורץ אָפּגעזעגנט זיך, און האָט זייביידן, מיכלסאָנען מיט דער סאָפיאַ דאַווידאָוונאַ, דאָרט געלאָזן אַליין, פאַרזונקען אין דער טיפער לאָזשע.

ס'איז געשען אַזוי פּלוצים, אַז זיי האָבן אַפילו קיין צייט נישט געהאַט צו דערוווּנדערן. טאַטיאַנאַ איסאַקאָוונאַ האָט אויך געלאָזן נאָך זיך, אַוועק־פלאַטערנדיק, דעם אומבאַקאַנטן, איידעלן אַראָמאַט. מיכלסאָן האָט זיך לאַנג דערנאָך געווישט די ברילן מיטן טיכעלע און די בלענדיקייט פאַר די אויגן איז אים גאָרנישט אַוועק...

# 3

וועגן דעם דירעקטאָר פֿון פּראָפֿעסיאָנעלער אויסבילדונג ביים וויכטיקן יידישן פּראָדוקטיוויזאַציע־אַמט, וועגן גריגאָרי ביילִיסן, האָט דער דורכגעטריבענער פוקס, לעוו נאַאומאָוויטש, וואָס אַליין האָט ער זיך אָקופּאַציע־צייט גאַנץ שיין אויסבאַהאַלטן ערגעץ אין דער שווייץ, דאָ נישט לאַנג געהאַט אויסגעדריקט זיך מיט זיין לאַנגזאַמער, געניטער בייסיקייט:

— געווען אַ מלמד און פֿאַרבליבן אַ מלמד... אַ לערערל פֿון פֿאָרמולעס און לאָגאַריטמען... צי איז ער דען דערוואַקסן צו דעם וויכטיקן אַמט, וועלכן ער פֿאַרנעמט ביי איינך אין פּאַריז?...

אָבער אין דער אמתן איז קיין מער פּאַסיקערן אויף זיין געביט גאָר שווער געווען אויסצומאָלן זיך. זיינע מעלות זענען געווען נישט אָפּצושאַצן. דער אַלטער האָט קודם כל זייער אויסגענומען מיט זיין הדרת־פּנימדיקער באַיאָרטקייט — אַ פּעדאַנטיש־ריינלעכער, מיט אַ דין־זילבערדיקן, קליינעם, ראָזן שאַרבן. יעדן טאָג, פּינקטלעך 9 אינדערפרי, איז ער שוין געזעסן אין שטרענג־אויסגעווייסטן, רחבותדיקן צימער פֿון זיין ביוראָ און געגראַבלט זיך מיט שטאַרק־קורצזיכטיקע אויגן איבער די באַריכטן; איבערגעטריבענע באַריכטן, נאַטירלעך, מיט אָנגעשוואָלענע ציפֿערן וועגן אויסגעטיילטער הילף דורך מאַשינען, וועגן פּראָפֿעסיאָנעלער אויסבילדונג, וועגן דער פֿאַרצווייגטער אַרבעט אין די פֿערמעס, וואָס זענען מיט יאָרן צוריק איינמאָל געהאַט איינגעקויפֿט געוואָרן, ערגעץ אין דער נאָרמאַנדי, צו לערנען יידן די מלאכה פֿון ערד־אַרבעט. די דאָזיקע באַריכטן און ציפֿערן האָבן מערסטנס געהערט צום פֿלינקן יונגערמאַן, דעם אָגראָנאָם כרמלי, וואָס אַליין האָט ער אין די פֿערמעס קיינמאָל אַפילו נישט אַריינגעשמעקט. ס'איז דאָרט איצט געווען אַ פֿולשטענדיק־פֿאַרוואָרלאָזטע ווירטשאַפֿט, אַ האַלב־צעטראָגענע באַלעבאַטישקייט, אָן הכשרה, ווו עטלעכע יוגנטלעכע האָבן זיך גע־

גרייט צו פֿאָרן אין עפּעס אַ קיבוץ אַריין. און דער אַלטער האָט טאַקע אַלץ געגומען טויט־ערנסט, אויפֿן פּונקט. דורך זיין סעקרעטאַרין, האָט ער עט־לעכע מאָל אין טאָג געלאָזן רופֿן צו זיך דעם יוגנטערמאַן, וואָס אַפילו אין זיין פֿראַנצויזיש האָט זיך שטאַרק געלאָזן פֿילן דער האַרטער, ליטווישער דיאַלעקט.

— פּרינץ כרמלי — האָט דער ראָזער, אויסגעגאָלטער זקן מיט די קורצזיכטיקע אויגן געקוקט אין די בלעטלעך אַריין און געטייטלט מיט אַ בלאָסן, דאַרן פֿינגער — אָטאָ די פּאָזיציע, דוכט זיך מיר, וואָלט געמעגט זיין אַ ביסעלע מער דייטלעכער אונטערגעשטראָכן, כ'מיין פּרעציזער... יאָ, מיר וואַקסן — האָט ער זיך צופֿרידן געריבן די הענט — מיר ברייטערן אויס אונדזער טעטיקייט...

אויך די אויפֿזעער פֿון די עטלעכע שולן, פֿון די וואַרשטאַטן, פֿון די מאַשין־רעפּאַראַציע־אָפּטיילונגען האָבן זיך קנאַפּ וואָס צוגעהערט צום אַלטן דירעקטאָרס אָנווייזונגען. אַלץ איז דאָרט נאָר געווען לפֿנים וועגן. ס'איז דאָרט אין דער אמתן געווען לעצטנס אַ שיף אָן אַ רודער. דער באָדן אונטער די פֿיס האָט זיך געגומען וואַקלען, זינט ווען קיין פֿרישע עמיגראַנטן פֿון די לאַגערן האָבן זיך מער נישט באַוויזן און די אַלטע זענען זיך ביסלעכווייז פֿונאַנדערגעפֿאָרן אין דער וועלט אַריין.

אינעם הויז ביי גריגאָרי בייליסן, אין 16־טן אַראָנדיסמאָן, וואָס איז ברייט געפּירט געוואָרן דורך דער הויכער, מאַגנסבילשער יידענע זיינער, בעלאַ אַבראַמאָווגאַ, אפֿשר מיט אַ קאָפּ העכער פֿון מאַן אירן, האָט מען יעדן אָוונט געשטעלט דעם אַלטן, אייביק־בלישטשענדיקן טולער סאַמאָוואַר און פּריינט זענען אָפּט צונויפֿגעקומען זיך אויף פּיש, אויף בלינעס, אויף טיי מיט וואַרעניע, פּונקט ווי אין דער ווייטער היים, אין די אַלטע, גוטע צייטן, ווינטער־צייט, ערגעץ אין טיף־פּאַרשנייטן ווייסרוסלאַנד, פֿאַלאַצקער אויזער. כמעט אַלע חשובע געסט, וואָס זענען אַהער אַראָפּגעקומען פֿון אויסלאַנד, האָבן ביי גריגאָרי בייליסן אומבאַדינגט געמוזט פֿאַרברענגען כאָטש איין אָוונט.

— לעוו נאַאומאָוויטש, נאַכוואָס וואַלגערן זיך ערגעץ אין די האָטעלן און עסן אין די רעסטאָראַנען? — האָט די מאַסיווע בעלאַ אַבראַמאָווגאַ, אַ פּולע, אַ צערויטלטע פֿון פֿאָרען זיך נאָכאַנאַנדער אין דער קיך, גלייך אין ערשטן אָוונט געמאָלדן דעם אָפּטן גאַסט פֿון אַמעריקע, דעם שליח פֿון הילפֿס־צענטער, וועלכער איז אַלע פֿאָר וואָכן געפֿלויגן הין און צוריק מיט די אַוויאָנען — ביי אונדז, לעוו נאַאומאָוויטש, איז גרייט פֿאַר אייך אַ צימער און אַן אָרט ביי אונדזער טיש...

ביים אַלטן ביילינסן האָבן זיך דערביי געריוטלט די בעקלעך, ווי ביים „פּער נאָעל", וואָס באַווייזט זיך אין קריסטלעכן ניי־יאָר, פּונקט ווי אליהו הנביא, להבדיל, פּסח צום סדר, און ברענגט אָן דורכן קוימען שיינע מתנות און סיורפּריזן פאַרן קליינוואַרג...

— ס׳וועט זיין... ס׳וועט זיין... — האָט ער, נאָכן ווייב, צוגעטאָקעוועט — אַ גאַסט אין הויז... — האָט ער אונטערגעפּאָנפעט אין די מילך־ווייסע, שטעכיק־צוגעשווירענע וואָנסן אַריין — ווי זאָגט מען עס...

קומען צו די ביילינסעס אין הויז אַריין האָט מען גאָרנישט באַדאַרפט פריער אָנמעלדן זיך, טעלעפאָנירן, שרייבן בריוו, וכדומה, ווי ס׳פירט זיך אין פּאַריז. „זאַידו", ווי די רוסן זאָגן, כ׳וועל, הייסט עס, אַריינפאַלן, אַריינכאַפּן זיך. דער אַדוואָקאַט וואָלפער, אַ שטרענגער, אַ געפערלעכער טיי־טרינקער, איז לעצטנס אָפט געקומען, מיכלסאָן האָט זיך אומגעריכט שטיל אַריינגעכאַפּט; דאַנציקער האָט אַלעמאָל אָנגעברענגט מיט זיך אַ ווינט און אַ טומל מיט די געפערלעכע נייעסן. טאַטיאַנאַ איסאַקאָוונאַ האָט דאָרט פאַר־שמעקט די צימערן מיטן דינעם, אומבאַשטימטן אַראָמאַט, וואָס האָט זיך געטראָגן פון יעדן שאַרף און פאַלד פון אירע געווינלעכע, אָבער שטאַרק־אָנציִענדיקע קליידער. זי האָט פאַרשיינט דאָס אָוונטיקע צימער מיט אירע באַשיידענע טואַלעטן, מיט איר אָנדולירטער, הויך־פאַרקאַמטער פריזור. צי האָט זי זיך דען נישט מחיה געווען מיט די היימישע רוסישע מענטשן, וועלכע זי האָט דאָ אומגעריכט געפונען אין פּאַריז, אין 16־טן אַראָנדיס־מאָן?

אַ סך וויכטיקע געסט האָבן זיך דאָ לעצטנס באַוויזן צו דער אָוונט־טיי, אויפן וועג קיין ישראל. כמעט יעדן אָוונט איז דאָרט געווען רוישיק און היימלעך. ס׳איז איצט געוואָרן שטאַרק אין דער מאָדע אַריבערצוכאַפּן זיך אַביסל אָנקוקן די יידישע מדינה. פון די ווייטסטע לענדער זענען יידן גע־פאָרן. נישט דווקא זשורנאַליסטן, שרייבערס, טוערס, מאַכערס. מילא, דאָס אַלץ איז נאָך געווען נאַטירלעך. אָבער — אָט די ווייטלעכע און אָפּגע־פרעמדטע יידן; יידן, וועגן וועלכע מ׳האָט שוין אין אַמעריקע גופא נישט אַזוי געדענקט, אַז זיי האָבן עפּעס גאָר אַמאָל דווקא אַ שייכות געהאַט מיטן יידנטום; ווי אַ שטייגער אָט דער קילער, דורכגעטריבענער דייווי מאָרגען, מיט וועלכן ס׳האָט געקאָכט אַ וועלט סיי אין די אַמעריקאַנער הויכע הילפס־קאָמיטעטן, סיי אין די אַלגעמיינע קרייזן פון ריזיק־פאַר־צווייגטן באָדל־פאַך אין ניו־יאָרק.

מ׳האָט דערציילט וועגן אים, אַז ער איז אַמאָל געווען אַ פּשוט יידיש שניידער־יינגל, ווען ער איז מיט לאַנגע יאָרן צוריק איינמאָל געהאַט אַרי־בערגעקומען פון עפּעס אַ שטעטל אין ווייסרוסלאַנד. פאַר זיינע וויכטיקע

יידישע הילפס־פאָנד־צוועקן האָט זיי לעוו נאַאומאָוויטש דאָרט אויפגע־
זוכט ממש פון אונטער דער ערד, אָט די ווייטלעכע, אָפּגעפרעמדטע יידן
— אין די הויכע פינאַנץ־קרייזן פון וואָל־סטריט, אין די קרייזן פון גרויס־
אינדוסטריעלער און באַנקירן, אין די געלע סינדיקאַטן און אַפילו אין אַמע־
ריקאַנער קאָנגרעס אַליין, האָט מען געשמועסט. זיי האָבן ביי אים, קיין
עין־הרע, פיגורירט אין די לאַנגע ליסטעס פון די ערן־קאָמיטעטן אויף
אַ ליאַדע נישטיקן פירמע־בלאַנק פון דער געזעלשאַפט. דאָס האָט אָן שום
ספק געוועקט חשיבות. ער האָט ביי זיי אויך אַרויסגעקריגן אַ פּאָר וואַרעמע
ווערטער וועגן דער וויכטיקייט פון פּראָדוקטיוויזאַציע צווישן יידן און אויף
דעם חשבון האָט די אייגנאַרטיקע, שטאַרק־קאָמפּליצירטע, יערלעכע פי־
לאַנטראָפּישע הילפס־פאָנד־מאַשין אין אַמעריקע זייער גוט און פּינקטלעך
געקלאַפּט; געבוי ווי דאָ, אין פראַנקרייך, האָבן די דאָזיקע פלינקע לייט,
דורך אַלערליי הויכע פּראָטעקציעס צווישן די פראַנצויזישע קאָנסיסטאָריע־
יידן, פאַרבעטן סאָציאַליסטישע מיניסטאָרן פון ווייטער יידישער אָפּשטאַ־
מונג, אָדער אַ ראַדיקאַל, צי אַפילו אַ גאָליסט, אַבי מיט זיין מפורסמען
נאָמען האָט מען נאָר געקענט באַשיינען די אויסערגעוויינלעכע אויפטוען
פון אַ קליינעם פאַך־קורס פאַר עטלעכע יידישע יוגנטלעכע. מ'האָט עס גאַנץ
גוט געוווסט, אַז די גאַנצע בידנע אונטערנעמונג שלינגט דערביי איין
מיליאָנען פון אַ ריזיקן ביוראָקראַטישן אַפּאַראַט, וואָס שטייט הינטער זיי.

מיטן אַנטשטיין פון דער ישראל־מדינה, האָט זיך ממש פלוצים געעפנט
אַ נייער קוואַל פון וויכטיקע טעטיקייטן פאַר די אינסטיטוציעס פון דעם
שניט; זיי האָבן שוין, אייגנטלעך, לאַנג מער נישט געהאַט וואָס צו טון,
קיין שום עקזיסטענץ־באַרעכטיקונג האָבן זיי מער נישט געהאַט צווישן
יידן; ווייל אַזוי לאַנג ווי דורך פאַריז איז אין די פאָר נאָך־מלחמה־יאָרן
געפלאָסן דער גרויער שטראָם יידישע עמיגראַנטן, פון וועלכע אַ קליינער
טייל בלויז האָט זיך דאָ אָפּגעזעצט; ווי לאַנג ס'איז געווען אַ גוטער תירוץ
פון צייט צו צייט אויפצומאַכן אַ נייעם קורס דאָרט פאַר הוטן־פוצעריי,
אָדער מעכאַניק, אַן אָפּטייל פאַר אויסטיילן אויף קרעדיטן אַלטע ניי־
מאַשינען פאַר רואינירטע אין פאַראָרעמטע יידישע באַלמעלאָכעס, איז נאָך
אַלץ גוט געגאַנגען. ס'איז געווען אַרום וואָס צו טומלען זיך, אַרויסלאָזן
אילוסטרירטע ביולעטינען מיט ציפערן און דיאַגראַמעס אין פאַרשידענע
שפּראַכן און איינהאַלטן די גרויסע, ביוראָקראַטישע מאַשין. אין דער היינ־
זיכט איז אָבער די לעצטע פאָר יאָר פאָרגעקומען אַ סטאַביליזאַציע. זיי
האָבן דאָרט ממש אויסגעקוקט מיט ליכט אַ יונגערמאַן, וואָס זאָל קומען
פאַרשרייבן זיך אויף אַ קורס.

מיטן טומל אַרום אַנטשטיין פון דער יידישער מדינה, מיטן אָנפליסן

אַהין פונעם שטראָם עולים פון די לאַגערן, האָבן זיי ווידער אויפגעלעבט. קודם כל האָט זיך לעוו נאַאומאָוויטש אַליין אַראָפגעכאַפּט אַ קוק טון. מ׳האָט שוין אָבער געוווסט, אַז זיינס אַ רייזע ערגעץ־ווו איז אַלעמאָל פאַרבונדן מיט נייע, וויכטיקע אויפטוען. זינט ווען ער האָט זיך אָקופּאַציע־צייט אַריבער־געכאַפּט אין דער שווייץ, איבערלאָזנדיק די אינסטיטוציעס, וואָס זענען דאָ ענג פאַרבונדן געווען מיטן „אוזשיף״, מיטן פראַנצויזישן „יודענראַט״, אויף זייער אייגענעם באַראָט, האָט ער זיך דאָרט אויסגעוואַרעמט אַ ווייכע נעסט און האָט אַצינד מיט אַלע מיטלען געשטרעבט, אַז נאָר דאָרט זאָל זיך אומבאַדינגט אינסטאַלירן די וועלט־צענטראַלע. ער האָט זיך דאָרט פאַרנומען מיט אַ פּאָר צענדליק אָנגעלאָפענע פּליטים מלחמה־צייט, אָפּגעדונגען אַ בנין, אָנגעשטעלט אינסטרוקטאָרן און די אילוסטרירטע ביולעטינען זענען פינקטלעך איבערגעשיקט געוואָרן אין אַמעריקאַנער צענטער. זיי האָבן זיך דאָרט לייכט געקענט איבערצייגן, אַז לעוו נאַאומאָוויטש זיצט נישט אין דער מיט פון אומגליקלעכן אייראָפּע מיט קיין פאַרלייגטע הענט. אַצינד, ווען דאָס אַלץ האָט זיך שוין געהאַט איינגעשטילט, האָט ער דער ערשטער דערשמעקט, אַז אין מדינת ישראל עפנט זיך אַ ניי אַרבעטס־פעלד. אין דעם הויז ביי ביילישן האָט ער געהאַט וויכטיקע אַרומרעדענישן מיט דייווי מאָרגענען ביים געמיטלעכן אָוונט־סאַמאָוואַר.

— כאָטש אונדזער לאַנג־יאָריקע טעטיקייט — האָט לעוו נאַאומאָוויטש פאַרטרויליך געלאָזן פאַלן — איז שוין פון זיין סאַמע אַנטשטיין, אין אַמאָליקן רוסלאַנד, דערנאָך אין פּוילן, אין די באַלטישע לענדער, אין רומעניע, געשטאַנען כמעט אין אָפענעם ווידערשפּרוך צום ציוניזם, וואָס האָט אַלץ געבויט אויפן „דאָרט״, נישט אויפן גלות; מיין איך פונדעסטוועגן, אַז ס׳איז געקומען דער מאָמענט צו פאַרבינדן די צוויי פּאָליוסן. מיר מוזן זיין רעאַל, זיי וועלן עס דאָרט, האָף איך, פאַרשטיין. בפרט, אַז עס האַנדלט זיך קאָנקרעט אין אַריינפירן מאַשינען, רוי־שטאָפן און קאַפּיטאַל אין אַ לאַנד, וואָס הייבט ערשט קוים אָן צו זשיפּען...

— ס׳איז אַן עניין, אָ־קעי!... — האָט מאָרגען צווישן ביידע גרויסע, פליישיקע און האָריקע הענט אַריינגענומען די דינע גלאָז טיי, אַז מ׳האָט זי כמעט מער נישט אַרויסגעזען, און האָט זי אויסגעזופּט מיט איין שלוק, אַ בריענדיקע, נאָר־וואָס פון סאַמאָוואַר. ער איז געווען אַ ייד אַ ריז, און אַלץ אין אים האָט זיך נאָך געטראָגן מיט גרויס־רוסישער ליידנשאַפט, מיט פּאַטעטיק. אָבער פון זיינע יאָרן לעבן אין אַמעריקע, איז געלעגן אויף אים אַ באַזונדערע מין באַהערשטקייט און צו דער גלייכער צייט — אַ נערוועזע צעטראָגנקייט. אַפילו זיין לשון, סיי אין יידיש, סיי אין רוסיש, סיי אין ענגליש, איז געווען אַ געמיש, אַ צעקאַליעטשעטער געמיש, אָבער מ׳האָט

אים נישקשה גוט פאַרשטאַנען. ער ווידער האָט געהאַט אויסצולייגן זיינע וויכטיקע איינצלהייטן בנוגע דער אַמעריקאַנער אָנפירונג אין די אַלע ענינים. ער איז געווען בסך־הכל צוויי טעג צוריק מיטן אַוויאָן פון ניו־יאָרק. ס'האָט זיך נאָך געטראָגן פון אים מיט ווינט פון אונטערוועגס.

— וועל... וועל... — האָט ער געבראָקט יידיש מיט ענגליש צוזאַמען — די וואָגט איז דאָרט, מאָלט איך, דורכגעבראָכן. זיי הייבן דאָרט אַלץ מער אָן צו פאַרשטיין, די פּאָליטישנס, די וויכטיקייט פון אַ יידישער מדינה... פון אונדזער אַמעריקאַנער שטאַנדפּונקט, נאַטירלעך... אויפן מיטעלן מזרח, דער עיקר...

דער דיווי מאָרגען איז איצט געווען נישט אַ ליאָדע ווער. די אַמערי־קאַנער און אייראָפּייאישע פּרעסע האָט לעצטנס שטאַרק געקאָכט מיט אים, מיט זיינע באַזוכן ביים פּויפּסט, מיט זיין שפּענדן גרויסע סומעס פון די קאָמיטעט־געלטער פאַר די אָפּגעשפּאָלטענע פּראָפעסיאָנעלע, כלומרשט־אומפּאַרטייאישע, סינדיקאַטן אין פראַנקרייך, פאַר דער סאָציאַליסטישער פּרעסע, מיט זיינע באַרימטע אַנטי־סאָוויעטישע אַרויסטריטן אין אַמעריקע. מיט איין וואָרט — אַן אינטערנאַציאָנאַלע פיגור.

אָבער צווישן היימישע איז ער פּלוצים געווען אַ היימישער ייד פון דער ליטע, צי פון ווייסרוסלאַנד. זיין יידיש איז געווען אַ האַרטלעכער, זיין רוסיש — אַ געמישטער; אָבער מ'האָט זיך דאָרט, אַרום טיש, גאַנץ גוט געקענט פאַרשטענדיקן אין ענגליש אויך. שוין דעם אַנדערן מאָל ווי ער האָט זיך געלעגנהייטלעך דעם זומער אַריבערגעכאַפּט קיין „יוראָפּ". וויכ־טיקע קאָנפערענצן און אַרומרעדענישן אין אַן ענגן קרייז; ס'איז אַפילו אומ־אָפיציעל ביגעווען אַ מענטש פון ישראל־קאָנסולאַט, מיכלסאָן, דאַנציקער און אויך טאַטיאַנאַ איסאַקאָוונאַ, פאַרשטייט זיך. ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זיי, ס'הייסט זי און דיווי מאָרגען, זענען גאָר אַלטע באַקאַנטע.

— העלאָו, טרודי... — האָט ער זי גערופן אויפן אַמעריקאַנער שטיי־גער, האָט וואַרעם געדריקט איר שמאָלע, איידעלע האַנט באַלד ביים אַריינ־קומען און ס'איז גלייך געווען צו באַמערקן אַ סך היימישע פאַמיליאַריש־קייט צווישן זיי. ער האָט שוין דאָרט כמעט קיינעם נישט באַמערקט דער־נאָך; ווייל נישט וועגן אַלץ איז שוין דאָ איצט גערעדט געוואָרן אַרום טיש. מען איז זיך לכתחילה פונאַנדערגעפאַלן אין עטלעכע גרופּעס. ביי טאַטיאַנאַ איסאַקאָוונאַ איז מיטאַמאָל אַזוי אויסגערונען איר געוויינלעך דיסקרעטע צוריקגעהאַלטנקייט. די אַלע, וואָס האָבן זי געקענט, האָבן דערזען עפּעס אַ ניי ליכט אויפשיינען אונטער אירע לענגלעכע וויעס.

אַפילו דעם עכט־רוסישן „וואָדקאַ“, וואָס איז דאָ פלוצים אויסגעוואַקסן אויפן טיש, האָט זי מיטגעטרונקען, כמעט נישט פאַרקרעקט זיך, האָט גע־רויכערט אַביסעלע מער ווי געוויינלעך און האָט דערנאָך, גאָרנישט לויט אירע טבע, זייער דרייסט אַ כאַפּ געטון מיסטער מאָרגען אונטערן אָרעם, געפירט אים אַרויף און אַראָפּ איבערן זייטיקן סאַלאָן. מ׳האָט דאָ אָנגעקוקט זייער איבעראַשט דער אַזוי דיסקרעטער און צוריקגעהאַלטענער טאַטיאַנאַ איסאַקאָוונאַ: דאָס איז זי? ווי קומט עס?... אויסער איין לעוו נאַאומאָוויטשן, האָבן עס די איבעריקע אפשר מער נישט באַמערקט, (צי האָט מען דען גע־קענט אַריינקוקן אין האַרץ אַריין פון מיכלסאָנען?), ווייל זיי זענען פאַרטון געווען אין הייסע גערעדערייען אַרום פאַרעדיקן סאַמאָוואַר. נאָכגעקוקט האָט ער נישט אַזוי דאָס טשעקאַווע ווייבל, ווי מאָרגענען. מיט אים האָט ער נאָך געהאַט איניקע וויכטיקע קליניקייטן דורכצופירן, איידער יענער האָט געכאַפּט דעם אַוויאָן קיין ישראל. זי האָט אים דאָרט אָבער גאָרנישט אָפּגעלאָזן.

ס׳האָט באַלד גענומען ווערן שפּעטלעך. עטלעכע געסט האָבן זיך שוין געהאַט אויפגעשטעלט צו גיין. וועגן וואָס איז דאָרט אַזוי הייס געווען די רייד צווישן זיי?

מיכלסאָן האָט עטלעכע מאָל אַרומגענומען די ברילן, געקוקט פאַר־בלענדט, ווי אַ סאָווע, אַקעגן ליכט, אויסגעווישט זיי מיט ציטערדיקער, בלייכער האַנט און האָט זיך, מען ווייסט נישט צוליב וואָס, פלוצים, אָפּגע־רופן צום אַלטן גריגאָרי ביילִיסן:

— ס׳איז געקומען די צייט, מיין פריינט, ווען עקסטרעמען דערנענטערן זיך... יאָ־יאָ...

— קאָניעטשנאָ!... — האָט דער אַלטער ביילִיס צוגעטאַקעוועט, אינ־גאַנצן פאַרפלאַמט.

די ביידע אַלטע לייט זענען זיצן־געבליבן אָפּגערוקט פון טיש, אין די טיפע, סקריפּענדיקע פאָטעלן. דעם אַלטן ביילִיסעס סימפּאַטיעס זענען גאָר אַמאָל, שוין זייער לאַנג, געווען מיטן בונד. ער האָט אָבער געהערט צו די ביוראָ־מייז, וואָס נעמען אויף פאָרמעל און שטרענג די אָפיציעלע איינ־שטעלן — איבערפּאַרטייאיש, איז איבערפּאַרטייאיש... נישט זיין זאַך צו מישן זיך... ווי פון דער וואַנט, איז שווער געווען ביי אים אַרויסצוקריגן אַמאָל אַ קאָנקרעטע שטעלונג, אַ מיינונג, שוין אָפּגערעדט פון אַנגאַזשירן ערגעץ טאַקע זיין נאָמען, חלילה.

און ווען אַלע האָבן נאָך דאָרט געוואַרט ביים טיש, האָט דייווי מאָרגען

פלוצים אַ כאַפּ געטון טאַטיאַנאַ איסאַקאָוונאַ אונטערן אָרעם, אַ מאַך־געטון „ביי־ביי״ אין דער טיר צו אַלעמען און זיי האָבן זיך באַלד אָפּגעטראָגן.

אָבער אין יענעם אָוונט איז מיכלסאָן פונדעסטוועגן געוווּיר געוואָרן זייער אַ וויכטיקע זאַך. ער איז געוווּיר געוואָרן, אַז זיי קלייבן זיך זייער דרינגענדיק אויף אַ פּאָר וואָכן קיין ישראל וועגן באַזונדערע אונטערהאַנד־לונגען. זיי פליען.

און דאָס האָט אים שוין מער נישט אַזוי לייכט צורו געלאָזן.

# 4

אַן ערך אַ שעה־אַנדערטהאַלבן פאַרן אָפּגיין פון אַלטן, איבערגעפּאַרבטן שלעפּ־דאַמפּער, וואָס האָט זיך דאָרט, אין מאַרסעיל, צום ערשטן מאָל געשווענקט אין די וואַסערן פון דער בוכטע אונטער דער בלוי־ווייסער ישראל־פאָן, האָט דער פלוטעוואַטער יונגערמאַן, אַוורעמעלע, איבערגעלאָזן אויפן אויבער־דעק מיכלסאָנען מיטן אַדוואָקאַט און האָט זיך נאָך געהאַט אַראָפּגעכאַפּט אין דער נידער, צו די שמאָלע, פינצטערע געסלעך אַרום אויפגעריסענעם אַלטן פּאָרט.

ס'האָט אים אונטערגעהויבן. טאַקע אים, בן־סימאָנען, איז ער געלאָפן אויפזוכן. די שיף האָט שוין אָט־אָט געהאַלטן ביים אַרויסרירן פון פּאָרט און ער איז נאָך אַלץ נישט געווען. דער באַגאַזש האָט געוואַרט, אַלץ האָט געוואַרט. ער איז געווען איבערגעשראָקן, בלייך. אָן אים, האָט ער געוווּסט, איז ער סיי־ווי אַ פאַרלוירענער. ער האָט זיך דעריבער, אָן אָפּגעגאָסענער אין אַנגסטן, נאָך אַמאָל אַראָפּגעכאַפּט צו יענעם יידישן באַר־רעסטאָראַן אויף רי דע זשוויף, ווו עס שאָקלט זיך אין לינדן ווינט די קאָלירטע לאַמטער איבערן נידעריקן אַריינגאַנג.

דעם קליינעם, רוישיקן באַר־רעסטאָראַן פון מגושמדיקן מאַראָקאַנישן ייד אַלגאַזי, האָט ער נאָך גוט פאַרגעדענקט. מיט קאַרגע צוויי יאָר צוריק האָט ער זיך דאָרט טאָג און נאַכט געדרייט אין דעם אַלטן פּאָרט, אַרום די אָנגעלאָפענע יידן פון די לאַגערן. געגנוג מסחרימלעך זענען דאָרט פאַרהאַנדלט געוואָרן, אין דער נידעריקער, טיפער האַליע. די אָנגעלאָפענע יידן האָבן זיך דאָ דערנאָך, אָן איבעריקן טומל, פאַרשיפט, און אין די אויסגעלאָשענע נעכט געשמוגלט זיך, צווישן די ענגלישע בלאָקאַדע־וואַכן, אין די אַלטע, אומלעגאַלע שיפלעך נאָענט פון די ברעגן אויפן מיטללענדישן ים, ערגעץ צו די וויסטע ארץ־ישראל־פּליאַזשעס.

דער רעסטאָראַטאָר, אַ רונדיקער, מיט אַ זילבערנער קייט איבערן היפּשן בויך, מיט אַ רויט־פּאַרלאָפענער בעלמע, איז דאָס מאָל אַליין גע־שטאַנען הינטער דער פול־באַלייגטער טומבאַנק, מיט פאַרשאַרצטע, האַריקע הענט, און געוואַשן אַ הויכן שטויס מיט טעלער און גלעזער. מ׳איז דאָ, אין דער לאַנגער, קילער האַליע, אַרומגעשוווּמען אין אַ שאַרפער, געווירצטער פּאַרע. פון נידעריקן סופיט איבער זייערע קעפּ האָט מען קוים אָנגעזען דעם בליאַסק פון די קופּערנע ראַנדליעס, די בינטלעך אָנגעהאָנגענע קנאָבל־ווורשטן, די באַנאַנען און די געראויכערטע שטיקער פליש אויף די קרומע, שאַרפע האַקנס. פון נעפּל אַרויס האָט פון דער טיפער האַליע געלויכטן דאָס קיך־פענצטערל. פון דער פּאַרע האָבן זיך פונדעסטוועגן שאַרף אַרויסגע־טיילט די סילועטן אַרום די באַלייגטע, זשומענדיקע טישלעך לענגאויס די ווענט. ער איז אַריינגעפאַלן אַהער אַ פאַרסאָפּעטער.

— בן־סימן — האָט ער זייטיק אַ פאַרש־געטון ביים ייד — איז דאָ נאָך אַלץ נישט געווען, אַ ?

— דער געשטופּלטער טייוול ?... — האָט אַלגאַזי געלאַכט מעטאַלערן, אַנטפּלעקנדיק זיינע געזונטע רייס־ציינער — ווער ווייס אים דאָרט... פאַלט אַריין אויף אַ מינוט און ווערט באַלד אויסגערונען... זיינע מסחרימלעך...

יענער האָט דערוויל, נישט פרעגנדיק גאָר, אָנגעגאָסן צוויי גלעזלעך מיט אַ גרינלעכן, געדיכטן ליקער פון דער פלאַש מיטן לאַנגן העלדזל — אַן אייגענע באַרימטע ספּעציאַליטעט — האָט געווישט די גרויסע, האַריקע הענט אין פאַרטוך און אָנגעקלאַפּט די גלעזלעך, מיט איין פאַרזשמורעט אויג. שטייענדיק אָנגעשפּאַרט אין דער טומבאַנק, פאַרוואָרפן אַ פוס אויף אַ פוס, האָט דער נערוועזער יונגערמאַן אומרואיק געזופּט פון דעם שאַרפן, גרינלעכן געטראַנק און האָט זיך נאָך אַמאָל זייטיק געפּרוווט:

— נו, און דער פונט... ווי האַלט עס היינט מיטן פונט, אַלגאַזי ?... ווערט פעסטער ?...

— עט, מיר דאַכט זיך, אַז — פאַרקערט. אַ שאָד וואָס איר זענט איצט אַראָפּגעקומען. די מאַטראָסן זענען דאָ היינט אָפּגעזעסן דעם גאַנצן פאַרמיטאָג. אַ האַלב געוועלב האָבן זיי ביי מיר אָוועקגעקויפט... ס׳איז דאָרט טאַקע אַזאַ הונגער ? — האָט ער געוואָלט וויסן.

— אָט כאַפּ איך זיך איצט טאַקע אַראָפּ אַהין. כ׳ווייס ?... מען זאָגט, אַז — נישט. ניין, ס׳פעלט זיי דאָרט, חלילה, גאָרנישט, אין אונדזער מדינה...

ער האָט זייטיק אַ בליק געטון דורך דער פאַרלאָפענער שויב און האָט באַלד דערקענט זיין סילועט, בן־סימאָנס. ער איז געשטאַנען אין געסל, פונקט קעגנאיבער, מיט עפּעס נאָך איינעם, אַ קורצן, מיט אַ קרעמפּן האַלדז;

זיי זענען געשטאַנען ביים סאַמע אַרויפגאַנג צו די שטיגלעך פון פאַרדעכ־טיקן האָטעל מיטן זייער געהויבענעם נאָמען „פּאַלערמאָ". ס'איז, זעט אויס, געווען צווישן זיי אַ גאַנצע אַמפּערניש; ווייל כאַפּנדיק אַ בליק דורך דער האַלב־אָפּענער טיר, האָט דער יונגערמאַן געזען, ווי בן־סימאָן איז רויט־אָנגעגאָסן ווי פייער און מ'האָט נאָר געהערט, ווי ער האַלט זיך דאָרט עפּעס אין איין פאַרענטפערן און אין איין שווערן זיך מיט זיין באַקאַנטער שבועה — „בחיי"...

נו, מיטן טערקישן ייד בן־סימאָן האָט אַוורעמעלען פאַרבונדן, קען מען זאָגן, אַן אַלטע גוט־פריינטשאַפט פון פאַר עטלעכע יאָרן. צו דער דאָ־זיקער גוט־פריינטשאַפט האָבן זיי, דוכט זיך,ביידע נישט צוגעלייגט דער באָבעס ירושה. נישט וויניק מסחרימלעך מיט די אַנגעלאָפענע יידן פון דייטשלאַנד, פון די אַלע אויפגערודערטע, נאָך־מלחמהדיקע לענדער אין אייראָפּע, זענען אין יענע פאַר וואָכן דורכגעגאַנגען דורך זייערע הענט. דער יונגערמאַן האָט אים דאָ באַלד געהאַט דערשמעקט, זיי האָבן זיך ביידע, אייגנטלעך, געהאַט דערשמעקט. אַוורעמעלע איז דעמאָלט גאָר אַראָפּגעשיקט געוואָרן אַהער פון עפּעס אַ ציוניסטישער אינסטיטוציע אין פּאַריז, טאַקע מיט זיין, מיכלסאָנס הסכמה, אַרויסצוהעלפן די אַנגעלאָפענע יידן, וואָס האָבן זיך געשמוגלט פון די אָפּגעלעגענע פראַנצויזישע און איטאַ־ליענישע פּאָרטן; ס'האָט זיך דעמלט געטומלט אין דער פּרעסע, אויף די מי־טינגען. ס'איז, אמת, געווען אַ ים מיט אַרבעט אַוועקצולייגן. אָבער דאָס האָט גאָרנישט געשאַדט צו פאַרנעמען זיך דער עיקר מיט אייגענע מסחרימלעך. אַלע וואַלוטעס פון דער וועלט האָבן דאָ, אין די זייטיקע קאַפייען און רע־סטאָראַנדלעך, דעמאָלט צירקולירט, אין אַסיגנאַציעס, איבערהויפּט — אין גאָלד־שטיקלעך. אויסער דעם — די געגאָסענע שטענגלעך, די זייגערלעך, די ברילליאַנטן, די אויערינגלעך, די בראַשן, באַזעצט מיט טייערע שטיינער. ווער קען דען וויסן פון וואָס פאַראַ מקומות און פון וואָס פאַראַ טונקעלע ערטער די אַלע שמוק־זאַכן האָבן געקאָנט שטאַמען, פון וואַנען זיי האָבן פאַרוואָגלט, ביז זיי זענען דורכגעגאַנגען דורך די נערוועזע, שווייסיקע הענט פון אָט די אַנגעלאָפענע, צעטומלטע יידן?

בן־סימאָן האָט שיעור נישט אונטערגעשפּאַרט דעם נידעריקן אַריינגאַנג. ער האָט אַ פאַרקוועטש געטון דאָס לינקע אויג און אויף זיין געלעכערט פּנים איז צוריק געווען איבלדיקע לייטזעליקייט. ער האָט אַרויפגעלייגט אַ שווערע האַנט דעם יונגגמאַן אויפן אַקסל און האָט אים אויף אַ ווײַלע אַוועקגעפירט צום טונקלסטן ווינקל אין דער טיפער האַליע.

דאָס האָט ער, דער טערקישער ייד בן־סימאָן, אין יענע פאָר חדשים געוועלטיקט, קען מען זאָגן, איבער די געסלעך אַרום אויפגעריסענעם אַלטן

פּאָרט אין מאַרסעיל. ער איז געווען אויסגעבונדן, דער געשטופּלטער טייוול, מיט אַלע פּישער, שיף־לייט, מיט אַלע גליטשיקע און פאַרזיכטיקע אָפּיום־הענדלער, קאָנטראַבאַנדיסטן און צאָל־אַמט־קאָמיסאַרן; מיט די אַלע, וואָס האָבן דאָ פאַרפולט די קליינע ביסטראָס אַרום דער זוניקער בוכטע, האָבן זיך געדרייט אַרום אַלע אויסלענדישע שיפן, וואָס האָבן דאָ פאַראַנקערט. מ׳האָט געהאַט רעספּעקט פאַר אים; אפשר נישט אַזויפיל רעספּעקט, ווי אַ ביסל מורא אויך, בלויז אָנקוקנדיק אים. אָבער ביי אַלע זיינע העלדישקייטן, וואָס מ׳האָט זיך אָנדערציילט וועגן אים פון דער אָקופּאַציע־צייט, האָט מען נישט געהאַט צו אים אַזויפיל צוטרוי. לויט זיין אָריענטאַלישן טעמפּעראַמענט, איז ער נאָך איבערגעשטיגן די אמתע מאַרסעילער, כאָטש קיינעם איז גאָר אויפן ערשטן בליק נישט איינגעפאַלן, אַז ער איז נישט קיין הי־געבוירענער.

אַ ברויז, לעכערדיק פּנים, מיט אַ זאַפראַן־געלקייט אין די ווייסלען, האָט מען אים געווינלעך פאַרנאַכט־צייט געקענט טרעפן אויף דער קאַפע־טעראַסע „צום גראַף מאָנטע־קריסטאָ״, מיט צוויי פינגער פאַרשטעקט אין זיין ווייסער וועסט. ער האָט מיט זיין פייערדיקן בליק ווייט אַרומגענומען דעם ברעג. דער סיגאַרעט האָט זיך לאַנגזאַם געראויכערט און אויסגעברענט אויף זיין דיקלעכער ליפּ. אַן אומרואיק פייערל האָט געברענט אין אים. מעווער האָבן נידעריק געקרייזט איבערן וואַלד מאַסטן פון די פישער־שיפלעך. גרינע און רויטע פייערלעך האָבן זיך געצונדן אין דער בוכטע. זינט ווען אָבער עס האָבן זיך אָנגעהויבן צו באַווייזן ביי די ברעגן די פאַרדעכטיקע שיפלעך אין די אויסגעלאָשענע נעכט, די שיפלעך מיט די אָנגעלאָפענע יידן פון די לאַגערן, האָט ער מער נישט איינגערוט. צי איז עס געווען בלויז דאָס. וואָס עפּעס האָט זיך מיטאַמאָל דערוועקט אין אים? געווען איז ער דאָ כלומרשט אַ שטיקל קאָמיסיאָנער אין די פאָרט־לאַגערן, אין די פראַכט־אָפּטיילונגען און אין די פישער־האַליעס, געדרייט זיך אין די קאַנטאָרן, אין די טויט־ביוראָען, גערעדט אפשר אַ זיבן־אַכט שפּראַכן, כאָטש ער האָט, דוכט זיך, רעכט קיין איינע נישט געקענט, אַחוץ דעם כאַראַקטעריסטישן, זינגענדיקן מאַרסעילער דיאַלעקט. מ׳האָט אים אויך געקענט אָנגעמען פאַר אַן אַלטן, אויסגעדינטן ים־וואָלף, פאַר אַ מאַטראָס, פאַר אַ „געוועזענעם״ פון פרעמדן־לעגיאָן. קיינער האָט גענוי זיין עלטער נישט געקענט דערשאַצן, נישט געוווסט גענוי פון וואַנען ער קומט. אַפילו די ברעג־פּאָליציי האָט אים דאָרט צופיל נישט נאָכגעקוקט. וויפל מאָל זענען זיי דאָ געשטאַנען מיט אים, אַרום דער טומבאַנק, אין דער קאַפע „צום גראַף מאָנטע קריסטאָ״, אָנגעקלאַפּט זיך מיט אים די שמאַראַגד־רויטע אַפּעריטיוו־גלעזלעך, און גוטמוטיק, ווי נאָר מאַרסעילער, געשפּאַסט.

צי האָט ער דען זיין ייִדישקייט אַמאָל געהאַט פאַרלייקנט? חלילה. איז וואָס, אַז ער וווינט שוין דעם פערטן יאָר מיט דער אלמנה נאָך אַ פראַנצויזישן סו־לייטענאַנט אין דער קאָלאָניאַלער אַרמיי? דאָס האָט זי אים, שמועסט מען, אין די ביטערע אָקופּאַציע־יאָרן נישט איינמאָל אָפּגעראַטעוועט פון די דייטשע נעגל און פון דער דאַרנאַן־מיליץ. וויניק געווער־טראַנספּאָרטן האָט מען דאָ איבערגעפירט הינטער דער סאַמע נאָז פון דער „געשטאַפּאָ" און פון דער פראַנצויזישער מיליץ? מ'האָט אים אָבער אַרומגעזוכט, געשטעלט אַ פּרייז פאַר זיין קאָפּ און ער איז זיי ממש פון הינטער די הענט אויסגערונען געוואָרן. מער פון אַלץ אָבער האָט געברענט אין אים די ווילדע רציחה פאַר זיין אַלטער מאַמען, וואָס די דייטשע באַנדיטן האָבן צוזאַמען מיט נאָך פיל ייִדן, אין יענע אומהיימלעכע טעג געהאַט ערגעץ פאַרשלעפּט. ווען זי לעבט נאָך, די אַלטיטשקע, וואָלט ער אפשר פונדעסטוועגן נישט געהאַט דאָס האַרץ אַריינצונעמען די בלאָנדע פראַנצויזישע אלמנה צו זיך אין שטוב אַריין; (כאָטש, וואָס אַן אמת, האָט ער זיך גאָר אַריינגעצויגן צו איר אין הויז אַריין). זי איז געווען אַ שטאַרק גאָטספאָרכטיקע, די אַלטע מאַמע זיינע, האָט געוווינט דאָ באַלד דערלעבן, אין אַ קרום, באַרגיק געסל, אַרום אַלטן פּאָרט. זי איז אַלעמאָל געגאַנגען פאַרוויקלט אין איר אויסגעריבענער קאַשעמירענער שאַל, ווי דאָרט, אין איסטאַמבול, פון וואַנען ער האָט זי איינמאָל געהאַט אַריבערגענומען. מיט וואָס האָט ער זיך דען פאַר דער צייט נישט באַשעפטיקט? ער האָט געהאַנדלט מיט קראַוואַטן, מיט קעמעלעך, מיט פּאַפּירענע קאַרנאַוואַל־מיצלעך, מיט קאָלירטע באַלאָנען, איז געווען אַ רעפּרעזענטאַנט פון אַ קליינער פירמע פון שטויבזויגערס, איז דאָ אַרומגעגאַנגען איבער די קאַפייען מיט רעשטלעך שטאָפן און האָט זיך לסוף אַרויסגעדרייט פאַר אַ לייט אַדאַנק זיין וויטן קרוב זשאָזעף מיזראַקי, וואָס האָט שוין דאָ פאַרמאָגט אַן אייגן געשעפט פון דיוואַנען און קאָליר־שרייענדיקע געוועבטער. אויך יענער איז איינמאָל אַזוי פאַרבלאָנדזשעט געוואָרן אין מאַרסעילער פּאָרט, אַ ייִנגל נאָך.

מיט אַ לייכטער האַרץ האָט אַוורעמעלע צוריקגעאיילט צום פּאָרט, צו דער שיף, צו זיינע פאַריזער פריינט פון ערשטע קלאַס. אינמיטן וועג האָט בן־סימאָן מיט אַ פייף אָפּגעשטעלט אויפן ראָג אַ טאַקסי, אַ רוף געטון דעם צעחושטן יונגערמאַן און ביידע האָבן זיי זיך אַוועקגעטראָגן צום אַנקער־טראָטואַר, וואָס איז געווען אַביסל אָפּגעלעגן פון צענטראַלן איינגוס. דער פלוטעוואַטער יונגערמאַן האָט שוין פון אים אַלץ געוווסט; ער האָט געקאָנט די מאַטראָסן, ער האָט שוין אַפילו געוווסט די נעמען פון עטלעכע, ער האָט שוין געוווסט ווו זיי אויפצוזוכן. געווען דאָרט, האָט ער געוווסט, איינער אַ קוכער און איינער אַ ראַדיסט. דער קוכער איז געווען אַ דאַגעסטאַנער באַרג־

ייד מיט אַן אָדלער־נאָז. מער האָט ער נישט באַדאַרפט... אָ, בן־סימאָנען האָט ער שוין מער נישט אָפּגעלאָזן פון אויג, אַוורעמעלע.

ס'האָט זיך געטראָגן איבער די קרומע געסלעך מיט ווייטע, פרעמדע אַראָמאַטן פון וואַרעמע לענדער מעבר־לים. איבער די געסלעך האָט זיך געטראָגן דער ריח פון צימערינג, וואַניל, אַראַשידן־בוימל און באַנאַנען. די מעוועס האָבן געקרייזט נידעריק איבערן ים מאַסטן, איבער די קוישן פיש־וואַרג, וואָס האָבן זיך געזילבערט אין דער לוילעכער זון און ס'האָט זיך גע־דעמפט אַרום זיי אַ צוגעשטאַנענער פיש־ריח. די שיפלעך האָבן זיך געוויגט אויף אַ פעטלעכער, בוימלדיקער אויבערפלאַך, וואָס האָט געמיניעט אין ראָזן פאַרנאַכט מיט רעגנבויגן־קאָלירן.

דורכגעשפּאַרט זיך צווישן דעם געדיכטן עולם פּאַסאַזשירן, טרעגערס, אויפלאָדערס, צווישן די בערג וואַליזעס און פּעק, איז בן־סימאָן, פאַר אַלע־מען אין די אויגן, צו און היימיש אַרויפגעלייגט די האַנט דעם גרענעץ־קאָנטראָלער זשינעטי אויפן אַקסל. יענער איז גראָד זייער פאַרפּאָרעט געווען מיטן באַשמירן זיין געציקלטע אונטערשריפט, מיטן ווייסן קריידל אין דער האַנט, אויף די וואַליזעס און פּעק, וואָס זענען דאָרט געווען צע־לייגט לענגאויס דעם טראָטואַר, פאַר די שיף־באַריערן.

— טיאַ, בן־סימאָן! — האָט זיך דער הייטערער מאַרסעליער, פון איטאַליענישער אָפּשטאַמונג, אַרומגעכאַפּט מיט אים און זיין רויטלעך פּנים פון אַ וויין־טרינקער, האָט אַזש געשיינט ווי אַ קופּערנער טעלער — פאָרסט אויך מיט אין הייליקן לאַנד אַריין, גלויב מיר... פאַרלאָזסט אונדזער מאַר־סעיל און... גאָרנישט ?...

— גאָט באַהיט, זשינעטי... — האָט דער געשטופּלטער טייוול גע־שווירן זיך, געלאַכט מיט אַלע גלעע, געזונטע ציינער זיינע און זיך באַלד אָנגעבויגן צו זיין פאַרוואַקסענעם אויער — אָט כאַפּ איך זיך אַריבער אַהין אויף אַ צוויי־דריי וואָכן, נישט מער... פאַרשטייסט ?... פאַמיליען־אָנגעלעגנ־הייטן... אַביסל מסחר... פאַרשטייסט ?...

— ווו האָסטו דען ערגעץ דיינע וואַליזעס ? — האָט יענער באַלד גע־נומען זוכן אַרום זיך — דערלאַנג זיי אַהער... ביי אַזאַ געהויבענער געלעגנ־הייט, מאָן דיע... באַדאַרף מען דאָך אַוודאי אויסטרינקען...

— מען וועט טרינקען, זשינעטי... — האָט ער אַ מאַך געטון און אומ־געדרייט זיך צום יונגערמאַן — מען וועט נאָך טרינקען...

יענער האָט שוין דערווייל פון ערגעץ געשלעפּט די פּעק מיט די וואַלי־זעס הינטער די צוויי געזונטע טרעגערס, וואָס האָבן אים צוגעהאָלפן.

# 5

די זילבערדיקע, פּיש־אַרטיקע „אל־על״־אַוויאָנען, וואָס האָבן אין די פּרימאָרגן־שעהן מאַיעסטעטיש געלאַנדעט אויפן אַעראָדראָם אין לוד, זענען כמעט יעדן טאָג אָפּגעוואַרט געוואָרן פון צאָלרייכע דעלעגאַציעס. אויסער די שלאַנקע, דינע „סאַברע״־מיידלעך אין די שיין־אויסגעפּאַסטע אוניפאָרמען, מיט די קאָקעטישע קעפּיס, וואָס האָבן דאָ אַרומגעפלאַטערט איבער אַלע ביוראָען, אַרום די געלאַנדעטע מאַשינען; אויסער די שטייפע פּאָליציילייט, צעשטעלטע אין אַלע ווינקלען פון פעלד, מיט די אַרונטערגעלאָזענע פּאַסקעס אונטער די קאַנטיקע געמבעס — האָבן באַזונדערס געוואָרפן זיך אין די אויגן דאַמען מיט בוקעטן בלומען, אָנגעזעענע כנסת־דעפּוטאַטן מיט גרויע און פּליכיקע קעפּ, טייל מיט פּאַטריאַרכאַלע בערד, צעפלויגענע, אַנדערע מיט גוט־געפלעגטע, שוואַרצע, אַסירישע בערד, טייל אַפילו אין קורצע הויזלעך, אין די צעשפּיליעטע העמדער, אָבער די מערסטע — אין שטייפע, דיפּלאָמאַטישע אָנצוגן, געניייט אויפן אייראָפּעאישן שטייגער. די באַנדעס זשורנאַליסטן מיט די פאָטאָ־אַפּאַראַטן זענען נישט איינגעשטאַנען אויף אַן אָרט, געקאָכט זיך, געלאָפן אַהין און אַהער. די זון פון טיפן נאָוועמבער האָט נאָך אַלץ אומברחמנותדיק געבאַקן, די שאַרפע אויסדעמפונג פון די בענזין־רעזערוואַרן אויפן פלאַץ האָט פאַרכאַפּט דעם אָטעם. די דעלעגאַציעס און די נערוועזע זשורנאַליסטן האָבן זיך געהאַלטן נאָענט פון די וואַרטע־זאַלן אונטער די אָפּדעכלעך פון די אָן אַ שיעור ביוראָען — קאָנטראָל־קאַמערן, צאָל־אַמט און טויש־קאָנטאָרן פאַר אויסלענדישער וואַלוטע. זיי האָבן זיך אַלע ווײַלע אומגעדולדיק אַרויסגערוקט אין דער מיט פלאַץ אַריין, געקוקט מיט אַ האַנט־דעכעלע אין דער זון. ס'האָט דאָרט אַביסל אויסגעזען ווי פאַר אַ דאָרפיש קלויסטערל, בעת אַ חתונה־צערעמאָניע, ווען מען וואַרט אָפּ פאַר די טירן חתן־כלה און די מחותנים.

אין די כאַקי־הייזלעך, מיטן קאָלאָניאַלן הוט איבער די אויגן, האָט מען דאָ ברייטלעך אָפגעוואַרט די דעלעגאַציעס פון די ווייטע לענדער מעבר־לים — דער עיקר טאַקע די פון די צענטראַל־ און דרום־אַמעריקאַנער לענדלעך, צי פון דרום־אַפריקע; היפש פאַרמעגלעכע יידן, מיט אַ ווייטן, אויפגעוועקטן שטאָלץ און מיט אַ בענקשאַפט נאָך אַביסל יידישקייט. זיי זענען שוין דאָ נישט אַזוי איבעראַשט געווען פון די אָריענטאַלישע יידן, פון תימן, פון איראַק, פון ליביע צי פון איראַן, וואָס זענען, אָפשטייגנדיק פון אַוויאָן, צוגעפאַלן קושן די הייליקע ערד; כאָטש מ׳איז דערביי געווען פייערלעך, טויט־ערנסט, האָט מען געשמייכלט אין זיך אַריין. אָבער אַמערסטן כבוד האָט מען צוגעטיילט די דאָזיקע יידן פון די ווייטע לענדער מערב־לים; אי זיי האָבן כמעט אַלעמאָל מיטגעברענגט מיט זיך שווערע סומעס פון געזאַמלטע געלטער, איז זיי האָבן טאַקע לעצטנס שטאַרק באַלעבט די טוריסטיק פון לאַנד — צוויי גאָר וויכטיקע ענינים פאַר די ווייט־זעעוודיקע און פראַקטישע ישראל־יידן. מ׳האָט געשלעפּט און געריסן ביי זיי פון אַלע זייטן, אָנגעהויבן פון אַ צאָל־באַאַמטן ביז צו אַ ליאַדע טרעגער און טאַקסי־שאָפער. מ׳האָט זיי דערפאַר צוגעטיילט כבוד מיט דער ברייטער האַנט. אַמאָל ווידער איז עס געווען אַן אינדוסטריעלער, אַן אויסלענדישער אַקציאָנער פון די אונטערנעמונגען אין לאַנד, אַ קליינער אַמבאַסאַדע־באַאַמטער, אַ מיליטערישער אַטאַשע. דאָס איז שוין געווען אַ גאַנץ אַנדער ענין.

אָבער דער אַוויאָן, וואָס האָט אין יענעם פרימאָרגן געלאַנדעט פון אַזור־בלויען הימל און פון וועלכן ס׳זענען אָפגעשטיגן טאַטיאַנאַ איסאַקאָוונאַ און מיסטער מאָרגען, איז אָפגעוואַרט געוואָרן דורך אַ גאָר באַזונדערער דעלעגאַציע אויפן אַעראָדראָם אין לוד. דאָס זענען געווען עפּעס לייט, וואָס האָבן זיך ווייניק געוואָרפן אין די אויגן; נישט פון די כנסת־דעפּוטאַטן מיט די פּאַריסענע, קלינגענדיקע נעמען אין דער יידישער וועלט, אָדער די פּאַרטיי־לייטערס, די, וואָס פאַרנעמען גאָר וויכטיקע קולטור־אַמטן, אָדער אָנגעזעענע טוער אין דער נייער אַדמיניסטראַציע. אומבאַשטימטע, שוויגנדיקע קוליסן־מענטשן. זיי האָבן דאָ אָפגעוואַרט אין אַ גלאַנציקן „שעוורולעט“ פון דיפּלאָמאַטישן קאָרפּוס. מ׳האָט זיי דאָרט גיכער געקענט אָננעמען פאַר די לייט פון אַן אומבאַשטימטער נאַציאָנאַליטעט, ווי אַ שטייגער, די פון דער פּערמאַנענטער, געמישטער „אָנו“־אויסגלייך־קאָמיסיע, די אַרביטערס פון די אָפטע גרענעץ־קאָנפליקטן. די דאָזיקע האָבן זיך כסדר באַוועגט צווישן די זינלאָזע, צופעליק־צוגעשניטענע גרענעצן, צווישן עבר־הירדן, עגיפּטן און איבערהויפּט — אין ירושלים־קאָרידאָר, ווו אויף טריט און שריט איז געווען אַן אויפשריפט: „אַכטונג, די גרענעץ“. אָט אַזאַ מין אויטאָ און אַזעלכע אומבאַשטימטע, שוויגנדיקע לייט האָבן די געהויבענע

פאַסאַזשירן גלייך פון אַעראָדראָם אַוועקגעפירט ערגעץ אין דער ריכטונג פון חיפה, צום הר הכרמל.

אויפן הר הכרמל, אין די שטילע, אָריענטאַליש־אָפּגעשלאָסענע ווילעס, מיט די קריכנדיקע פלאַנצן און ווילד־אויפגעשאָסענע רויזן, איז מיט דער צייט געוואָרן דאָס אינטימסטע ווינקל פון דער אומגעריכטער, ניי־אויפגעקומענער אַריסטאָקראַטיע, אָדער פלוטאָקראַטיע אין לאַנד. זיי זענען נאָך דעמאָלט געווען אַביסל אומזעבאַר פאַרן איינגעזעסענעם, איבערהויפּט אָנגעלאָפענעם פאָלק און פאַרן אויפגערודערטן לענדל. מ׳האָט נאָר עפּעס געהערט וועגן זיי, אָבער זייערע מעשים האָט מען שוין גאַנץ גוט געפילט. זיי האָבן גלייך אין אָנהייב געלייגט די האַנט אויפן טראַנספּאָרט פון לעבנסמיטל, אויף די בויטיקע רוי־שטאָפן פאַר דער קליינער־ און גרויס־אינדוסטריע, זיי זענען געווען אַקציאָנערן אין די אויטאָבוסן־קאָמפּאַניעס און ווו נישט? אונטן, אויפן הדר הכרמל, און נאָך נידעריקער, אין קליינעם פּאָרט, וואָס איז מיטאַמאָל אויסגעוואַקסן צו אַ וויכטיקן דורכגאַנגס־פּונקט פון יידן, אָנגעלאָפענע פון אַלע אייראָפּעאישע לענדער, אַרום דעם עלעגאַנטן דוד־המלך־בולוואַר, מיט די פּאַריסענע געשעפטן און אינטערנאַציאָנאַלע האָנדלס־ביוראָען, שיפס־געזעלשאַפטן, האָט זיך געראָיעט די ביטערע אָרעמקייט פון די בערדיקע דאָקערס אין טלית־קטנס, אָפּלאָדערס, טרעגערס, אָפּדאַכלאָזע עולים פון די צעלטן־לאַגערן אַרום חיפה, דעמאָביליזירטע סאָלדאַטן, פרויען פון רומעניע, פון דייטשלאַנד, פרויען פון אַ פּאַרדעכטיקן מין, און די אַלע, וואָס האָבן פאַרצווייפלט געזוכט אַ טאָג אַרבעט.

פון דער נידער שרויפט זיך דער שאָסיי לאַנגזאַם אַרויף צו די הויכקייטן פון הר הכרמל. אין די נישעס פון ווילדע פעלזן באַהאַלטן זיך די קליינע מיניאַטור־ווילעס, מיט קופּאָלן, געבויט ווי מינאַרעטן, פאַרשטעלט אונטער ציפּרעסן, פּאַלמען און קאַרליק־סאָסנעס, צווישן געפלעגטע בלומען־גערטנער און ווילד־אויפגעשאָסענע רויזן. אַפילו ווען די העכערע ענגלישע באַאַמטע און די אַראַבישע עפענדיס האָבן נאָך דאָ געהויזט, האָבן שוין פיל פון די דאָזיקע ווילעס באַצייטנס געהערט צו די רייכע, אָנגעזעענע יידן אין לאַנד, צו די פאַרבינדונגס־לייט; די דאָזיקע האָבן עפּעס געהאַט אַ שטילע שייכות צו דער דיפּלאָמאַטישער הינטער־קוליסן־קיך, צו די אינטערנאַציאָנאַלע קאָמפּאַניעס פון נאַפט, קופּער, פּאָטאַש, טראַנספּאָרט. נאָכדעם ווי די ענגלענדער זענען אַזוי אומגעריכט אַוועק, די אַראַבישע עפענדיס, וואָס האָבן פריער קאָנספּירירט, געהעצט דעם באַרוועסן, נאַקעטן, הונגעריקן אַראַבישן המון און סוף כל סוף אויך עוקר געווען פון דאַנען, אונטערן שטורעם־אָנגריף פון העלדישן פלמ״ח, האָבן זיך דאָ גלייך

אין די ערשטע טעג פּלוצים באַוויזן נייע מיני פּנימער, לוקסוס־אויטאָמאָ־בילן. ווען אין דער נידער, אַרום קליינעם פּאַרט, האָט די זון חלשותדיק געבאַקן די אַספאַלט־ברוקן, די גרויסע, שפּיציקע ברעג־פעלזן, איז גאַנץ אויבן, צווישן די שאַרכנדיקע צווייגן און אַנגעלאָפענע ווינטלעך פון די טאָלן, געווען אַן אָנגענעמע קילקייט אין וויגנדיקן שאָטן. מ׳האָט אַפילו פאַרזיכערט, אַז די לופט אויבן איז געזונט פאַר לונגען־קראַנקע. פון דער הויך האָט זיך דער קליינער איינגוס אויסגעשפּרייט ווי אויף דער האַנט, ווייט פאַרן אויג. צו מזרח־צו — די צעקעסטלטע טעפּיכער־פעלדער אין לעבעדיקן גרין פון עמק. דאָס גרינס האָט דאָ פאַרכאַפּט דאָס אויג, אָפּגע־רוט דעם בליק פון הייסע זאַמדן און פון בלענדנדיקן זון־גלי.

אין הויז ביים אָנגעזעענעם הסתדרות־פירער בן־צבי האָבן זיי אומ־געריכט געפונען אַלע קאָמפאָרטן און באַקוועמלעכקייטן, ווי זיי וואָלטן אַריינ־געפאַלן נישט אין אַן אָפּגעשטאַנען, האַלב־קאָלאָניאַל אַזיאַטיש לענדל פון מיטעלן מזרח, נאָר, אַ שטייגער, אין איינעם פון די ערשטקלאַסיקע פליאַזשע־האָטעלן, ערגעץ אין פלאָרידע, אָדער אין קאַליפאָרניע. די אומ־באַשטימטע שווייגנדיקע לייט, וואָס האָבן זיי געברענגט צופירן, זענען באַלד ערגעץ אויסגערונען, מ׳האָט זיי דאָרט מער נישט אָנגעזען. בן־צבי אַליין איז זיי אַרויס מקבל־פנים זיין אויף דער באַהאָנגענער וועראַנדע — אַ פולער, אַ קאַנטיקער, מיט אַ זאַט, אויסגערוט פּנים, מיט קליינע, גרויע אויגן אונטער אַ טיפן שטערן. און כאָטש אין באַשיידענעם העמדל מיט די קורצע הויזלעך, איז גלייך געווען צווישן זיי געמיינזאַמס, צווישן אים און דעם מיסטער מאָרגען. ער האָט זיך פונדעסטוועגן אַנטשולדיקט, בן־צבי, וואָס ער האָט זיי בשום־אופן נישט געקענט קומען אַפּוואַרטן; עפּעס אַ מעשה מיט וויכטיקע טעלעפאָנען, וואָס ער האָט דערוואַרט. ער האָט זיי געפירט צום שאָטנדיקן קאָלאָנען־זאַל אין דער נידער, מיט די ברייטע שויבן־פענצטער צום ים־אַרויס. די קילע געטראַנקען, וואָס זענען באַלד אויסגעוואַקסן אויפן טיש, האָבן אַביסל אָוועקגענומען די מידקייט, דעם טויבן רויש אין די אויערן. ער האָט זיי גלייך דערנאָך פאַרגעלייגט צו גיין זיך אָפּרוען. אָבער דער שמייכלענדיקער מאָרגען האָט גאָרנישט געוואָלט הערן דערפון. כאָטש אַ קילער, צוריקגעהאַלטענער באַאַבאַכטער, האָט נאָכ־אַנאַנד געקאָכט אין אים די אַמעריקאַנער רירעוודיקייט.

— וועל... — איז ער געווען פונדעסטוועגן אַביסל באַרוישט, שטייענ־דיק איבערן פול־אָנגעשטעלטן טיש — די „וויסקי" אייערע... גלייך איך... ס׳אַ גוט ביסל... טאַקע אייגענע פּראָדוקציע? — האָט ער באַלד אויפן אָרט געוואָלט וויסן.

— וואָס הייסט? — איז בן־צבי געווען אַלץ פאַראַמאָל: שטאָלץ, אויפ־

ריכטיק און ממש פּאָעטיש — תוצרות האָרץ... — ס'פעלן ביי אונדז נאָך אַ סך זאַכן, כמעט אַלץ. אָבער אָט די ראַפּינירטע ווייגען... איר פאַרגעסט: ס'איז די זון, וואָס גיסט אָן פול די טרויבן אויף די וווּנדערלעכע היסטאָרישע שיפועים פון אונדזער לענדל...

— און צו עסן, כ'מיין... ווי זאָגט מען עס... ברויט האָט איר אויך? אַ? נישט צופיל? — און ער האָט ברייט געלאַכט מיט זיין פאַלשן קאַסטן ציינער.

מ'האָט געזען, אַז טאַטיאַנאַ איסאַקאָוונאַ האַלט זיך קוים אויף די פיס. זי איז געווען בלייך און מאַט. זי איז נישט געוווינט געווען צו די האַסטיקע אַוויאָן־רייזעס. און די שטילע, סימפּאַטישע פרוי, אביבה, וואָס האָט אַזוי וואַרעם אויפגענומען די געסט ביי איר אין הויז, האָט זי באַלד אַוועקגעפירט אויפן העכערן גאָרן אָפּרוען זיך. די אויגן האָבן זיך מיד געשלאָסן אויף דער באַקוועמער סאָפע, פאַר די האַלב־צוגעלענטע לאָדנס, אויפן אויבערשטן גאָרן איבער דער וועראַנדע, ווען אין דרויסן האָט געבאַקן די זון פון נאָכמיטאָג. פון אונטן ערגעץ האָט זיך קוים דערטראָגן אַ ווייטער, פאַרשטיקטער גערויש פון קולות, די סירענעס פון שיפן און דאָס מיטזומערדיקע זשומען פון אינזעקטן, כאָטש מ'האָט זיך שוין באַלד געריכט אויף די האַרבסט־רעגנס.

די שטילע אביבה, וואָס איז געקומען פון אַ קיבוץ אין עמק, האָט אין איר איינפאַכער, אָבער ריינלעכער קליידונג, אין אירע פשוטע רייד, פונדעסטוועגן נאָך איינגעהאַלטן די גאַנצע פּראָסטלעכקייט פון אַ קיבוץ־מענטש. כאָטש מאַניקירטע און געפּלעגטע, זענען אירע גרויסע הענט פאַרבליבן אַביסל צופיל־מאַנסבילש און אָפּגעאַרבעט. ס'איז אויך געווען איבער איר טבע צו לאָזן זיך נאָכאַנאַנד באַדינען דורכן אָרעמען תימנער מיידל אין הויז. בן־צבי דערפאַר — אַ קאָכיקער, אַ ווייט־זעעוודיקער — האָט אין משך פון די לעצטע פאַר יאָר שנעל אַרויפגעצויגן אויף זיך די וויכטיקייט פון אַ פּקיד, אַ פירער, אַ מלוכה־מאַן, וואָס מוז געפינען פאַר יעדן מין מענטש אַ שמייכל, אַ פּאַסיקע רעפּליק, אַ פּאַסיק וואָרט. ווייל די הסתדרות, דער אַלגעמיינער פּראָפעסיאָנעלער פאַראיין פון לאַנד, וואָס ער איז געווען איינער פון אירע זיילן, איז לעצטנס ווייט אַריבערגעוואַקסן דאָס, וואָס זי איז געווען ביי איר סאַמע אָנטשטיין; דעמאָלט, ווען דאָס לענדל איז נאָך באַשטאַנען פון כמעט בלויז כביש־לייגערס, בנין־אַרבעטער, קיבוץ־לייט און ווען אַלע כמעט האָבן זיי געטראָגן אין זיך דעם גרויסן האַס קעגן מאַנדאַטאָר. אַצינד האָט די הסתדרות געמוזט זיין פּילזייטיקער, דער עיקר מיטן אָנפּליסן פון דעם נייעם שטראָם עולים, די

לייט, וואָס קומען פון פאַרשידענע לענדער, מיט פאַרשידענע איינפלוסן, ספּעציעל די פון די מזרח־אייראָפּעאישע לענדער...

ערשט ערב זון־זעצן־זיך זענען זיי אַלע, אויסגערוט, נאָך אַ פרישן טואַלעט, ווידער געווען צעזעצט אויף דער וועראַנדע. מיט דער מילדקייט פון ווינטל, האָט מען געפילט, אַז דער אָוונט קומט. צוזאַמען מיטן ברייט־לעכן, פריינדלעכן בן־צבי, איז אַראָפּגעקומען פון דער שטיג אַ קליינער, רירעוודיקער ייד, מיט גרויע, שיטער־צעפלויגענע האָר, אָבער מיט יינגע, לעבעדיקע אויגן פון אַ נביא. דער שטויב איז נאָך געלעגן אויף זיין צע־שפּיליעט העמד, אויף זיינע שיך, אויף אים אינגאַנצן. ער איז דאָ גלייך היימיש געווען מיט דער גאַנצער געזעלשאַפט.

— דער טעלעפאָן — האָט ער פאַר אַלעמען דערציילט, ווי עפּעס אַ גרויסן חידוש — האָט מיך פאַרכאַפּט ערגעץ אַרום ראשון־לציון... אויף אַ פייערונג לכבוד דעם יסוד־לייגן פון אַ נייעם בנין. אַזעלכע פייע־רונגען האָבן מיר דאָ אַלע טאָג, קיין עין־הרע. עפּעס אַ חדר־האוכל אין אַ קיבוץ... האָב איך געכאַפּט אַ טאַקסי און בין גלייך געפלויגן אַהער. איך האָף, אַז איר לאַנגווייליקט זיך נישט ביי אונדז, מיסטער מאָרגען?

און אויך טאַטיאַנאַ איסאַקאָווּנאַ האָט ער, שמייכלענדיק אַזוי העפ־לעך, ווי ער האָט נאָר געקענט, אָפּגעשמעקט אַ ווייך הענטל און זיך גלייך פאַראינטערעסירט מיט איר טואַלעט:

— מען זעט גלייך, אַז איר קומט פון פּאַריז... ווי דען? — די עלעגאַנץ זייערע... וואָס טויג מיר דאָרט... מיר וועלן נאָך אַ סך האָבן צו לער־נען זיך ביי די גויים... זיי ווילן עס דאָ אָבער נישט פאַרשטיין...

מ'האָט זיך גלייך דערוווּסט ביי אים, אַז ער קומט פון אייראָפּע, פון פּאַריז, פון ווין, פון בערלין. בן־צבי האָט זיך ברייטלעך געוויגט אין דער ליג־שטול, געלאָזן אים דערוויל רעדן, און מיסטער מאָרגען האָט אַלע־מאָל דאָרט אַ שמעק געטון צו די פלעשער אויפן טיש. דאָס תימנער מיידל מיט די הייסע אויגן, האָט אינצווישן אָנגעברענגט טעצעלעך מיט קליינע, בלייכע אייער, שמעקנדיקע קאַווע אין אָריענטאַלישע וואַזעלעך, סאַלאַדן, פּרוכטן. די פּרוי אביבה האָט זייער געבעטן די געסט זיך צורוקן נענטער צום טיש. נאָר דער קליינער, גרויער מאַן האָט דאָרט אַלץ אָוועקגעמאַכט, נישט געהערט אַפילו, פאַרשאָטן מיט אַש פון די אָפּגעברענטע סיגאַרעט־לעך דעם טיש, די פּאָדלאָגע, די הויזן און איז אַריינגעפאַלן אין דער ליג־שטול, בלייבנדיק אַזוי־ווי הענגען, מיט די קורצע פיס, קוים אָנרירנדיק דעם באָדן פון די שיין־אויסגעפלאַסטערטע שטיינדלעך.

— מיר פאַרשטייען אויסגעצייכנט — האָט ער געזונגען האַרב —

וואָס איך, אַ שטייגער, ברענגט צו אונדז... דווקא אין אַזאַ, וואָלט איך געזאָגט, נעווראַלגישן מאָמענט...

טאַטיאַנאַ איסאַקאָווונאַ האָט אים דערביי קלוג און שמייכלענדיק און דורכדרינגלעך אַ באַקוק געטון. זי איז נאָך אַלץ נישט געהאַט געקומען צו זיך. נאָר מ'האָט געזען, אַז די רייד פון דעם מאַן וועקן פּלוצים איר שאַרפע אויפמערקזאַמקייט. ס'איז טאַקע געווען אַ רייד וועגן די נישט־לאַנג פאַרגעקומענע וואַלן אין לאַנד, וועגן די פאַרשידענע און פאַרשידנ־אַרטיקע ליסטעס, גרופּירונגען און פּאַרטייעלעך, וואָס זענען אויסגעוואַקסן, מען ווייסט גאָר נישט פון וואַנען און ווי אַזוי; און מיסטער מאָרגען האָט זיי דאָרט שטאַרק גערימט:

— מיר זענען, ווייסט איר, סאָציאַליסטן, נישט די־אַ... ווי הייסן זיי ביי אייך... כאָטש ווייטלעך פון ציוניזמוס, אָבער — דאָס, מיינע פריינט, וואָס פּאַראייניקט אונדז אין איצטיקן מאָמענט... כ'האָב עס, אגב, מיט אַ וואָך צוריק געזאָגט אויף אַ גרויסן מיטינג אין ניו־יאָרק... אין איצטיקן מאָמענט, האָב איך באַטאָנט, פאַרדינט מדינת ישראל יעדע שטיצע, וואָס זי באַדאַרף...

בן־צבי און דער קליינער, גרויער מאַן האָבן אים געגנוי פאַרשטאַנען, אָבער... ס'זענען נאָך פאַרבליבן נישט ווייניק „אָבערס"...

— דאָס פּראָבלעם פון אונדזער מקי' (קאָמ. פּאַרטיי) — האָט דער קליינער, גרויער מאַן אַריינגעטייטשט — דאָס הייסט, פון אונדזער היי־מישער עקספּאָזיטור פון אַ פרעמדער מלוכה... איז אַ גאַנץ באַזונדערס. אפשר נישט ווי ביי אייך דאָרט. זיי וועלן ביי אונדז ווייט נישט דערגיין... ביי אונדזער נאַציאָנאַלער אויפוואַכונג, אין אונדזערע באַדינגונגען, האָבן זיי קיין פּאָזיטיווע ראָלע נישט געשפּילט... אויסער, נאַטירלעך, אין לעצטן פערטל שעה... דאָס זענען קלייניקייטן... און דאָס פאָלק פון ישראל וועט עס לייכט פאַרגעסן... זיי שטעלן פאָר מיט זיך אינגאַנצן 3 פּראָצענט פון די וויילער... וואָס איז עס דען, כ'בעט אייך?...

— כ'מיין, אַז איר זענט אַביסל אין טעות, מיינע פריינט... — איז מאָרגען צוריק געוואָרן אויפגעלעבט — איר דערשאַצט נישט ווי געהעריק די געפאַר... מיר, פון אונדזער זייט, האָבן אויך אַמאָל געבויט אַזעלכע טעאָריעס. איר זאָלט מיר מוחל זיין. מיר רעדן דאָ, לאָמיר זיך פאַרשטעלן, נישט דווקא ווי יידן... נאָר ווי אָנגעהעריקע, וואָלט איך געזאָגט, צו אַ געוויסער ציוויליזאַציע־פאָרם, צו אַ געוויס איינגעשטעלט אַרט־לעבן... דאָס איז אַזאַ מין פעסט, מיינע פריינט, וואָס קומט, מען ווייסט גאָר אַליין נישט פון וואַנען, מעג בלויז אַ קליינינקער מיקראָב ערגעץ ווו זיין פאַר־שטעקט...

נו, וואָס שייך צוריקציען זיך פון וועלט־פאַרבאַנד פון די פּראָפּעסיאָ־נעלע פאַראײנען, איז די זאַך צוערשט געשטאַנען נישט אַזוי אײנפאַך. דאָ האָט שוין בן־צבי געערדט גאַנץ אָפן, כאָטש דער קלײנער, גרויער מאַן האָט אַלץ באַמיט זיך אײנצוװיקלען אין הויכע, וויכטיקע רייד, אין פּראָזע, אין ציטאַטן פון קאַנט, שאָפּענהויער און פון די נביאים; ווייל ער האָט פאַרשטאַנען, אַז אויב ס׳איז דאָ אַ וואָרף געטון געוואָרן אַ וואָרט וועגן הילף, דאַרף מען אפשר נישט באַלד... ס׳שטעלט זיך אָבער אַרויס, אַז וואָס פאַראַ דרוק מען זאָל נישט מאַכן אויף די פריש־אָנגעפאַרענע אין לאַנד אַריין ביים פאַרטיילן, למשל, דעם מינדעסטן אַרבעטס־פּאָסטן, אַ דירה, צו אָפּ־טירן פאַר דער רעגירונגס־פּאַרטיי, שוין נישט רעדנדיק, וואָס בעת די וואַלן... זענען די רעזולטאַטן נישט גאַנץ זיכערע. ס׳וועדט געפירט אַרום דעם אַ היפּשע פּראָפּאַגאַנדע פון די לינקערע, פון מפ״ם, שוין אָפּגערעדט פון דער מק״י אַליין. דאָס אַלץ דאַרף נאָך איבערגעקאָכט ווערן, ווייל — די אײנפלוסן... די אײנפלוסן פון די לענדער, פון וואַנען זיי קומען אַלץ. געגנוג שרייען זיי שוין דאָרט... און — ס׳שטערט, ס׳שטערט נישט ווייניק אַפילו דאָרט, ס׳איז דעליקאַט...

כאָטש דער אָוונט איז פּלוצים אַראָפּגעפאַלן, האָט בן־צבי זיי פאַר־געלייגט דורכצופאָרן זיך אַביסל; נישט חלילה גיין אָנקוקן עפּעס מערק־ווירדיקייטן, דערויף וועט מען נישט פאַרשפּעטיקן, נאָר טאַקע אומגעריכט אַרײנצופאַלן גראָד אויף אַ וויכטיקער קאָנפערענץ פון קיבוץ־פאַרשטייער וועגן אַזעלכע פראַגן, אַ שטייגער, ווי זריעה און פּראָדוקטן־פאַרטיילונג, ליפערונגען פון אויסלענדישע רוי־שטאָפן, פיטערונג פאַר די הינער און בהמות מצד דער רעגירונג, און די אַגראַר־צושטעלונגען פון די קיבוצים. פאָרגעקומען איז עס נישט גאַנץ ווייט פון דאַנען, אינגאַנצן אַ קילאָמעטער 20 פון חיפה, אין אַ קיבוץ אַרום עין־חרוד.

— זיי זיצן שוין דאָרט אַ טאָג מיט אַ נאַכט און טייטשן אַריין אין די ענינים... — האָט בן־צבי געלאָזן פאַלן — איר קענט נישט אונדזער קאָ־כעדיקן עולם... ס׳איז, דעם אמת געזאָגט, טאַקע אַביסל שווערלעך אַדורכ־צוקומען...

בן־צבי אַליין איז געזעסן ביים רעדל. ס׳איז נאָך געווען אַ גאַנץ נישקשהדיקער „שעוורָאָלעט״. מיסטער מאַגען האָט אַפילו אונטערגע־שמייכלט, דערכאַפּנדיק באַלד, אַז דער מאָדעל איז שוין ביי זיי דאָרט, איז די שטאַטן, באַלד אַ פאַרגעסענער, שוין לאַנג אַרויס פון דער מאָדע.

— ער פרעסט עפּעס אַ סך ברענ־שטאָף? — האָט ער געפרעגט זייער נייגעריק, נישט אָן שמייכל.

— נישט ווייניק — האָט בן־צבי האַסטיק געלאָזן דעם אָנצינדער — אָבער וואָס פאַרא ראָלע שפּילט עס דען, כ'בעט אייך, ווען מען אײַלט טאָג און נאַכט אין וויכטיקע שליחותן...

זיי זענען אַראָפּגעשטיגן פון הר הכרמל, דרום־מזרח־צו, צום עמק יזראעל. די שיין־וואַרפערס האָבן מיטאַמאָל פאַרגאָסן מיט בלענדיקייט די לאַנגע, געמויערטע ווענט פון עפּעס אַ פאַבריק־געביידע, באַקלעפּט נאָך מיט די אָפּגעפליקטע און אָפּגעוואַשענע וואַל־אַפישן. באַלד דערלעבן, צווישן נאַקעטע פעלזן, צווישן בלענדיקע זאַמדן — אַרומגעוואַשענע ביידלעך אין טאָל, אונטערן האַרבסטיק־אויסגעשטערנטן הימל. דאָ האָט זיך טאַטיאַנאַ איסאַקאָוונאַ אַרויסגעבויגן, נאָר דער קלענער, גרויער מאַן, וואָס האָט זיך מיטגעשאָקלט מיט זיי אויפן הינטערשטן זיץ, האָט זיי באַצייטנס דערקלערט מיט זיין טויב באַסל:

— דאָס איז אַן איבערגאַנגס־לאַגער פון די פריש־אָנגעפאָרענע. זיי פאַרבלייבן דאָ אַ גאַנץ קורצע צייט...

— און דערנאָך?

— דערנאָך וואַרטן זיי אויף זייער ריי, ביז עס ווערן אויסגעפּאַרטיקט די נייע הייזער אין בוי... מען קען זיך נישט צערייסן, מיין ליבע פרוי... איר פאַרשטייט?

— פאַרשטייען, פאַרשטיי איך — האָט זי דאָ דאָס ערשטע מאָל גע־לאָזן הערן איר שטרענגע, אָבער מעלאָדישע שטימע — נאָר נישט אַלע ביי אונדז ווילן עס, ליידער, פאַרשטיין... ליידער...

ווי ווייניק די לייט זענען איבעראַשט געווען פון דער פאַרכאַפּנדיקער אָוונט־לאַנדשאַפט, פון די ווייכע, בלויע קאָנטורן אונטערן מילדן, האַרבסטיק־אויסגעשטערנטן ישראל־הימל, ביים סאַמע ראַנד מיט עמק, די צופעליקע אַמעריקאַנער געסט. פון גאָרנישט זענען זיי איבעראַשט געווען און מיט קיין איין וואָרט אַפילו זיך נישט אָפּגערופן. די טרוקענע געשעפטלעכקייט זייערע האָט פונדעסטוועגן אַביסעלע פאַרדראָסן, אַפילו ווײ־געטון, אי בן־צבין, אי דעם קליינעם גרויען מאַן.

# 6

אין די לעצטע טעג פון חודש אדר, שנת תש״ט, נאָך וואָכן־לאַנגע, ווינטערדיקע גאָס־רעגנס, ווען די זיבן אַראַבישע אַרמייען זענען שוין כמעט פאַריאָגט געווען אויסער די גרענעצן; ווען אין די טאָלן און אויף די שיפּועים האָבן די אַרומגעבראָכענע פּרדסים און וויין־גערטנער ווידער זיך באַדעקט מיט אַ פּוכיקן גרין, אויפסניי האָט די לינדע זון אַ וואַרעם־געטון אין לאַנד — האָט אַראָפּגענידערט אַ מאַן פון אויבערשטן גליל, צופוסנס דעם באַרג חרמון, מיט אַ רוקזאַק אויף זיין אַרעם, אין די אויס־געלאַטעטע אַרבעטס־קליידער אויף זיינע לענדן, מיט אַ קרומען מאַנדל־שטאַק אין זיין קנאָכיקער האַנט. ער האָט איבערגעלאָזן זיין הויזגעזינד אין אַ קיבוץ, בשכנות פון כפר־גלעדי און תל־חי, און איינער אַליין האָט ער געצויגן צו באַזעצן זיך אין אַ פאַרלאָזן אַראַביש הויז, אין אַ שטאָט פון מיטעלן נגב, וואָס איז נאָר־וואָס געשטורעמט געוואָרן דורכן העלדישן פּלמ״ח.

ביז גדרה האָט זיך דער ייד — וואָלף כייקינס עלטערער ברודער דוב — מיטגעכאַפּט אַביסל מיט די מיליטערישע טראַנספּאָרט־וואָגנס, וואָס האָבן פאַרפּאַקט די שאָסייען, און אַביסל מיט די ציווילע מאַשינעס; און כאָטש ער איז שוין נישט געווען אַזוי פלינק, ווי די אַלע בחורים און בחורות, אין די קורצע הויזן, אין די העמדלעך, וואָס האָבן, נאָכלויפנדיק, קונציק אָנגעכאַפּט זיך ביי אַ שטאַנג, געקלעטערט אויף די הויכע לאַסט־וועגן, מיט די שויבערס אין ווינט, האָט ער זיך פונדעסטוועגן פעסט איינ־געקלאַמערט מיט זיינע קנאָכיקע הענט און איז געשיקט, ווי אַ יונגערמאַן, אַרויפגעשפּרונגען סאַמע סאַמע אויבן.

דער חורבן אויף די וועגן איז נאָך געווען גרויס. אַ שטראָם פון פריש־געקומענע אין לאַנד אַריין איז אַוועק באַזעצן זיך אין די פאַרלאָזענע הייזער

און האַלב־פּאַרטיליקטע געביידן פון די דעראַבערטע שטעט און ישובים. אומעטום האָט מען שוין צוריק פאַריכט, געבויט, געאַקערט און געפלאַנצט. ס'איז געווען שווייגן און שטומע, קילע פאַרביסנקייט אין די דורכגעווייניקטע און דורכגעזויניקטע פּנימער פון די פלייסיקע לייט. קאַרגע רייד. מ'האָט נישט באַוויינט די געפאַלענע.

פון גדרה, דאָרט, ווו דער וועג פאַרקירעוועט זיך צו באר־טוביה און צו נגבה, וועגן וועלכע מ'האָט זיך אָנדערציילט כלערליי וואונדער, ווי אַזוי זיי האָבן דאָרט אויסגעהאַלטן דעם אָנשטורעם פון די מצריים, האָט דער ייד נאָכן האַלבן טאָג שוין געשפּאַנט צופוס, אין אַ זייט פון שמאָלן פּאַס כביש, ווייל דאָ האָט דער שאָסיי מיטאַמאָל אָפּגעווייכט דרום־מערב צו; ער איז אין יענע יאָרן אויף דער שנעל אויסגעבויט געוואָרן דורך דער מאַנדאַטן־מאַכט, ווי אַ סטראַטעגישער וועג, ביז צו דער עגיפּטישער גרעניץ־אַראָפּ. „מען וועט אַצינד באַדאַרפן נעמען זיך אויסברייטערן די שמאָלע שאָסייען אין סטעפּ — איז דעם ייד דורכגעפלויגן — מען וועט בכלל דאַרפן נעמען בויען. דערפאַר אפשר האָט אים די „סולל בונה" געשיקט אַהער". ווייל אויב געבויט, האָבן זיי דאָ נאָר פאַר זיך, די ענגלענדער, פאַר זייער קאָלאָניאַלן נוצן וועגן. אויך איז דאָ קיין בוי־מאַטעריאַל נישט געווען, אין דעם נאָענטן סטעפּ. מען האָט זיי באַדאַרפט צו ברענגען פון ווייט, די אָנגעשפּאָלטענע קיזל־שטיינער, אָנלייגן זיי הויך, שיכטנווייז, די ערד זאָל זיי נישט איינזינקען בעת די ווינטערדיקע שלאַקס־רעגנס, די כאַמסינווינטן מיטן אָנגעטראָגענעם, דינעם מדבר־זאַמד זאָלן זיי אין די הייסע חדשים נישט פאַרווייען און אָפּמעקן.

דאָ האָבן זיך שוין די פלינקע, מיליטערישע דזשיפּס און לאַסט־מאַשינען מער אַזוי אָפּט נישט פאַרהאַלטן. זיי זענען געפאָרן אין לאַנגע, שטומע קאָלאָנעס, אַראָפּצו, אין מדבר אַריין. דער ציווילער טראַנספּאָרט איז נאָך געווען אַ גאַנץ קנאַפּער; די איינציקע אויטאָבוסן, וואָס האָבן קורסירט, זענען באַזעצט געווען קאָפּ־אויף־קאָפּ און באַהאָנגען פון אַלע זייטן. דאָ האָט זיך שוין געוויזן בלויז נאַקעטער סטעפּ, ווייניק ישובים. ווילדע, שטעכיקע קרייטעכצער האָבן שיטער באַדעקט די שטחים, וואָס האָבן אייביק געלעכצט נאָך באַוואַסערונג. ס'איז אים אָבער ליב געווען דאָס שפּרייזן. ביז נאַכט איז נאָך געווען ווייט. ס'איז געווען מחיהדיק־לינד, ערב־פּסחדיק. האָט ער צעשפּיליעט דעם ענגן קאָלנער פון אַרבעטס־העמד, פאַרוקט אין שטערן אַריין דעם דאַשיק, פאַרשפּריצט פון וואַפּנע און פון ליים; און פון צופיל ליכט, באַטראַכט מיט צוגעזשמורעטע אויגן־שפּעלטלעך, אַזוי ווי צום סאַמע ערשטן מאָל, די בלויע, דורכזיכטיקע, וויסטע רחבות, וואָס האָט זיך ווייט געעפנט פאַר זיין בליק.

דער סטעפּ, אונטערן טיף־אויסגעבלויטן הימל־געוועלב, האָט זיך גע־פּאַרעט אין דער יונגער זון. די קליינע ווינטער־טייכלעך, די וואַדיס, האָבן גענומען איינגיין, אויסטריקענען, מען האָט שוין די טיפע גראָבנס באַלד געקענט אַריבערשפּרייזן צופוס. דאָ זענען שוין אַפילו זעלטענער געווען די פּאַרלאָזענע אַראַבישע דערפלעך, די פינצטער־צונויפגעטוליעטע ערד־שטיבלעך, צונויפגעקלעפּט פון בלאָטע און אייזל־מיסט, אָפּגעשלאָסענע פון דרויסן, מיט די בלינדע ווענט צום טראַקט, מיט די אויפגעריסענע טירן און לעכער אין די הייף אַריין.

דורך די קורצע עטלעכע חדשים, זינט ווען די אַראַבישע געזינדלעך האָבן אינמיטן דער נאַכט עוקר געווען פון דאַנען, זענען שוין פאַרוואַקסן געווען די שטעגן, וואָס האָבן געפירט צו די קליינע, פאַרלאָזענע מעטשעטן. אויף די געוועלבטע באַלקאָן־טורעמלעך, ווו דער מועדזין איז עטלעכע מאָל אין טאָג אַרויף און מיט אַ גאָרגלדיקן ניגון גע־רופן די גלויביקע צו דער תפילה, האָבן זיך געקליבן טשאַטעס ווילדע סטעפּ־פייגל. דאָס זענען געווען גרויסע, גרוי־באַפעדערטע רויב־פייגל. זיי זענען לענגאויס דעם וועג געווען צעזעצט אויף די האַלב־אומגעלייגטע טעלעגראַף־סלופּעס, נאָכגעשפּירט מיט איין אויגל, פון אַ פייערדיקן געל, די פריידיקע געטשוויטשערײַ פון די מחנות גן־עדן־פייגע־לעך; זיי זענען געשפּרונגען איבער די צעריסענע דראָטן, די פייגעלעך מיט די רויט־בלויע העלדזלעך און בייכלעך, מיט אויפגעשטעלטע קרוין־פעדערן, געהיפּערט איבער די טרוקענע און שטעכיקע קרייטעכצער פון סטעפּ און דורכגעשניטן די לופט, ווי אַ פיילן־שאָס.

דער ייד האָט די געגנט אַרום אויך גוט געקענט; ער האָט שוין נישט צום ערשטן מאָל געהאַט אויסגעשפּרייזט צופוס אַלע ווינקעלעך פונעם זוניקן לענדל, ווו ס'קומט אָן אַזוי שווער און ביטער אַרויסצורייסן דאָס שטיקל ברויט פון דער ערד אַרויס; שווער און ביטער — אָבער געטראָטן איז ער דאָ פאַרט איבער אייגענער ערד. מיט עטלעכע און צוואַנציק יאָר צוריק איז ער איינמאָל געקומען אָנצופאָרן אַהער, צו די ברעגן פון לאַנד, אויף אַן אַלטער גריכישער שיף, צוזאַמען מיט אַ פריילעך־צעזונגענער חברה. זיי האָבן גאָרנישט פאַרמאָגט און גאָרנישט באַדאַרפט. געקומען זענען זיי אַהער פון פוילן, פון עפּעס אַ הכשרה־קיבוץ אויף וואָלין, אין קורצע, פאַר־ביק־אויסגעניטע העמדלעך, מיט שויבערדיקע האָר, מיט עקסטאַז און התלהבות פאַר די שווערסטע אַרבעטן אין לאַנד, מיט אַ פולן קאָפּ ציטאַטן פון באָראָכאָוו און הערצל, פון מאַרקס און א. ד. גאָרדאָן. דאָרט איז סיי ווי מער גאָרנישט געווען וואָס צו באַדויערן. ס'איז אַפילו נישט אַזוי לייכט

געווען אַריינצופּאַסן די אַלע ציטאַטן אין דער היגער ביטערערווירקלעכ־קייט, אָבער קיין שום זאַך איז דאָ לייכט נישט אָנגעקומען...

זיי זענען אַלע אַוועק צו דיביידלעך פון עמק, פון גליל, געטריקנט די זומפּן, אויפגעריסן די פעלזן, אַרויסצובאַקומען אַביסל גרינס פון דער נאַקעטער לאַנדשאַפט, דורכגעשניטן שאָסייען צווישן די ווילדע הויכקייטן און טאָלן, געטאַנצט הוראַס ביזן לעשן זיך פון די שטערן און דורך די פינצטערע נעכט פון סוף חודש געהיטן אויפן וואַסער־טורעם, מיט דער ביקס אין האַנט, פאַר די פיינטלעכע אַראַבישע שכנים. דאָס אַלץ איז, נאַטירלעך, געווען אַמאָל — די ראָמאַנטיק, די הוראַ־טענץ און די לידער. זיין דור, יענער דור, האָט זיך שוין פון לאַנג געהאַט אויסגעניכטערט פון דער ראָמאַנטיק. און אויב יאָ — איז עס גיכער געווען די ראָמאַנטיק פון דער האַרבער ווירקלעכקייט. „מען טאַנצט אַצינד — האָט ער זיך געכאַפּט — בכלל ווייניקער אָט די עקסטאַטישע הוראַ־טענץ. ווייסעך... די יוגנט דאָרט... אָבער ס'איז נישט דאָס, וואָס אַמאָל".

און אָט בליען פונדעסטוועגן יידישע ישובים אומעטום, וווּ ס'איז פריער געווען וויסטעניש. מענטשן זענען געקומען און אַוועק. ווייניק זענען זיי פאַר־בליבן פון יענעם דור. איינצלנע, עקשנים. איז ער דען נישט געווען איינער פון זיי, דוב כייקין? — אַ וועטעראַן פון זומפּן־טרוקענען און מאַלאַריע־פיבער, שליח אין קיבוצים־ראַט, אין דער „הסתדרות", דעלעגאַט צו די אויסלענדישע הכשרה־גרופּעס, דער נערוו פון דער אומלעגאַלער „הגנה" אונטער דער מאַנדאַטן־מאַכט אין זיין סעקטאָר, אין אויבערשטן גליל, אַפילו קאַנדידאַט אין כנסת און — איז פונדעסטוועגן פאַרבליבן אַ שוואַרץ־אַרבעטער, אַ טראַקטאָריסט, אַ כביש־לייגער, מיט שווערע, אָדערדיק־אָפּגעאַרבעטע הענט, מיטן געלן מעטער, שטענדיק פאַרשטעקט אין די הויזן־קעשענעס.

וועגן דוב כייקינס אַוועקגיין אַרבעטן אויפן כביש איז אַדורך אַ פּאַר־שטיקטער געמורמל, מ'האָט נישט ווייניק גערעדט דערפון אין דער לאָ־קאַלער קיבוץ־פּרעסע, אויף די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונגען, אָבער די רעשט האָט מען פאַרשוויגן, דערשטיקט. ס'איז געווען אַן אויסנעמלעכער פאַל פון איינעם, וואָס האָט אַ שטיק פון זיין לעבן אַוועקגעגעבן דעם קיבוץ.

וואָס האָט עס אים דען אַזוי אונטערגעטריבן, דעם מאַן אין די אויס־געלאַטעטע אַרבעטס־קליידער? ביז נאַכט איז נאָך ווייט געווען. ביזן אויפ־פלאַמען פון די גרויסע, ליכטיקע שטערן אין סטעפּ, וואָלט ער אַוודאי שוין נישט באַוויזן אָנצוקומען צו די טיפע גראָבנס און צו די אַלטע מויערן פון דער אוראַלטער שטאָט. אין אויפגעהויבענעם שטויב, האָט אָנגעיאָגט אים אין רוקן אַ קאָלאָנע פון דזשיפּס, מאָטאָציקלעטן, וואָגנס; ער האָט אויך

נישט געפּרוווט מער צו פֿאַרהאַלטן זיי מיט אַן אויפֿגעהויבענער האַנט. ס'האָט אים נישט געאַרט. פֿאַרקערט. ער האָט זיך דאָ, נאָך אַ לאַנגער צייט, דערפֿילט מיטאַמאָל זייער פֿריי, אין דער רחבות פֿון סטעפּ; און האָט ווײַטער פֿאַמעלעך, געשטאָלפּערט אין שטויב. ווען די זון איז שיעור נישט אַרײַנגעפֿאַלן אין ים אַרײַן, האָט אַנגעיאָגט מיטאַמאָל אַ לאַסט־מאַשין; און כאָטש ער האָט שוין מער אַפֿילו זיך נישט אומגעקוקט, האָט זי זיך זייער פּלוצים פֿאַרהאַלטן האַרט הינטער אים.

— היי, דאָרט! — האָט מען זיך צעלאַכט הילכיק אין סטעפּ אַרײַן — ווילסט נישט אַמאָל, אַז די שאַקאַלן פֿון מדבר זאָלן נאָך הײַנט מאַכן איבער דיר אַ סעודה?... אויף די וועגן איז נאָך אומרואיק און ער שפּאַנט זיך אַזוי געמיטלעך, פֿאַרטיפֿט אין התבודדות...

דוב האָט פֿאַמעלעך אומגעדרייט דעם נאַקן און באַלד דערקענט, פֿון אונטערן דאַשיק, סאַמע אויבן, צווישן דער קליינער בעטאָן־מישערײַ, צווישן די געצייג־קאַסטנס און דער חברה יונגוואַרג, לייבעלע רומי, דעם אַרבעטס־פּקיד פֿון „סולל בונה" אין טבריה.

— וואָס שלעפּסטו זיך עפּעס דאָ אַרום אויף די וועגן? — האָט יענער נאָך אַלץ געוואַלדעוועט אין דער פֿאַרנאַכטיקער לײדיקייט אַרײַן — יאַללאַ!... מיר האָבן נאָך הײַנט אַ וועלט מיט אַרבעט אָפּצוטון!

דוב כייקין האָט זיך, ווי געווײנלעך, זייַן טבע, נישט געאײַלט. אַריבער־געשפּרייזט דעם טיפֿן גראָבן, אָנגעכאַפּט זיך מיט די קנאָכיקע הענט אין די הינטערשטע שטאַנגען און באַלד האָט ער זיך שוין מיטן ווינט געטראָגן איבערן שמאָלן טראַקט פֿון סטעפּ. דער אויפֿגעהויבענער שטויב האָט אים אײַנגעהילט, אָבער אַלצאײנס איז ער שוין ווײַס געווען פֿון שטויב.

די לעדערנע ווינט־בלוזע האָט ער נאָך אַלץ נישט געהאַט אַראָפּגע־וואָרפֿן פֿון זיך, לייבעלע, זינט ווען ער האָט איבערגעלאָזן דעם קיבוץ, מיט אַלץ און אַלעם, און איז גאָר געוואָרן אַן אַרבעטס־פּקיד אין „סולל בונה".

— ביסט געשטאַנען ביי אונדז אויף דער טאָג־אָרדענונג, בחור! — האָט ער דובן טויב אַרײַנגעשריגן אין די אויערן אַרײַן, אין ווינט פֿון דער פֿליענדיקער מאַשין.

— אַזוי? — האָט דוב כייקין, ווי פֿאַרשעמט, אַראָפּגעלאָזן דעם קרוי־מען דאַשיק און האָט געפּרוווט אָפּצוהאַקן.

— ביסט אַ ביטערער עקשן, אויף מיין וואָרט... דאָס ווייסן מיר שוין פֿון לאַנג. אָבער האָסט דאָרט, זאָגט מען, אויפֿגעהויבן פֿראַגן, וואָס האָבן אַלעמען אַביסעלע צעררודערט...

— אַז מען וויל — יאָ. — האָט ער נאָך אַלץ קאַרג געענטפערט און צוריקגעהאַלטן געשמייכלט מיט די גרויסע, קרומלעכע ציין — אָבער מער פון אַלעמען — צערודערט זיך אַליין; ווייל דו, איר אַלע, איר נעמט זיך קנאָפּ־וואָס איבער... איר דערשרעקט זיך, אַ שטייגער, פאַרן וואָרט „קריזיס". נישט שייך צו באַהאַלטן און צו פאַרדעקן אַ חולאת, וואָס פרעסט דעם גוף. כ'וועל, פאַרשטייט זיך, פון קיבוץ סוף כל סוף נישט אַוועקגיין. דאָרט לעבט מען כאָטש ערלעך...

— און אַז יאָ, וועט דיר די „הסתדרות" נאָך אַלעמאָל צוטיילן אַ פּאָר טעג אַרבעט... כאָטש מען קוקט, ווייסטו, נישט גערן, אַז מען גייט נישט אין אַלגעמיינעם שפּאַן פון אונדזער אויפבוי־ווערק... אָבער צוריקגערעדט — די קיבוצים... מען לאַנגווייליקט זיך דאָרט, וואָס אַן אמת, געננוג, אַ? אַזוי איז — באַוועגונג, טעמפּאָ. זיי ווערן דאָרט אַנטשלאָפן, פאַרשימלט, די חברה. מילא, דו ווייסטעך... אַ מאַנאַסטיר, בחיי... „טשאָרט פּאָביערי"... פאַרשטייסט, אָבער דו נעמסט טאַקע אַלץ אויפן פונקט, ווי אַמאָל...

— נאָכוואָס, לייבעלע, די רייד? — האָט ער אים געמומען נישט אינגאַנצן ערנסט — וואָס, מיר קענען זיך פון היינט? איך געדענק נאָך די חברה פון דיין עליה. ווו זענען זיי דען, די אַלע? און דיר אַליין האָט עס דען נישט אונטערגעהויבן? ס'האָט דיר אָבער אַלעמאָל געצויגן צו ווערן אַ שטיקל פּקיד, זיין „אַ מענטש פאַר־זיך"... קאָלעקטיוו... קאָלעקטיווער גייסט... פראַזן וועגן סאָציאַליזם, גאָרדאָניזם, ברענעריזם... כמעט טאָל־סטאָיאַנער, ווי מיר זענען דעמאָלט געווען... דאָס אַלץ איז גוט געווען פאַר איך, ווען איר זענט אַביסל יינגער געווען, ענטוזיאַסטיש. ווען ביסט פאַר־ליבטערהייט נאָכגעגאַנגען צפּורהן, די מיטן בלאָנדן לאָק, פון איין קיבוץ אין אַנדערן, האָסט צו איר גערעדט פּאַטעטישע רייד, ציטירט ביאַליקן...

— האָט דוב אָפּגעהאַקט אַרויסגעלאַכט — און אַפילו דעם שיר־השירים, אויב כ'בין זיך נישט טועה... זי איז אָבער קליגער געווען ווי דו, זעסטו. היינט איז זי די מאַדאַם פון אַ מיניסטער, באַגלייט אים אויף אַלע זיינע רייזעס קיין אויסלאַנד, וווינט אין אַ שיינער ווילע אויפן הר הכרמל און לאָזט זיך באַדינען פון די קליינע תימנער מיידלעך...

— ווייסט וואָס כ'וועל דיר זאָגן, דוב? — האָט זיך יענער שוין גע־פילט אַביסעלע געטראָפן — מ'האָט דיר אָבער אַלעמאָל געהאַלטן פאַר אַ שטיק בטלן...

— אָבער פון קיין אַרבעט בין איך קיינמאָל נישט אַנטלאָפן און וואָס כ'האָב געהאָט צו זאָגן, האָב איך געזאָגט!

ווען די נאַכט איז פלוצים אַראָפּגעפאַלן אין סטעפּ, זענען זיי שוין גע־האַט פאַרפאָרן ביז צו די נידעריקע, געוועלבטע קאַלאָנען־געביידעס אויפן

האַלב־רונדיקן שוק (מאַרק). קיין עלעקטריע איז אין דער נאַר־וואָס דע־ראָבערטער שטאָט נאָך נישט געווען. דאָ און דאָרט האָבן נאַפּט־לאָמפּן געקאָפּטשעט אין די פענצטער, אונטער פלאַכע, רונדיקע און שאַרף־אָפּגע־האַקטע דעכער. אין דער בלוי־אָנגעפּאַלענער פינצטערניש האָט דאָ אַלץ אויסגעקוקט ווי אַ הויפן צעשאָסענער חורבות. די בלינדע ווענט פון די משטרה־געביידן (פּאָליציי) זענען געווען אָפּגעגאָסן מיט אַ העלישער ליכ־טיקייט. דאָס האָבן די סאָלדאַטן אין אַ ווינקל־גאַס, אַרום די אויסגעלאָ־שענע לאַסט־מאַשינעס, ביי דער „שעל"־סטאַציע, אָנגעצונדן אַ שייטער אין אַ סמאָלע־פאַס; צוויי־דריי מויל־האַרמאָניקעס האָבן נאָכאַנאַנד געצויגן דעם עכאָ פון אַ סענטימענטאַלער רוסישער מעלאָדיע — דאָס הערט־זיך ביז דעם נגב. אונטער דער קאָלאָנאַדע פון דער קאַפע „אשל" האָבן נאָך די בחורים און די בחורות אין לינדן אָוונט געטרונקען זויערלעכן „מיץ" פון קאָנסערוון־שאַכטלעך, געזויגן אַמעריקאַנער סיגאַרעטן און אַרומגעפּלאַפּט. אַ בחור האָט דאָרט אַרום אַ טישל, צווישן צוויי ציפּרעסן, געפּרוּווט אַראָפּבייגן די האַנט פון אַ מוסקולירט מיידל, אַ סאָלדאַט, מיטן גראַד פון אַ סערזשאַנט און מיט אַ הויכן, פעסטן בוזעם. דער בחור האָט זיך אָנגעגאָסן מיט בלוט און בשום־אופן נישט געקענט אַראָפּבייגן איר די האַנט. די מויד אין דער אוניפאָרם האָט דערווייל הויך געלאַכט, מיט אַ פול מויל געזונטע ציינער, און דער בחור האָט זי שטאַרק געריסן:

— הדסה, את אייזן־בעטאָן, בחיי...

— ס'איז אַזאַ היץ און ער רעדט גאָר צו איר העברעאיש !... — האָט אַ קליינער, ברונעטער יונגערמאַן, די קעפּי אָנגערוקט אין אַ זייט, צע־קוועטשט צווישן ביידע פינגער דעם „קאָמעל".

שטייענדיקערהייט, האָבן זיי נאָך געטרונקען גזוז (סאָדע־וואַסער) ביי דער לאַנגער טומבאַנק, אין דער קילער, נידעריק־געוועלבטער האַליע פון דער קאַפע „אשל", אַראָפּצושווענקען דעם אָנגעזעצטן שטויב פון די העלדזער און איידער ער איז צוריק אַרויפגעשפּרונגען אויפן וואָגן, האָט ער נאָך שנעל צוגעוואָרפן דובן, לייבעלע רומי:

— קום אַריין צו מיר מאָרגן אין דער לשכה פון „סולל בונה". ס'איז דאָ באַלד לעבן דער משטרה. מיר האָבן איבערצושמועסן מכוח וויכטיקע ענינים...

מיט מידע שפּרייזן פון אַן איינזאַמען וואַנדערער איז דערנאָך דוב כייקין אַוועק זוכן ערגעצוו אַ נאַכטלעגער איבער דער אויסגעלאָשענער שטאָט אין מיטעלן נגב.

# 7

אויפן נאַקעטן בערגל, צופוסנס דעם שניי־באַדעקטן חרמון, איז אויס־געקומען אַרויפצוגיין אין די יאָרן, ווען אומעטום האָט זיך דאָ געגאָסן בלוט, און דער אַראַבישער טעראָר, כיטרע אויפגעהעצט דורך די ענגלישע קאָלאָניאַלע אָקופּאַנטן, האָט געווילדעוועט דורך די פינצטערע נעכט איבערן לאַנד. אַהער, האַרט ביי דער סירישער גרענעץ, האָט מען געשיקט אַלטע און אויסגעפּרוווטע. ישובים זענען דאָ, אין אויבערשטן גליל, גע־ווען ווינציק, כאָטש איינגעפונדעוועטע, באַשיצטע, אויסגעקעמפטע, אָבער שיטער צעזייט און ווייט־אָפּגערוקט איינער פון אַנדערן.

דאָס קינדער־הויז, געבויט כמעט ווי אַ פעסטונג, האַלב־איינגעגראָבן אינעם פעלז, און די געמויערטע רפת (שטאַל), זענען געווען פון די ערשטע בעטאָן־געביידעס אויפן נאַקעטן בערגל. אויך איז מיטן וואַסער־צופירן אין דער ערשטער צייט שווער געווען צווישן די געבערג; אָבער געאַרבעט האָט מען מיט פיבער און מיט צאָרן. דער נאָענטסטער פּלאַן איז געווען: דער וואַסער־טורעם, אויף די ליידיקע שטאָקן אינוויייניק — די ביבליאָטעק, און אויפן דאַך — דאָס טורעמל, די פּראָזשעקטאָרן. צום סאַמע לעצט האָט מען געזאָרגט וועגן די עטלעכע צענדליק מענטשן גופא.

ביז טיף אין חודש שבט האָבן זיי זיך דאָרט געווייקט אונטער די פוילע, ווינטערדיקע רעגנס אין די אויפגעשטעלטע ביידלעך אויפן פעלז. ערשט אויפן אַנדערן פרילינג האָט מען זיך גענומען בויען די לאַנגע ריי הילצערנע צריפים (באַראַקן) און דעם נידעריקן חדר־האוכל (עס־צימער) — אויך אַ בעטאָנירטן, מיט דיקע ווענט, מיט קליינע, שמאָלע פענצטער־עפענונגען, אָבער דערפאַר מיט אַ לופטיקער דאַך־ווענטילאַציע.

אַביסל קרעדיטן האָט געגעבן דער קרן־היסוד, אַביסל די סוכנות, נאָר אָן די הלוואות פון די פּריוואַטע בענק וואָלטן זיי גאָרנישט אַרויס־

געקראָכן; און דאָס איז אויך נישט אַזוי לײַכט אָנגעקומען. גיכער האָט מען שוין באַדאַרפט רעכענען אויף אייגענער איינצערונג און האָרעוואַניע; און מ׳האָט אויסגעהאַלטן. ווײַל ביז דער ערשטער גערעטעניש איז געווען צו וואַרטן נישט ווינציקער ווי אַ יאָר־אַנדערטהאַלבן, אויב נישט מער — די טאָלן זענען נאָכנישט געווען אָפּגעריייניקט פונעם געשטיין, און וויפל מ׳האָט זיי נישט אַרויסגעקליבן פון רויטן, פעטלעכן באָדן, זענען זיי צוריק אַרויסגעקומען פון אונטערן אויבערשטן שיכט. די אַגראָנאָמען האָבן דווקא איינגעפונען, אַז דאָ קען גוט וואַקסן ווייץ, גערשטן און אַפילו קאַרטאָפל, וואָס איז נאָך געווען אַ זעלטנקייט אין לאַנד. און כאָטש ס׳האָבן דעמאָלט כסדר אויסגעפעלט הענט, האָט מען געמוזט שיקן מענטשן פון קיבוץ צו אַרבעטן אינדרויסן, אין דער „נשר״־צעמענט־פאַבריק, אין די ראַפינעריעס, אין די בעמישע פאַבריקן און אין דער אייזן־גיסערייַ לעבן חיפה, צו קענען דעקן כאָטש אַ טייל פון די חובות, וואָס האָבן שווער געלאַסטעט אויף זיי. אַליין דוב כייקין האָט פאַרהאַנדלט מיט די פּריוואַטע בענק־קרעדי־טאָרן. „גיי — האָבן זיי אים דאָרט אונטערגעשטויסן אין דער קיבוץ־הנהלה — וועסט שוין מסתמא אַליין וויסן ווי אַזוי צו רעדן מיט זיי, מיט די פּאַראַזיטן, וואָס האָבן זיך אָנגעזעצט אויף אונדזער גוף״...

ס׳איז געווען איינע פון די פיל יידיש־ענגלישע בענק, וואָס האָט דעמאָלט, ווען מ׳האָט שוין געהאַלטן אין אַרויסענדיקן דעם חדר־האוכל, אַראָפּגעשיקט אַהער אַ דעלעגאַציע, אין דער פּערזאָן פון עפּעס אַ מאָדנעם סאָרט ייד, אָנצוקוקן אויף וואָס זיי גייען דאָ געבן די הלוואה און צי זיי וועלן נאָך ווען עס איז קאָנען צוריק עפּעס אויפמאָנען. דער לאַנגער, טרו־קענער ייד האָט גערעדט אַביסל דייטשמעריש און אַביסל ענגליש, האָט געטראָגן גאָלדענע ברילן־רעמלעך אויף אַ דינער, שטרענגער נאָז. ער איז אויסגעשטיגן פון אַ גלאַנציקן „פאָרד״ און דוב כייקין אַליין האָט אים דאָ אַרומגעפירט איבער דער ווילדעניש, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן פונאַנ־דערצובויען, געוויזן אים וואָס זיי פּראָיעקטירן אַלץ צו באַלעבן און צו פאַראַקערן. אַ שטרענגער, אַ ניכטערער, האָט יענער לאַנג געקוועטשט מיט די פּלייצעס, געהאַלטן אין איין אָפּשטויבן זיך מיט אַ טיכעלע די הויזן, די שיך, עפּעס אַ מורמל געטון מכוח „אונדזער גרויס נאַציאָנאַל אויפבוי־ווערק״ און — איז באַלד צוריק אַוועקגעפאָרן. קיין גרויסע זיבן זאַכן איז פון דעם באַזוך סיי־ווי נישט אַרויסגעקומען; און דאָך האָבן זיי אויסגעהאַלטן, מיט אייגענע כוחות אויסגעהאַלטן.

פאַרנאַכט איז דוב כייקין אַוועק מיט לאַנגזאַמע טריט צום צריף, אַן אָפּגעהאָרעוועטער, אַביסל אַ פאַרכמורעטער. די פאַרשטויבטע וועסט איז אים געהאַנגען אויף די אַקסלען און ער האָט געדיכט געבלאָזן פון זיך דעם

רויך פון סיגאַרעטל. ער האָט אַראָפּגעקוקט צו דער ציפּרעסן־אַליי און געזען ווי די בנינים צווישן אויפגייענדיקן גרינס וואַקסן זיך פונאַנדער, ווי דער וואַסער־טורעם הייבט זיך שוין אַרויס פון די אַרומיקע געבייען, ווי די נייע ווענט צייכענען זיך שוין אָן. ס׳איז אים שטאַרק ליב געווען דאָס אַלץ אַרום דאָ. ער האָט דערפילט ווי אַ וואַרעמקייט צעגיסט זיך אין אים. ער האָט זיך געגאָלט און געוואַשן אינדרויסן, ביים שטיין־בעקן, צווישן זיינע בלומען־בייטן און די נישט לאַנג פאַרפלאַנצטע עפּל־ביימעלעך, וואָס האָבן ערשט קוים אַרויסגעלאָזן פון זיך דינע שפּראָצן. ער איז געזעסן אויף דער קליינער, באַהאָנגענער וועראַנדע, אַריינגעקוקט אין אַ ביכל, אין „דבר” און אַביסל אומרואיק נאָכאַנאַנד געזויגן סיגאַרעטלעך.

ס׳איז אַפילו אויסגעקומען אַזוי, אַז ער האָט זיך מיט רחלען אויך אויסגעמיטן אין חדר־האוכל. זי איז שטאַרק פאַרהאָרעוועט געווען דעם גאַנצן טאָג אין דער וועשעריי און פאַרנאַכט האָט זי שנעל עפּעס אַ כאַפּ געטון און איז באַלד געלאָפן צום יינגל אין קינדער־הויז. אַ יאָר זיבן־אַכט מסתמא איז ער דעמאָלט אַלט געווען, אַבנר. ער איז געוואַקסן אַ בלייכער, אַ דינער, אַ נערוועזער, גאָרנישט, דוכט זיך, ענלעך צו קיינעם פון זיי ביידן. בלויז דער קוטשעראַווער לאָק איז אים, געענוי ווי ביי דובן, געפאַלן איבערן בולטן שטערן און די גרויסע פאַרפּל־ציינער האָבן דאָס קינדערישע פּנים זיינס צוגעגעבן די גרימאַסע פון שטענדיקן קילן, פילאָ־זאָפישן שמייכל.

— די סאַברעניקעס... — האָט דאָרט איינע אַן עלטערע ייִדענע, וואָס קינדער האָבן זי געהאַט אַריבערגעבראַכט פון דער אַלטער היים און זי האָט דאָ אַביסל צוגעהאָלפן אין דער קיך־ווירטשאַפט און אַביסל ביי די קינדער, אַוועקגעמאַכט — דאָס וואַקסט דאָ אויס ווי אַ פרעמד געוויקס... אויף מיין וואָרט, ווי זיי זענען טאַקע שטעכעדיק. די חוצפּה זייערע... ווילדע שקצים... אינדערהיים אַ ייִדיש קינד, איז עס געווען שטיל, הכנעהדיק, ס׳האָט מורא געהאַט פאַר אַ הויך וואָרט...

— וואָס־זשע, איר בענקט טאַקע אַזוי שטאַרק צו אייער שטעטל אין דער ליטע, מומע פראַדל ?

— בענקען... בענקען... מ׳האָט דען צייט צו בענקען, אַז מ׳אַרבעט אין קיך... און אַז מ׳דאַרף באַשפּייזן, קיין עין־הרע, אַזאַ כאַליאַסטרע... כ׳האָב, הערט איר, קיינמאָל נישט געזען ביי אונדז — האָט די ייִדענע אַרויסגעלאַכט — אַז ס׳גאַנצע שטעטל זאָל אין איין טאָג עסן לאָקשן...

רחל האָט שטאַרק געלאַכט, איבערטרעטנדיק די שוועל פון קליינעם, דושנעם צריף; צוויי שאַרפע קנייטשן זענען איר געשטאַנען אויפן מאַט־פאַרברוינטן שטערן, און זי האָט עס אַלץ איבערדערציילט דובן.

— זאָלן זיי טאַקע וואַקסן ווי די שקצים! — איז ער געוועז צופרידן, דוב — זאָלן זיי טאַקע קענען דערלאַנגען אויך און נישט אַרומטראָגן זיך, ווי מיר טראָגן זיך אַרום אַ גאַנץ לעבן, מיט אַ הויקער פון פּראָבלעמען... דערפאַר אויך זענען מיר דאָ פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מין אָרדן פון אַסקעטן... מיר קעמפן מיטן ווינט און אַרום אונדז וואַקסט דאָ אויס, דוכט זיך מיר, גאָר עפּעס אַנדערש, פון וואָס מיר האָבן געחלומט.

דער עולם דאָ איז, וואָס אַן אמת, געווען גאָר אַן אַנדערער ווי אין שטאָט — אַ לאַנגזאַמער, אַ דורכגעטראַכטער, האָט ליב געהאַט צו גיין מיט אַ זייטיקער סטעזשקע און פאַרמוחט צו קייען אַ שטרויעלע צווישן די ציינער. אויך די שטאָט־לייט האָבן זיי לייכט דערקענט, די קיבוצניקעס, אין אויטאָבוס, אויף די גאַסן פון תל־אביב און פון חיפה. ס'איז נישט געווען בלויז זייער פּראָסטער, אָרעמלעכער אָנטון, זייערע שווערע, אָפּגע־אַרבעטע הענט און זייערע איינפאַכע רייד. די קינדער, וואָס זענען אַמאָל מיטגעקומען מיט די מוטערס אין שטאָט אַריין, האָבן זיי געריסן ביים קלייד, פאַרבייגייענדיק אַ געשעפט פון שפּילצייג, צי פון געבעקס־זיסיקייטן, אָדער נאַשוואַרג. די האַלב־דערוואַקסענע מיידלעך האָבן לאַנג זיך איינגע־קוקט אין די מאָדע־שויפענצטער, מיט נייגער און פאַרגאַפט. די קינדער זענען צוגעפאַלן צו די פאַרקויפער:

— אדוני, תן לי בובה! (מיין הער, גיב מיר אַ ליאַלקע!).

— תן לי... — האָבן זיי ברייטלעך געלאַכט, די כיטרע געוועלב־לייט — און באַצאָלן דאַרף מען שוין היינט נישט?...

די מוטערס, וואָס זענען געקומען מיט די געציילטע פאַר פּיאַסטער אין שטאָט אַריין, האָבן זיך דערפילט זייער פאַרלעגן און אַוועקגעשלעפּט זיי ביי די הענטלעך, די קינדער.

— ער איז אַ שלעכטער, דער דוד (פעטער)! — האָבן זיי זיך נאָך אַלץ געריסן, די קינדער — ער איז אַ חמור... ער האָט אַזויפיל בובהס...

אָבער איז אונטערגעוואַקסן אַ מאָגעריקער, אָבער אַ פעסטער. ער האָט זיך גוט געשלאָגן אין פּלמ״ח. ס'איז געווען אַן איבעראַשונג מיט אָט דער ווילדלעכער חברה סאַברעס, וואָס האָט פריער נישט געוואָלט וויסן אַפילו וואָס די טאַטעס און די מאַמעס זייערע האָבן געטראָגן מיט זיך פון דאָרטן, פון די אַלטע היימען, וועגן זייער שענסטן אידעאַל פון אַן אייגן, סאָציאַ־ליסטיש לאַנד, פון זייער האַרעוואַניע און מסירת־נפש סיי ביים קומען אין לאַנד אַריין, סיי ביים אויסקעמפן דאָ יעדן שפאַן ערד. זיי זענען גאָר־נישט געווען איבעראַשט, ווען מ'האָט זיי, למשל, דערציילט, אַז דאָ, ביי די הרי־גלבוע, האָט זיך דער מלך שאול דערשטאָכן מיט דער שווערד, ווען ער איז אַרומגערינגלט געוואָרן דורך די פלישתים, אַז דאָ האָט גדעון

געפירט זיינע באַוואָפנטע לייט. פאַר זיי איז דאָס אַלץ געווען פשוט און זעלבסטפאַרשטענדלעך. זיי זענען געטראָטן אויף אייגענער ערד. זיי האָבן זיך דערפאַר גוט געשלאָגן, אַרומגעיאָגט זיך פון כפר־גלעדי ביז אילת, געגאַנגען אין פייער אַריין, דורכצורייסן די שאָסייען, באַלאַגערט פון די אַראַבישע קוילן־וואַרפּער־נעסטן אין די אַרומיקע בערג, דורכגעשניטן די לופט לענגאויס די ים־ברעגן, איבער די בערג, אין די „פרימוסן", די אַליין־צונויפגעשטוקעוועטע אַוויאָנדלעך. זיי האָבן אין די בערג אַרויסגעשטעלט וואַסער־רערן און אָנגעמאַכט אַזאַ טומל און אַ טראַסקעריי, דער שונא זאָל מיינען, אַז דאָס קלאַפּט אַזוי די שווערע אַרטילעריע. זיי האָבן זיך שנעל צוגעאייגנט דאָס האַרטע לעבן אין די מיליטערישע לאַגערן; ס'האָט זיי געצויגן דאָס פרייע, הפקרדיקע לעבן אין די דראָבערטע דערפער און שטעט; געגנוג אַכזריות האָבן זיי אַליין אויך באַוויזן איבער אַראַבישע פרויען; שנעל און פלינק האָבן זיי איבערגענומען די נייע ציווילע און מיליטערישע אַדמיניסטראַציע.

אין קיבוץ אַריין איז אבנר טיילמאָל פאַרפאָרן מיט אַ דזשיפּ, ווילד געהיפּערט איבער די הינלען, איבערן געדרייטן קיבוץ־טראַקט, באַרג־אַרויף, באַרג־אַראָפּ, אַ פרעמדער, אַן אָפּגעפרעמדטער. אַביסל האָט ער זיך טאַקע דערפילט וויכטיק אין די אויגן פון די קיבוץ־מיידלעך, כאָטש אויך זיי, די מיידלעך, זענען נישט אָפּגעשטאַנען אין העלדישקייט ביים פאַרטיידיקן די באַפעסטיקונגען צווישן די בערג, אין די פאַרלאָזענע, וויט־אַרויסגערוקטע פונקטן. אָנפליענדיק אַמאָל אויף אַ פאָר שעה, האָט ער קוים צוגערירט די ליפּן צו דער מאַמען און באַלד אַוועקגעדרייט זיך. אַפילו אַ פאַרהאַרטעוועטער סאָלדאַט, איז געווען עפּעס ביי אים פון דובס איינגעבוירענער שעמעוודיקייט. מיטן טאַטן דערפאַר האָט ער זיך גוט פאַרשטענדיקט; ווייל ער איז נישט געווען סענטימענטאַל, אויף אַ האָר נישט. דעם טאַטן האָט ער נאָך אַלץ גערופן אויפן נאָמען זיינעם, דוב, און ס'איז געווען צווישן זיי די האַלטונג, ווי צווישן צוויי גוטע חברים. ער איז אויך נישט ווייניק שטאָלץ געווען, דוב, מיט זיין אונטערגעוואַקסענעם זון, ווען ער איז סוף מלחמה אַראָפּגעקומען אַהער מיטן גראַד פון אַ סער־זשאַנט.

— אים וועט עס שוין, דוכט זיך, אין קיבוץ אַריין נישט ציען — איז זי, נאָך זיין אַוועקפליען מיטן דזשיפּ, געווען צעטראָגן, רחל — טאָ וואָס, כ'בעט דיר, וועט אונדז דאָ אַמאָל פאַרטרעטן ביי דער שווערער האָ־רעוואַניע ?

נאָכן יינגלס אַוועקפליען, איז אַלעמאָל העננגען געבליבן אַ פוסטקייט; אין זייער קליינעם צריף, מיטן איינציקן בעט, מיטן סטאַנדאַרטן, ביליקן

מעבל, איז העגגען געבליבן עפּעס אַן אומעט. די ווענט — נאַקעט, דער פענצטער — פאַרצויגן מיט דער דינער דראָטן־נעץ פאַר די אינזעקטן זומער־צייט, האָט, ווי אַלעמאָל, אַרויסגעקוקט צום שניי־באַדעקטן חרמון. דאָס ייגגל איז, ווי געוויינלעך, מער נישט געקומען צולויפן פאַרנאַכט, אַ פאַרפּלאָמטער, פון זיינע שפּילערייען, פון קינדער־הויז, צוצופאַלן צו טאַטע־מאַמע.

מ׳האָט געזען, אַז רחל געפינט זיך ממש קיין אָרט נישט. זי האָט נישט אויפגעהערט צו רעדן וועגן ייגגל.

ווי ווייט דאָס אַלץ איז שוין געווען! ס׳איז געשען איינמאָל, אין יענע ערשטע יאָרן פון די פּלאַמיקע, עקזאָטישע הוירא־טענץ, אין די שטערנ־דיקע, לעבלעכע נעכט פון עמק. מער קיין געמיט איז שוין נישט געווען זינט דעמאָלט — די שווערע האָרעוואַניע, דאָס האַרטע, אומבאַקוועמע לעבן. אויך האָט דאָס ייגגל שווער זיך געהאָדעוועט, ער איז געווען אַ קרענקלעכער, אַ בלייכינקער. וויפל נעכט זי האָט עס נישט פאַרברענגט ביי זיין בעטל אין קינדער־הויז. און ס׳איז איר אָפט אַפילו איינגעפאַלן, אַז ס׳איז אפשר גאָר געווען אַן אומגעלונגענע קרייציקונג פון צוויי צופיל רואיקע נאַטורן; און — דאָס, וואָס זי האָט נאָך יאָרנלאַנג געדענקט אין עפּעס אַ בחורל מיט לאַנגע האָר, מיט צוויקערס, אין יענע אַמאָליקע היי־מישע שטעטלעך אין פּוילן; ער האָט איר דאָרט אַוודאי אַמאָל אַ קוש געגעבן. אָבער אין אַ געוויסן עלטער האָט זי פּלוצים דערפילט, אַז ס׳וואָלט ליב געווען נאָך אַמאָל צו פילן אויף די הענט די צאַפּלדיקע וואַרעמקייט פון אַ קינד, צו ניאַנטשען עס. דעמאָלט זענען זיי שוין אָבער געווען אַזוי ווי אָפּגעפרעמדט. אַלץ אַרום איז געווען גרוי, איינטאָניק, גאָרנישט מער צו אַנטדעקן. צי איז דען אַלעמאָל אינטערעסאַנט צו לעבן אָן אילוזיעס, אָן דערוואַרטונגען? טאָג־טעגלעכע, גרויע קליינינקייטן. וואָלט ער כאָטש גע־ווען אַ מיידל, אבנר, האָט זיך טיילמאָל אַ טראַכט געטון — מיט אַן אונטער־וואַקסנדיק מיידל, האָט זיך איר געדוכט, וואָלט זי זיך געפילט מער איינ־טימער. זי וואָלט איר געקענט איבערגעבן עפּעס פון אירע אייגענע, נישט־אויסגעלעבטע טרוימען, פון איר יוגנט, וואָס האָט זיך אַזוי שנעל און נאַריש פאַרענדיקט...

אַלעמאָל, פאַרנאַכט־צייט, האָט דוב דערפילט איר אומרו און ער האָט געפּרוווט זי צו מונטערן, רחלען:

— וואָלסט נישט אַמאָל אַ פּאָר געגעבן אַביסל קיין תל־אביב אויף אַ שבת, אַריינכאַפּן זיך צו זען „בערבות הנגב" אין דער „הבימה"?

— מען זאָגט, אַז אין תל־אביב איז לעצטנס, מיט די פּריש־אָנגעפּאָ־רענע, פּונקט ווי אין דער היים — האָט זי געקוקט אין קליינעם, ביליקן

וואַנט־שפּיגעלע און אָוועקגענומען אַ גרוילעכן לאָק פון איבערן זון־ און ווינט־צעאַקערטן שטערן — ס׳זיצט דאָרט אַן עולם פּוסט און פּאַס אויף די טעראַסן, אין די קאַפּייען, און מען ציט פון אַ שטרויעלע אָראַנזשן־זאַפט. פון וואָס, כ׳בעט דיר, לעבן זיי, די אַלע?

— וואָס פּאַרשטייסטו נישט? מען דרייט, מען האַנדלט, מען וואַנדלט. די נאַלעווקעס... אומעטום ברענגען זיי מיט זיך די נאַלעוועקעס... און מיר זענען אַלעמאָל געווען ביי די־אָ — נאַראָנים... סאָציאַליזם, הערסטו... זיי לאָכן זיך אויס...

מער האָט זי שוין נישט איבערגעפרעגט. זי איז געווען מיד. אַ לאַנגע צייט איז זי נישט געפאָרן, נישט קיין חיפה, נישט קיין תל־אביב. אָבער אַמאָל, אויף אַ יום־טוב, אַז ס׳האָט איר שוין גאָר שטאַרק דערעסן, האָט זי זיך יאָ געפּרוווט אָפּצורייסן און אַריינכאַפּן זיך אויף אַ טאָג־צוויי אין שטאָט אַריין. ווי האָט זי דען דאָרט אויסגעזען מיט אירע אָפּגעטראָגענע און אָפּגעבליאַקעוועטע קליידלעך, מיט אירע אויסגעדרייטע שיך? זי האָט געפּלעגט צוריקקומען נאָכמער שווייגנדיקער ווי פריער.

— מער פאָר איך נישט! — האָט זי קורץ אָפּגעהאַקט.

— זעסטו דען נישט — האָט ער שוין דערנאָך גערעדט געלאַסן, דוב — אַז ס׳איז דאָ אומבאַמערקט אויסגעוואַקסן ביי אונדז אַ נייער שיכט? אין די קיבוצים — דאָס זעלבע. אַ נייער קלאַס, אַז מען וויל... אַ סך זאַכן האָט מען זיך גאָר אַנדערש פאַרגעשטעלט, אין יענע יאָרן, ווען מען איז פאַרטראָגן געווען מיט די עקסטאַטישע הוירא־טענץ. שליחים, פּקידים, באַאַמטע, מיניסטאָרן... נאָך יעדער רייזע, איז שווער צוריקצונעמען זיך צו דער טוריע אין פּרדס, צום טראַקטאָר אין פעלד.

זייער דעמאָקראַטישע פּקידים, שליחים און מיניסטאָרן אַפילו. אויף אַ שבת האָבן זיי זיך אַמאָל אַראָפּגעכאַפּט אַהער אין קיבוץ אַריין, אָפּגע־לאַנגווייליקט זיך דעם טאָג, געזעסן צוזאַמען מיט זיי ביים טיש אין חדר־האוכל, אַריינגעקומען צו עמיצן אין אַ צריף, געזעסן אַביסל אויף דער קליינער וועראַנדע, אָבער דער קאָפּ האָט זיי שוין געטראָגן ערגעץ אַנ־דערש־ווו. באַלד אויף צומאָרגנס האָט מען זיך שנעל אָפּגעזעגנט און צו־ריקגעכאַפּט זיך אין שטאָט אַריין, געלאָזן זיך וויילן אין קאָמיסיעס, אין אונטער־קאָמיסיעס, געפאָרן אין אָפיציעלע שליחותן קיין אויסלאַנד. ס׳איז מער נישט געווען די צייט, ווען די אַלע מיניסטאָרן און הויכע מלוכה־לייט זענען דאָ, מיט זיי צוזאַמען, אַרומגעקראָכן אין די קורצע הויזן, אין די העמדלעך, געטריקנט זומפּן, פאַרזעצט ביימלעך אין די זאַמדן, געקראָכן אויף די רושטאָוואַניעס פון בנין, צוזאַמען מיט זיי געלייגט שטיינער אויפן כביש. ס׳איז שוין לאַנג מער נישט געווען די צייט — נאָך אַ שטיק איידער

זיי זענען טאַקע אויף אַן אמת געוואָרן מיניסטאָרן אין אַן אייגענער יידישער מדינה. ס'האָבן זיך דאָרט אויך מיט־אַריינגעכאַפּט אין די הויכע אַמטן ווייטע, אָפּגעפרעמדטע און חשודיקע יידן, וואָס האָבן זיך אַלע יאָרן מיט־געדרייט אין די קוליסן פון אַלע. אינטערנאַציאָנאַלע פעלקער־אימפּרעזעס; יידן מיט טונקעלע פאַרבינדונגען צווישן פינאַנסיסטן, קאָלאָניאַליסטן, אינדוסטריעלער — אין פראַנקרייך, אין ענגלאַנד, אין אַמעריקע. זיי רעדן אויך עפּעס אַ נייע מין שפּראַך, אַן אָפּיציעלע; אַפילו דער זעלבער בן־יוסף, דער אַגראָנאָם, וואָס האָט זיך דאָ פריער, דוכט זיך, מיט גאָרנישט באַזונ־דערס אויסגעצייכנט.

— דאָס לאַנד נויטיקט זיך אין אויסלענדישע קאַפּיטאַלן... — האָט ער פּלוצים געגומען רעדן וויכטיק, מיט אַ באַסל — מען דאַרף אויפשטעלן אַ נייע אינדוסטריע, איבערוואַרפן זיך אויף אַנדערע רעלסן...

— אָבער עפּעס אַנדערש — האָט אים דוב אָנגעקוקט מיט חידוש — איז געווען אין די ביכלעך, אין די בראָשורן, אין די פייערלעכע רעדעס וועגן בויען אַ סאָציאַליסטיש ארץ ישראל... אַ, בן־יוסף?...

ס'איז גאָרנישט געווען מער דער זעלבער בן־יוסף. פריער איז ער דאָ געווען אַן אַגראָנאָם, אַ גערטנער, איז אַרומגעקראָכן אין די טיפע, פאַר־בלאָטיקטע גומי־שטיוול איבער די פעלדער, אין פּרדס, אין תבואה־סקלאַד. עפּעס אַ נייע הויט איז אָנגעוואַקסן אויף אים; כאַטש אַריינכאַפּנדיק זיך אַהער אויף אַ שבת, האָט ער פונדעסטוועגן דעם קראַוואַט אַראָפּגעוואָרפן, געטראָגן אַ צעשפּיליעט העמדל, ווי זיי אַלע דאָ.

— נו, וואָס, דוב?... — האָט ער אים אָפּגעשטעלט ביים אַריינגאַנג צום חדר־האוכל און נאָכגעפרעגט זיך מיט ערנסט, אָבער פּאָרט עפּעס אַזאַ אָפּגעפרעמדעטער — מען לאָנגווייליקט זיך דאָ צוביסלעך אין דעם העק, האַ? ווייסט וואָס כ'וועל דיר זאָגן? אַז לויט דער נייער ליניע פון אונדזער מלוכה־לעבן — האָט ער עס אונטערגעשטראָכן — איז עס, דוכט זיך מיר, מער קיין תכלית נישט, ניין. מיר דאַרפן אַצינד קאַפּיטאַלן... אַן אינדוסטריע... פאַבריק־קוימענס... — און ער האָט זיך צעזונגען — וואָס וועט אונדז, נאָך אַלעמען, געבן דאָס ביסל ירקות (גרינס) פון עמק אַפילו? אַז אויסהאָדעווען אַ טאָמאַט קאָסט ביי אונדז אַ סך מער און טייע־רער, ווי אַן אַריינגעפירטער. נישקשה, מיר וועלן שוין פועלן, אַז די אַראַ־בישע שכנים — האָט ער גערעדט מיט זיכערקייט — זאָלן זיך מיט אונדז איבערבעטן... אויב נישט מיט גוטן, איז מיט בייזן... וואָס? פאַרן שטאַר־קערן, ווייסטו, האָט מען מורא... גרינוואַרג קענען זיי אונדז גענוג ליפערן און מיר וועלן זיי דערפאַר באַדינען מיט אַלעם נויטיקן פון אונדזערע פאַבריקן פאַר דער ווירטשאַפט. די קולטור זייערע וועלן זיי אונדז האָבן

צו פאַרדאַנקען. טו, למשל, אַ טראַכט — דער גאַנצער נאָנטער מזרח באַ־
שטייט דאָך, אייגנטלעך, פון האַלב־אָפּגעשטאַנענע שבטים. די מערסטע
פון זיי גראַבלען נאָך מיט אַ פּרימיטיוון האָלץ־אַקער די ערד, לאָזן נאָכ־
שלעפּן זיך די ווייבער הינטערן אייזעלע, אָדער טרייבן זיך אַרום אין די
סטעפּעס, צווישן די געבערג, מיטן ביסל שאָף. נישקשה, דאָס, וואָס אַנ־
דערע האָבן באַוויזן, קענען מיר אויך באַווייזן. מיר האָבן אַ טיפן גלויבן
אין יידישער ענערגיע...

ער איז געשטאַנען און האָט אים אָנגעקוקט. ס'איז אפשר נישט אומ־
זיסט, האָט ער זיך דערמאָנט, דוב, וואָס אַליין שטאַמט ער פון עפּעס אַ
מיטעלער אינדוסטריע־שטאָט אין פּוילן, אַז זיין טאַטע איז געווען אַ קליי־
נער, פאַראָרמטער פאַבריקאַנט; און כאָטש ער האָט אַמאָל אַזויפיל געשאָטן
פעך און שוועבל אויפן יידישן לופט־מענטש, אויפן יידישן קליינבירגער,
אויפן מנחם־מענדל, איז צוריקגעקומען צו אים עפּעס פון זיין פאָטער.
אַפילו אַ בייכל האָט זיך אים שוין באַצייטנס גענומען ווייזן, און פון זיין
שוואַרצער, פלאַמיקער טשופּרינע איז פאַרבליבן נישט מער ווי אַ געדע־
כעניש אין די ראַנדן און אַ היפּש גלאַנציק פּליכל.

— און מיר דוכט זיך, בן־יוסף, אַז איצט איז — אָדער מיר, אָדער —
זיי... דו הערסט? זיי קומען דאָ אַהער, די אָנגעשטאָפּטע אַמעריקאַנער
געלט־מענטשן, טוען אַ קוק, אַ שמעק, באַטראַכטן אונדזערע אויפטוען,
וואָס האָבן געקאָסט חלוצישע, פּיאָנערישע מי, שווייס און לעבנס, און
זאָגן: גוט, גוט... אָבער וואָס טראַכטן זיי דען ביי זיך? „אַריינלייגן קאַפּי־
טאַלן צו אָט דער באַרוועסער חברה, וואָס פאַרמאָגט גאַרנישט און לעבט
אין „קאָמוניסטישע קאָלכאָזן"?... איבערהויפּט אינטערעסירט זיי נישט
אונדזער לאַנדווירטשאַפט. די ראַפינעריעס ביי חיפה, די פּאָטאַש־עקס־
פּלואַטאַציעס פון ים־המלח — דאָס יאָ, קאָנצעסיעס, אויסליפערונגען,
הלוואות. וואָס טוען זיי דען, די רעגירונגס־לייט, צו שיקן די פרישע עולים
אין די קיבוצים אַריין? עס פעלן ביי אונדז, ווייסטו דאָך, אַרבעטס־הענט.
זיי אינטערעסירט אַצינד אַלץ מער די פּריוואַטע איניציאַטיוו, מיר ווייסן.
טאָ צו וואָס־זשע האָבן מיר לאַנגע יאָרן אַוועקגעגעבן לעבנס? שלימזלען
און בטלנים זענען מיר אין זייערע אויגן. אָט זאָגסטו דאָך אַליין... כ'זע
שוין איצט ווו מיר גייען. האָבן דאָך שוין די פּריוואַטע קאָלאָניסטן פון די
פּרדסים אין פּתח־תקוה, רחובות און ראשון־לציון קליגער געטון — זיי
האָבן אָבער אַלע יאָרן געצויגן פאַר־זיך. מיר האָבן אָבער אַריינגעלייגט
ענערגיע טויזנט מאָל אַזויפיל, ווי אויפצובויען פּריוואַטע היימען. טאָ פאַר
וועמען, פרעג איך, האָבן מיר געליטן? דאָס לאַנד האָבן מיר באַלעבט,
באַפעלקערט און אויפגעבויט...

יאָ, דער חשבון מיט דעם אַלעמען האָט עפּעס מער נישט אינגאַנצן געשטימט. עס רעדט זיך נאָר אַזוי לייכט אָפּ: אַוועקגיין... די זיסע האָרע־וואַניע פון יעדן אויסגעטראָטענעם שטעגעלע, פון יעדן פאַרפלאַנצטן ביימל, פון די אָנגעוואַלגערטע באַריקאַדן און טיפע ערד־בונקערס, ווען די סי־ריער האָבן זיי באַשאָסן.

# 8

איבערגענעכטיקט אויף די אָנגעוואָרפענע זעקלעך זאַמד אין אַן אויפגעבראָכענעם גאַראַזש, צוזאַמען מיט די אַרומגעפליקטע סאָלדאַטן און דעם שטראָם היימלאָזע, אין דער פרעמדער, אויסגעלאָשענער שטאָט, איז דוב באַלד אינדערפרי אַרויס אויף דער צענטראַלער גאַס און האָט זיך געלאָזן גיין אויפזוכן די געביידע, וואָס עס האָט פאַרנומען דער מושל־צבאי (מיליטערישער גוווערנער). לייט זענען נאָך אין שטאָט געווען ווינציק, ס׳רוב סאָלדאַטן. די פלינקע אַמעריקאַנער דזשיפּן און שווערע לאַסט־וועגן, אויף קייטן־רעדער, האָבן זיך איינגעשניטן אין דעם שלעכט־געפּלאַסטערטן ברוק, אַרום גרויסן פּלאַץ, פאַרן מעטשעט. דער מעטשעט, פון אַ געלן, איינטאָניקן מדבר־קאָליר, איז אַזוי שטיין געבליבן אַ פאַרלאָזענער, מיט אויסגעזעצטע שויבן, מיט קאַרבן פון קוילן־סעריעס, אַרומגעלייגט מיט זעקלעך זאַמד און מיט בערג זשאַווערדיקן שטעכל־דראָט; ווייל דאָ, אויפן העכערן טייל שטאָט, וואָס דאָמינירט די וויסטע אומגעגנט, און אויפן טורעמל פון מעטשעט איז, זעט אויס, פריער געווען אַ וויכטיקער אויסקוק־פּונקט, אַ באַפעסטיקטע פּאָזיציע, נישט לייכט צו דעראָבערן. פון מעטשעט און פון די משטרה־געביידן, קעגנאיבער, האָט מען אויך געקענט לייכט קאָנטראָלירן דעם הויפּט־שאָסיי פאַרלוירן צווישן די זאַמדן. ווי אומעטום אין לאַנד, איז די משטרה געווען געבויט ווי אַ פעסטונג, מאַסיוו, פּירעקיק, מיט דעכער איבער דעכער, מיט הויכע ווענט, מיט טורעמלעך און שיסלעכער, מיט גראָבנס אין בריקלעך. אַזוי האָבן זיי דאָ אומעטום געבויט די ענגלענדער.

ציענדיק מיטן שאָסיי, לענגאויס די בלינדע, צעשאָסענע ווענט, מיט אויטאָבוסן און מיט אַלטע מאַשינעס, זענען זיך דאָ יעדן טאָג אָנגעפאָרן פרישע לייט. זיי האָבן אַצינד געצויגן אַהער פון אַלע ווינקלען לאַנד; ס׳רוב

אַזעלכע, וואָס האָבן נאָר־וואָס געהאַט פאַראַנקערט ביי די ברעגן, אויף די וויסטע פּלאַזשעס, מיט די אומלעגאַלע פליטים־שיפלעך — פון מאַר־סעיל, פון גענואַ, פון ציפּערן, מיט די שיפן פון „עקזאָדוס"; פלינקע, אויס־געקאָכטע יידן, וואָס זענען פון די לאַגערן אין דייטשלאַנד אַוודאי אויך נישט אַראָפּגעקומען אינגאַנצן מיט קיין ליידיקע הענט. זיי האָבן דאָרט ערגעץ איבערגעלאָזן די צייטווייליקע זאַמל־פּונקטן, די איבערגעפּאַקטע בתי־עולים, די מעברות, אַרום תל־אביב, אַרום חיפה, איבערגעלאָזן די גליקן, וואָס מ'האָט זיי דאָרט כסדר צוגעזאָגט, און אַראָפּגעכאַפּט זיך אַהער אַ שמעק טון, אַ נישטער טון, אַנגעלאָפן זיך אַהער באַצייטנס צו פאַרנע־מען אַ ליידיק הויז; פּונקט אַזוי ווי די פלינקערע פון זיי האָבן עס געטון דאָרטן, אַרום די רוישיקע, קאָמפּאַקטע פאַרשטעט פון תל־אביב, אין יפו און אין חיפה, באַלד נאָך דעם ווי ס'איז אויסגעבראָכן די בהלה. טייל פון זיי האָט דאָ אָבער אָפּגעשראָקן די ווילדעניש, דער חורבן און זיי זענען באַצייטנס צוריק אַוועק צו די רוישיקע פאַרשטעט אין צפון, צו די מסחרימ־לעך, לופט־געשעפטן און אומזיסטע קיכן.

פון פאַרנט, צו שאַסיי־אַרויס, האָבן די פריש־אַנגעלאָפענע אינגיכן גע־לאָזן אויסהאַקן אַ טיר, אַ פענצטער, אויפגעמאַכט אַ קליינעם רעסטאָראַן, אַ קאַפע, אַ גזוז־געוועלבל, אַ שפּייז־געוועלבל. מענטשן פון אַרבעט האָבן אויפגעמאַכט אַ וועשערייַ, אַ גאַראַזש צו פאַריכטן אַלטע מאַשינעס, אַ היי־מישע בעקערייַ. זיי האָבן שוין אונטערגעהאַנדלט מיט די סאָלדאַטן, דער עיקר אָבער — מיט די בעדואינער, וואָס זענען געקומען אָנצוציען אַהער כמאַרעסווייז אויף די נידעריקע אייזעלעך פון סטעפּ, אָדער אויף די פערד־לעך פון אַ קליינער, אָבער הייסער ראַסע. מיט זיי האָט מען באַלד געכאַפּט ווי צו פאַרשטענדיקן זיך אויף שטום־לשון, אויף די פינגער, מיט אַ פּאָר ווערטער ענגליש, אָדער העברעאיש. די בעדואינער האָבן אונטער זייערע לאַנגע כאַלאַטן אָנגעבערענגט געבונדענע שעפּסן, עופות, האָבן באַלאַגערט די געוועלבלעך, ווי די ציגיינער, זענען געווען אויסגעזעצט, צוזאַמען מיט די ווייבער און מיט די קינדער, אויף דר'ערד. די אָנגעבונדענע אייזלטעס האָבן געשריגן, ס'איז געשטאַנען אַרום זיי אַ געשריי פון קאָלירן און פון קולות. אַלץ האָבן זיי געקויפט.

געווען אַפילו אַזעלכע פלינקע יידן, וואָס האָבן שוין געקוקט נאָך וויי־טער, גאַנץ ווייט. זיי האָבן שוין דאָ געזען די אַנטדעקטע נאַטור־אוצרות פון נגב, פון נאָענטן ים־המלח; זיי האָבן שוין דאָ אַפילו געזען דעם סטראַ־טעגישן וועג, די סטראַטעגישע אַעראָדראָמען פאַר קומענדיקע מלחמות — דווקא אין אָט דעם נעוראַלגישן פּונקט פון נאָענטן מזרח. זיי האָבן זיך אויך אוודאי ערגעץ ווו געהאַט אָנגעלייענט מיט די אַוואַנטוריסטישע ראַ־

מאַגען און שפּאַנענדיקע באַשרייבונגען ווי אַזוי און מיט וואָס פּאַראַ טעמפּאָ עס זענען דאָרטן, אין די אַמעריקעס, איבער נאַכט אויפגעשטאַנען מיליאָניקע ריזן־שטעט, נאָענט ביי די גאָלד־אָדערן, ביי די קוילן־מינען און נאַפט־קוואַלן. מאַלע וואָס זייער פאַנטאַזיע האָט זיי אַלץ נישט אויס־געמאָלט...

צום קילן אויפנעם־זאַל, אין דעם שיינעם, אַראַבישן הויז, געבויט אין ווייסן קיזל־שטיין, וואָס איז באַזעצט געוועזן פון „מושל צבאי" און פון זיין אַפּאַראַט, האָט דוב זיך קוים דערשפּאַרט ערשט אַרום מיטאָג־צייט. אַ מאַסע אינטערעסאַנטן האָבן דאָרט נאָכאַנאַנד באַלאַגערט די טירן. דער וואַך־סאָלדאַט האָט אַריינגעלאָזן איינציקווייז. דער „מושל צבאי" — דאָס איז געוועזן אַ פּשוטער, ענערגישער בחור פון עפּעס אַ קיבוץ אין עמק. ער האָט דאָ דורכגעמאַכט אַלע געפערלעכע קאַמפן אין מיטלען נגב צו־זאַמען מיטן פלמ"ח, איז עטלעכע מאָל פאַרוווּנדעט געוואָרן. דוב האָט אים באַלד דערקענט. ווי דען? ער האָט נאָך אַפילו געקענט דעם טאַטן זיינעם, וואָס איז דאָ געוועזן פון די ערשטן בויער אין לאַנד און איז אומגעקומען בעת די אַראַבישע איבערפאַלן אין 1936. דער בחור האָט געטראָגן גע־דיכטע, ברוינלעכע וואָנסן, אויפן שטייגער פון די ענגלענדער, אַ באַגאַן ביי דער זייט, און האָט אים אויפגענומען, זיצנדיק אויף אַ שפּיץ טיש, די לאַנגע פיס זיינע אַוועקגעוואָרפן אויפן אָנלען פון אַ טיף־געבעטן פאָטעל.

— חבר דוב!... — אין דער „מושל צבאי" געוועזן איבעראַשט, ווייל ווער אין לאַנד האָט נישט געקענט דוב כייקינען? — וואָס טוט איר דאָ פּלוצים אין מיין גבול?

— די „סולל בונה" האָט מיך אַהערגעשיקט — האָט ער אים קורץ דערציילט, דעם בחור — כ'דאַרף, בקיצור, אַן אָרט, ווו דעם קאָפּ אַוועק־צולייגן.

— איר זעט דאָך אַליין — אַלץ איז דאָ נאָך אין ווערן. אַ ים מיט אַרבעט און... ס'איז נישט אַזוי לייכט. שאַ, טוט אַזוי ווי אַלע טוען: נעמט אייך ס'ערשטע בעסטע הויז, הענגט אַרויף אַ שלעסל, זאָגט, אַז ס'איז אייערס און — פּטור...

האָט ער טאַקע אַזוי געטון, דוב. נאָר פריער האָט ער זיך אַריבער־געכאַפּט אין דער אייביק־טומלדיקער לשכה פון „סולל בונה", דאָ באַלד, לעבן דער משטרה, און האָט שוין דאָרט געטראָפן לייבעלע רומי, אַ פאַר־פלאָמטן, אַ צעקאָכטן, צוגעקלעפּט צום טעלעפאָן־טרייבל.

— אַ סעקונדע, דוב... — האָט ער זיך ערשט דערנאָך געכאַפּט, אַז ער שטייט שוין דאָ הינטערן באַריערל אַ היפּשע ווילע און אָפּגעריסן זיך פון טעלעפאָן — די וואַסער־רערן הייבן שוין אָן אָנצוקומען. זיי וועלן

געלייגט ווערן, ווייסטו, אין אַ זייט פון אויסגעברייטערטן שאָסיי. כ׳מיין, אַז אויף דיר קען מען זיך פאַרלאָזן. וואַרט... אַללאַ... מלוכהשע אַרבעטן, פאַרשטייסט? — און ער האָט זיך וויכטיק אויסגעשטײַפּט — מיר וועלן נאָך באַזונדער רעדן וועגן די לוין־פּרייזן... מען וועט צאָלן, ווייסטו, אָבער מען וועט פאָדערן אַרבעט...

— נישט איך וועל עמיצן אונטערטרייבן מיט אייער אַראַבישן „יאַללאַ״ — האָט אים דוב גלייך אויפן אָרט פאַרזיכערט — דאָס פאַרשטייסטו דאָך אַליין...

מען איז טאַקע באַלד אַרויסגעפאָרן מיט דער קליינער, פאַרשטויבטער לאַסט־מאַשין צום כביש. ס׳איז געווען אַן אָפּגעלעגן אָרט, אַ קילאָמעטער פופצן דרום־מערב פון דער שטאָט. אויפן גאַנצן וועג, לענגאויס די איבער־געריסענע טעלעגראַפן־דראָטן, זענען שוין געווען אויסגעלייגט קופּעס שטיינער, פעסער מיט סמאָלע, רערן, אַן ערך זיבעציק צענטימעטער אין דיאַמעטער. עטלעכע פּועלים האָבן צונויפגעקלאַפּט פון ברעטער און גע־קאַרבטע בלעכן דאָס געצייג־בײַדל, אַוועקגעשטעלט די באַריערן מיט די רויטע וואָרן־פענדלעך, מיט די פאָספאָר־לאַמטערלעך פאַר די ביינאַכטיקע פאָרער, און אַן אינזשיניער מיט געהילפן האָבן שוין, ערגעץ ווייט אין סטעפּ, געמאָסטן דעם ניוואָ פון די שטחים.

ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס אַלטע שטיקל שאָסיי טויג צו גאָר־נישט. די פּיאָשן האָבן שווער אויסגעהאַקט פון דער פאַרהאַרטעוועטער ערד די קליינע, צעמאָלענע קיזל־שטיינדלעך. צום לייגן וואַסער־רערן האָט זיך דערפאַר דער באָדן, לענגאויס דעם שטיקל כביש, נאָך די ווינטער־דיקע גאָר־רעגנס, אַביסל לייכטער געלאָזן אויסהאַקן. די ערד איז דאָ גע־ווען אַ רויטלעכע אין דער טיף, אַ ליימיקע און אַ פעטע, דורכגעוואַקסן מיט פּאַראַזיטישע וואָרצלען. מיטאָג האָט מען געגעסן, צעזעצט הינטערן אויפגעשטעלטן באַראַק, ווייל דער וואַרעמער ווינט פון סטעפּ האָט אָנ־געיאָגט מיט דינעם זאַמד־שטויב אין די אויגן אַריין, אין עסן אַריין.

— מ׳האָט אונדז, זעט איר, צוריקגעפירט אין מדבר אַריין און — פּטור!... — האָט אַ פּועל געלאַכט, פונאַנדערגעלייגט אויף די קני אַ נעכ־טיקן „דבר״, ווו ער האָט געהאַלטן איינגעוויקלט זיין גאַנצן מיטאָג: צוויי טאָמאַטן, אַ פּאָר אָליוון און אַ שטיקל ברויט, דין אָנגעשמירט מיט מאַר־גאַרין — מיט דעם אַליין אָפּצואַרבעטן אַ טאָג אונטער דער זון פון נגב, בין איך אונדזער מיניסטער דוב־יוסף אַליין אויך נישט מקנא...

— אַ פונט אַכציק אַ טאָג און רעד אים נאָך דערצו העברעאיש... — האָט איינער, אַ פּריש־געקומענער, אַ פאַרוואַקסענער, טראַציק דערשטיקט אַ ביטערן שמייכל צווישן די ציין — אַנדערש, זאָגט ער, וויל ער נישט...

פאַרנאַכט, נאָך דער אַרבעט, האָבן זיך אַלע צונויפגעטראָפן אַרום די זשומענדיקע טישלעך אין דער „מטבחי פועלים״ (אַרבעטער־קיך) ביי דער הסתדרות. די עלעקטרישע אינסטאַלאַציעס זענען נאָך געווען איבערגעריסן און ס׳איז דאָרט געווען אַ ביסל פינצטערלעך פון די אָנגעשטעלטע, קאָפּ־טשענדיקע נאַפט־לאָמפּן. לייבעלע רומי איז דאָ אויך אַריינגעפאַלן מיט זיין לעדערנער וועסט, מיט זיין טעקע, מיט די אַרבעטס־פּלענער און מעסט־מכשירים. מ׳האָט דאָ געגעסן דעם אָרעמלעכן מאַלצייט פאַר קאַרגע פינף־און־צוואַנציק פּיאַסטער און יעדער איינער האָט זיך אונטערגעאיילט וואָס גיכער אַוועקצוואַרפן די מידע ביינער, ווייל באַלד באַגינען האָט מען שוין ווידער באַדאַרפט שטיין אויף די פיס.

אין פינצטערן הויז האָט ער זיך אַליין געפּאָרעט, דוב, אויפגעהאָנגען אויף אַ טשוואָק דעם נאַפט־לאָמפּ; אויפן פענצטער־ברעט, פאַרקלאַפּט מיט בלעכן פון „שעל״־בענזין, האָט ער געלאָזן רוישן דעם פאַרקאָפּטשעטן „פּרימוס״, געקאָכט זיך אַ גלאָז טיי, געזעסן און געלאָטעט, מיט אָנגע־זאָטלטע שפּאַקולן אויף דער נאָז, די צעריסענע הויזן, דאָס רעקל און איז נישט געווען אומצופרידן פון דער אַליינקייט. פאַרקערט. אויפן הויכן, ליי־דיקן סופית האָט זיך אומגעוויגט זיין גרויסער אומגעלומפּערטער שאָטן. דער מענטש פון קיבוץ, וואָס האָט זיך אויפגעהאָדעוועט אויף דער נאַקע־טער לאַנדשאַפט, האָט זיך אומעטום אַליין אויך גאַנץ גוט געקענט אַן עצה געבן. אַ דאַר פעלד־בעטל האָט ער זיך דאָ איינגעשאַפט, אַ קאָלדרע, אויפ־געשטעלט אַ שענקל פון אַ פּאָר מאַראַנצן־קעסטלעך און האָט זיך ביז שפּעטלעך געבלעטערט די אויגן איבער די פּאַך־זשורנאַלן, פאַרטיפט זיך אין די וויסנשאַפטלעכע ביכער. אים האָט אינטערעסירט יעדע מינדסטע פּראַקטישע אָנווענדונג פון באַוואַסערונג און גאָרטנוואַרג, די קרייציקונ־גען פון פרוכטן־ביימער לויט מיטשורינען, די נייע מעטאָדן אין דער קאַ־נאַליזאַציע און בכלל אין דער בוי־אַרבעט. אַזאַ לעבן האָט אים נישט אָפּגעשראָקן. ער איז געוווינט געווען דערצו נאָך פון יענע ערשטע ביטערע פּאָר יאָר אין לאַנד, פון די ביידלעך אין שמייסנדיקן רעגן אויפן נאַקעטן פעלז. אין די טויבע נעכט, ווען די שטילקייט קלינגט איבער דער אויס־געשטאָרבענער שטאָט אין ווילדן סטעפּ, ווען דער לינדער ווינט פון בראשית באַוועגט קוים די קרוינען פון די פּאַלמען און ציפּרעסן, איז דער שכל קלאָר און ס׳לאָזט זיך ווייט נאָכטראַכטן.

אַ פּאַרטייעטע קילקייט האָט דאָ געהויערט אונטערן הויכן געוועלב, אויפגעהויבן זיך פון פּאַרקעט, אויסגעלייגט מיט קאָליריקע מאָזאַאיק־שטיינדלעך, אין שיינע אַראַבעסקן־מוסטערן, אונטער די פיס. ס׳איז געווען אַ קאָלאָנען־זאַל פון איינעם אַ שטאַרק־רייכן אַראַבישן עפענדי אַוודאי;

ער האָט דאָ מסתמא געוועלטיקט איבער די אָרעמע פעלאַכן פון די קליינע אָאַזיסן אַרום, איבער די בעדואינער פון מדבר און איבער זיינע ווייבער אין דער באַלעבאַטישקייט. ס׳איז פונדעסטוועגן מאָדנע — האָט ער ווייט נאָכגעקלערט — מיר זענען אַראָפּגעקומען אַהער פון די טומלדיקע שטעט אין אייראָפּע, מיט אונדזער אומרו, מיט אונדזער ווילדער ענערגיע, און מיטאַמאָל צעשטערט זיי דעם רואיקן, טויזנט־יאָריקן דרעמל. צי זענען זיי טאַקע אַמאָל נישט גליקלעכער געווען פריער, צו דרעמלען און צו חלומען אַזוי אונטער אָט די קילע, הויכע געוועלבן, הינטער פאַרשפּאַרטע לאָדן, ווען אינדרויסן באַקט די זון פון נאָכמיטאָג? צי זענען זיי אַמאָל נישט גליקלעכער געווען מיטן סטעפּ און מיטן מדבר? „קולטור״... „ציוויליזאַציע״... — דאָס זענען, נאָך אַלעמען, געווען נישט מער ווי צבועקישע פראַזן אין מויל פון אָט די בלוטיקע קאָלאָניאַליסטן. זיי האָבן צוערשט געשיקט דעם מיסיאָנער מיטן צלם, דערנאָך זענען זיי אַליין געקומען מיטן אַלקאָהאָל, מיטן אָפּיום און... מיטן מאַשין־געווער; אָבער מיר — נישט ווי קאָלאָניאַליסטן זענען מיר אַהער געקומען. מיר זענען געקומען אַהער צו זיך, אויף שטענדיק. רוים איז דאָ גענוג פאַר אַלעמען. אָבער צי דאַרפן מיר אַ סך נישט לערנען ביי זיי, וואָס לעבן שוין אונטער אָט די הויכע, טיף־בלויע הימלען, אין אָט די סוב־טראָפּישע קלימאַטישע באַדינגונגען, זינט אומפאַרגעסלעכע דורות? צי וועלן מיר מיט דער צייט אַליין נישט פאַרוואַנדלט ווערן אין אַזאַ מין סטעפּ־שבט? מיר זענען אַראָפּגעקומען אַהער מיט דער קאָכעדיקער ענערגיע פון די קאַלטע אייראָפּעאישע לענדער, דערפאַר אָבער נוצן מיר זיך דאָ שנעל אויס. זייער אַ סך דערציען קוים ביז פאַר די פופציק און בלייבן אינוואַלידן, מיט אויסגעברענטע כוחות. ווער וויל זיי דען דערנאָך נעמען צו אַן אַרבעט? — די פרויען פון די קיבוצים זענען מערסטנס יונג פאַרוועלקט. זיי היטן זיך אויף נאָך שווערלעכער ווי די מענער.

אין די זייטיקע חדרים האָט ער נאָך כמעט געהאַט נישט אַריינגעשמעקט. ער האָט זיי געלאָזן אַזוי שטיין פאַרהאַקט, זינט ווען ער האָט זיך אַריינגעצויגן אין אָט דעם פאַרלאָזענעם הויז. דאָרט האָבן זיך אַוודאי ביים עפענדי אַרומגעדרייט די ווייבער זיינע — אַרום אויסגעטריקנטן באַסיין, הינטער די קאָלאָנאַדעס, אין קילן שאָטן פון די פאַרשטויבטע ציפּרעסן. אין אָט די אַלע פאַרקלאַפּטע טירן האָבן זיי מסתמא געוווינט מיט די קינדער זייערע. אַזויפיל טירן, אַזויפיל הינטער־טירן, אַזויפיל זייטיקע, געדרייטע דורכגענג. נישט אומזיסט איז אים אין די טויבע נעכט טיילמאָל באַפאַלן אַ לייכטער, פיבערדיקער פחד, ביי אַ ליאַדע סקריפּ פון אַ פענצטער־בלעך אין ווינט, כאָטש ער איז נישט געווען פון די שרעקעוודיקע.

דערנאָך איז אים איינגעפאַלן, אַז אפשר וועט אויך רחל אין איינעם
אַ טאָג פאָרט אַריבערקומען אַהער. וואָס־וואָס, נאָר דאָס הויז וועט איר
אַוודאי געפעלן ווערן; כאָטש זי איז נאָך אַלץ געווען פאַרביטערט, איינ־
געקשנט. זי איז שוין לאַנג נישט מסכים געווען מיט אים. זיי זענען, איז
אים איצט צום ערשטן מאָל איינגעפאַלן, בכלל צוויי באַזונדערע וועלטן,
און ס'איז אפשר אין אַלע פאַלן גלייכער, אַז מ'איז אַ שטיקל צייט פונדער־
ווייטנס...

באַגינען, אין העל־ראָזן ליכט, האָט ער זיך געגאָלט און געוואַשן אונ־
טערן קראַן אין אָפּגעשלאָסענעם הייפל און האָט זיך איבּיק געאיילט. ער
האָט נאָך אַלץ קיין צייט נישט געהאַט געניי אַרומצוקוקן זיך דאָ. די גאַסן
האָבן נאָך דאָ אַפילו קיין נעמען נישט פאַרמאָגט, האָבן געטראָגן צייטוויי־
ליקע נומערן. זיין גאַס, היפּש אין אַ זייט פון דער הויפּט־אַרטעריע, איז
געווען, למשל, די רחוב „ט״. בלינדערהייט האָט ער שוין אָוונט־צייט אַליין
געטראָפן אַהער. ס'איז געווען מאָדנע, די זייטיקע גאַסן אַרום האַלב־רונדן
שוק (מאַרק), אַרום די קאָלאָנאַדעס פון דער קאַפע „אשל״, זענען גיך, אין
משך פון עטלעכע געציילטע חדשים ממש, באַלעבט געוואָרן מיט אויפ־
געהאַקטע טירן און פענצטער, מיט אָפּגעווייסטע פאַסאַדן און מיט שילדן,
מיט אַרונטערגעלאָזענע זון־דעכלעך. מען האָט שוין אַפילו גענומען אויס־
פאַריכטן די אַלטע, צעשאָסענע ווענט און לעכער, די איינגעפאַלענע גע־
וועלב־סופיטן. ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן צולעצט, אַז דאָס הויז, וואָס ער,
דוב, האָט פאַרנומען, ערגעץ אין אַ זייטיקער הינטערגאַס, איז איצט שוין
געווען כמעט אין סאַמע צענטער פון באַלעבטן האַנדלס־קוואַרטאַל, איבער־
הויפּט אין אָוונט. ווען אַלץ אַרום איז שוין דאָ פאַרגאָסן געווען מיט רוי־
שיק ליכט און פאַר די געוועלבער פון זיסוואַרג און דערפרישנדיקע גע־
טראַנקען, איז אָוונט־צייט געווען דער געדיכטסטער שפּאַציר־גאַנג. די
הויפּט־גאַס האָט געלויכטן מיט שיינע וויטרינעס, ס'האָבן געלויכטן די לעמפּ
איבערן סינעמאַ „עדן״, ווו מען האָט געוויזן עפּעס אַן אַמעריקאַנער גענג־
סטער־פילם. פון אַן אימפּראָוויזירטן קאַבאַרעט האָבן זיך געטראָגן אין
דער טיפער נאַכט פון סטעפּ, אונטער די גרויסע, בולטע שטערן, אַלטע
ווינער וואַלסן וועגן בלויען דונאַי, פאַרבענקטע און הייס־בלוטיקע אַרגענ־
טינער טאַנגאָס און די סענטימענטאַלע לידער פון די פּאַריזער שאַנסאָ־
ניערן. אין גרעלן, רויטלעכן ליכט, האָט מען געטאַנצט, ס'רוב סאָלדאַטן
און מיידלעך. עס זענען שוין דאָ אַפילו געווען געשלעגן און מעסער־
שטעכערייען אין די הינטער־שטיבלעך און אויף די אַלטאַנעס, צווישן די
מאַראָקאַנער יידן מיט די טערקישע, מיט די סירישע און פּאַליציי איז
געקומען אינטערווענירן.

און דאָס הויז, וואָס דוב האָט פאַרנומען, איז דעם גאַנצן טאָג געשטאַ־נען אַ פאַרהאַקטס, מיטן אָנגעהאָנגענעם שלעסל אויף דער טיר. אַ הויכע שטיג האָט געפירט צום האַלב־רונדן גאַניק. דער קליינער קופּאָל איבערן פלאַכן דאַך האָט זיך קוים געשאָטנט צווישן די עטלעכע פאַרשטויבטע, כמעט אָפּגעוועלקטע פּאַלמען און ציפּרעסן. אין דער נידער איז אַפילו געווען אַן אַריינפאָר פאַר אַן אייגענעם אויטאָ — אַ פאַרלאָזן הויז, וואָס האָט דערציילט פון גאַרנישט־לאַנגן באַקוועמען, אָריענטאַלישן לוקסוס־לעבן. פּלינקע יידן, ספרדישע און פּוילישע, זענען עטלעכע מאָל געקומען קלאַפּן ביי אים אין דער צוגעשלאָסענער טיר און האָבן אים דאָרט קיינמאָל ביי טאָג אין דער היים נישט געטראָפן. די שכנים, ביי וועלכע זיי האָבן זיך נאָכגעפרעגט, האָבן דערציילט, אַז ער קערט זיך אום שפּעט פון דער אַרבעט ביים כביש און אַז ס׳איז עפּעס אַ ייד פון אַ קיבוץ; ער וווינט דאָ איינער אַליין און פאַרנעמט דאָס גאַנצע רחבותדיקע הויז.

און אין שטאָט זענען שוין דעמאָלט אָנגעגאַנגען וויסטע שפּעקולאַציעס מיט דירות. מען האָט שוין געצאָלט צו עטלעכע הונדערט פונט, און פאַר אַן אָפענער טיר צום דרויסן — נאָך טייערער. צום „מושל צבאי“ זענען שוין געקומען ביטעס, אָנקלאַגעס; עס זענען שוין געקומען מענטשן מיט פּראָטעקציעס פון וויכטיקע פּערזענלעכקייטן אין דער רעגירונג, מיט פאַר־שיידענע פּאַפּירלעך און באַשטעטיקונגען פון דער אַרמיי, אַז זיי האָבן זיך געשלאָגן פאַרן לאַנד, אַז זיי זענען דעמאָביליזירטע סאָלדאַטן, מאַר־טירער פון די לאַגערן, וכדומה.

אַ נייער מין ערב־רב, וואָס די נאָך־מלחמה־עליה, און דער עיקר טאַקע די מלחמה גופא, האָט אָנגעברענגט צו די ברעגן פון לאַנד; דעמאָ־ביליזירטע סאָלדאַטן, מיטליאַריקע, וואָס האָבן געזוכט אַרבעט און נישט געפונען, האָבן זיך נאָך אַלץ אַרומגעדרייט אין זייער האַלב־מיליטערישער הלבשה, פאַרפולט די קליינע, זייטיקע, אָנגעראויכערטע קאַפייען, די קאַבאַ־רעטן. פיל פון זיי זענען געשלאָפן אויף די אָפענע בוי־שטעלעס, אין די אויטאָבוסן־סטאַציעס. עס זענען שוין געווען פאַלן פון רויבערייען, פאַר־גוואַלטיקונגען; וועגן איינברוכן און גנבות האָט די ציטונג־כראָניק זייער אָפט געבראַכט; אויף אַלע עפנטלעכע פּלעצער, אין די אויטאָבוסן, אויף די סטאַציעס, ווו ס׳איז אַלעמאָל אַ גרויס געדרענג, זענען געווען צעקלעפּט אילוסטרירטע אַפישן, מען זאָל זיך זען צו היטן פאַר די קעשענע־גנבים, די „כייסים“. עס האָבן זיך דאָ אַרומגעדרייט אויסגעוואָרצלטע און דעקלאַ־סירטע אינטעלעקטועלע און מענטשן פון אַלע מעגלעכע פרייע פּראָפע־סיעס, געקומענע פון אַלע לענדער אין אייראָפּע. דאָס לאַנד האָט גאָרנישט באַדאַרפט צו האָבן אַזויפיל גאַליציאַנער דאָקטוירים און אַדוואָקאַטן,

אַזוי־פיל וואַרשעווער אינזשעניערן, בערלינער גימנאַזיאַל־פּראָפעסאָרן, ווינער און בודאַפּעשטער מוזיקער. זיי האָבן אָפּגעקלאַפּט די טירן פון אַלע טעאַטערן, אָנגעבאָטן זייערע הויכע קוואַליפיקאַציעס אין אַלע שפּראַכן, וואָס פאַרבלאָנדזשעטע יידן האָבן נאָר מיטגעבראַכט מיט זיך פון די אייראָפּעאישע לענדער.

— עברית! עברית! — האָט מען ביי זיי דאָרט אומעטום האַרב געפּאָדערט און שנעל אָפּגעפּטרט זיי — לערנט איך קודם־כל אויס אַ ביסל עברית!... דערנאָך וועט מען שוין זעען... אפשר וועט זיך עפּעס מאַכן...

אַמשווערסטן איז די דייטשע יידן אָנגעקומען אויסצולערנען זיך אַ פּאָר ווערטער עברית. עפּעס האָט זיך די צונג ביי זיי נישט געלייגט אַרויסצוברענגען אַ וואָרט און מ'האָט זיי קיינמאָל געגוי נישט פאַרשטאַנען, ווען זיי האָבן זיך פּשוט נאָכגעפרעגט אויף אַ גאַס. זיי האָבן אויך מורא געהאַט צוצוגיין, ווען דער טעלעפאָן האָט געקלונגען. „דער שפּריכט בעשטימט „איווריט"... — האָבן זיי אָנגעוויזן אויפן טרייבל און זיך מורא געהאַט צוצורירן.

דוב האָט זיך דאָ אָוונט־צייט פאַרבייגעשאַרט די ליכטיקע, טומלדיקע טירן און איז לאַנגזאַם געגאַנגען זיין וועג. דאָס אַלץ איז געווען פּאַר אים מאָדנע־ניי. ער האָט זיך, אמת, די לעצטע צייט ווייניק געהאַט אַרויסגעטירט פון קיבוץ, ווו מען האָט זיך געהאַלטן אין איין אַרומגראָבן און באַפּעסטיקן, נאָך די בלוטיקע איבערפאַלן פון די סיריער. אָבער דאָס אַלץ דאָ האָט אים שוין עפּעס צופיל דערמאָנט אין די הינטערשטאָטישע קוואַרטאַלן פון יענע אומהיימלעכע, נישט־יידישע שטעט, וועלכע ער האָט נאָך אַזוי גוט פאַרגעדענקט און פון וועלכע ער איז אַמאָל געהאַט אַנטלאָפן.

# 9

סוף כל סוף איז אויך רחל אַריבערגעקומען אַהער. אַ וואָך צייט האָט זי זיך דאָרט פֿריער אַרומגעדרייט אין תל־אביב, אָפּגעווען אַ טאָג ביי צפּורהן, אַ טאָג ביי אַביבהן, אויפֿגעזוכט די אַלטע באַקאַנטע, וואָס זענען שוין זייער לאַנג געהאַט אַוועק פֿון קיבוץ. אַנדערע האָבן שוין פֿאַר דער צייט פֿאַרמאָגט אייגענע הייזער אויף רחוב אַלענביי, אַרום רחבותיקן פּלאַץ פֿון דער „הבימה" און אין די שטילע זייטן־גאַסן, אַרום טומלדיקן ככר דיזענגוף מיט זיינע פֿיל־שטאָקיקע געביידעס, טעראַסן און סקווערן, ווו ס'האָבן ווייט אַרום געלויכטן די בלענדיקע נעאָן־פֿייערן פֿון סינעמאַס און רעקלאַמעס. פֿיל פֿון זיי זענען שוין איצט געווען ווייבער פֿון וויכטיקע מלוכה־פּקידים, כנסת־דעפּוטאַטן, האָבן פֿאַרמאָגט ווילעס אויפֿן הר־הכרמל, האָטעלן, קאָנצעסיעס, אַקציעס אין גרויסע אונטערנעמונגען; אינדוסטריעלער מיט שווונג און מיט געוואַלטיקע פּלענער; אַלע אַרויפֿגעאַרבעטע, איינגעפֿונדעוועטע. די ווייבער, קען מען זיך פֿאָרשטעלן, זענען נישט געווען אַזוי אויסגעמאַטערט ווי די קיבוץ־פֿרויען, האָבן זיך פֿאַר קנאַפּע עטלעכע פּיאַסטער געלאָזן באַדינען אין דער הויז־ווירטשאַפֿט דורך די קליינע, אָרעמע תּימנער מיידלעך. זיי האָבן איצט געשיקט די אונטערגעוואַקסענע קינדער זייערע אין מיליטערישע הויכשולן, אין אויסלענדישע אוניווערזיטעטן, געדרייט זיך אין די רעגירונגס־ספֿערן, געגרייט פֿאַר די זין דיפּלאָמאַטישע קאַריערעס און געטון צווישן זיך רייכע און וויכטיקע שידוכים.

רחל האָט זיך פֿאַר די עטלעכע טעג, דעם אמת געזאָגט, אַביסל אָפּגעכאַפּט, איז מיטגעפֿאָרן מיט זיי אין די גלאַנציקע אויטאָס, אין די סינעמאַס, אין די טעאַטערן, אויף די קאָנצערטן.

— בחיי, ווי איך פֿאַרשטיי אים נישט... — זענען זיי געווען פֿול מיט

פאַרדרוס און מיט פאַרוווּנדערונג, די ווייבער, — דובן זאָל איינפאַלן אַזאַ משוגעת און פאַרלאָזן מיט איינמאָל דעם קיבוץ, גיין זוכן אַרבעט אין דער פרעמד... איז שוין טאַקע עק וועלט...

— וואָס אייך פאַלט איין... — האָט זי אים פאַרענטפערט, רחל — חלילה, ער האָט דעם קיבוץ נישט פאַרלאָזן. די „סולל בונה" האָט אים געשיקט אויף כביש־ און קאַנאַליזאַציע־אַרבעט. דאָס איז אַלץ...

— יאָ, אָבער עפּעס הער איך, אַז ער בונטעוועט זיך קעגן גייסט פון קיבוץ... קריטיקירט... דער גייסט, וואָס האָט געמאַכט אויפלעבן אונדזער גרויס, נאַציאָנאַל אויפבוי־ווערק...

געזעסן איז מען אָוונט־צייט אויף דער טעראַסע, ביי די שיין־סער־ווירטע טישן, כאָטש אין שטאָט האָבן שוין צוביסלעך גענומען אויספעלן אַ סך פּראָדוקטן פון ערשטן געברויך, נאָכן איינפירן די „צנע" און נאָך די דעוויזן־באַגרענעצונגען. וואָס האָט זי זיי דען געהאַט צו ענטפערן, רחל? האָט זי צוגעשוויגן.

אין דער ווייכער אויסלייג־שטול, אויף דער טעראַסע, האָט זי געפילט אויף זיך דאָס מחיהדיקע אָוונט־ווינטל פון ים; נאָך אַן אָנגעגליטן, חמימה־דיקן טאָג, האָט דער ים קיל געשוועבקט אין דער נידער די שיינע אַלייען לענגאויס דעם ברעג, די באַהאַנגענע טעראַסן, די פלאַכע באַלקאָן־דעכער. איר בליק איז געווען ווייט און פאַרשוווּמען. יאָ, זי האָט אים טאַקע אַצינד אַביסל אָנגעהויבן צו פאַרשטיין, דובן. ער איז אפשר נישט אינגאַנצן אומ־גערעכט. זי איז אָבער פונדעסטוועגן נישט געווען ווי די אַלע פרויען, פול מיט קנאה, מיט באַהאַלטענער בייזקייט, מיט קוים־פאַרשטעלטער נישט־פאַרגינערישקייט. די וואָך צייט איז געווען פאַר איר איבערגעגנוג. מער האָט זי נישט אויסגעהאַלטן; און ווי לאַנג קען מען דען בכלל פאַרברענגען אין געסט? און כאָטש זיי האָבן זי נאָך דאָרט גאָרנישט געוואָלט אַוועק־לאָזן, האָט זיך רחל באַלד נאָך שבת אויפגעהויבן און איז אַריבערגעפאָרן צו דובן.

ער איז אַפילו געווען נישט קיין קליין ביסל איבעראַשט, ווען ער האָט זיך אָוונט־צייט, מיט לאַנגזאַמע און באַטראַכטע טריט, אומגעקערט פון דער אַרבעט, פון דער אַרבעטער־קיך, און פלוצים, אומגעריכט, דערזען רחלען וואַרטן פאַר דער הויכער שטיג. ער האָט פונדעסטוועגן, ווי זיין טבע, פאַמעלעך אַרונטערגענומען דאָס שלעסל און זי געלאָזן אַ ווײַלע אין קאָרידאָר, געטאַפּט דאָרט אין דער פינצטער, געריבן שוועבעלעך, ביז ער האָט אָנגעצונדן דעם נאַפט־לאָמפּ אויפן טשוואָק, צווישן ביידע הויכע פענצטער אין הויף אַריין.

— ווי אַ וואָלף — אַליין !... — האָט זי געלאַכט פרעמד — און ס'אַרט דיר גאָרנישט ? באַדאַרפסט טאַקע קיינעם נישט צו האָבן ?

ער האָט דאָרט עפּעס אַ מורמל געטון און זי האָט אַפילו נישט באַלד דערכאַפּט וואָס. אין קילן הויז, פול מיט אומהיימלעכע שאָטנס, האָט זי זיך געהאַלטן נאָנט לעבן אים און — איז עפּעס פאַרט נישט געוועזן די זעלבע רחל. וויפל ליכט און וויפל אייל־קאַניצלעך זי האָט נאָר געפונען אין הויז, האָט זי זיי אַלע באַלד אָנגעצונדן און צעשטעלט זיי אין די ווינקעלעך, ס'זאָל דאָ אַביסל היימלעכער ווערן. זי האָט זיך גלייך געכאַפּט צוזאַמענצונעמען די אָנגעוואַלגערטע צייטונגען, די ביכער, די וועש, די מלבושים און געפונען פאַר זיי עפּעס אַ נישע, אַ טשוואָק. זי האָט פאַרצויגן דעם הויכן פענצטער מיט אַ ליילעך, איידער וואָס־ווען אַרומגערוימט אַביסל, צוגעקליבן און האָט מיט אומגעדולד געוואַרט אויפן מאָרגנדיקן טאָג, צו נעמען זיך דאָ מאַכן אַ ביסל אָרדענונג.

דוב איז געזעסן אויפן שפּיץ פון דאַרן פעלד־בעטל, הויך געזופּט פונעם געבלימלטן טעפּעלע דעם הייס־פאַרבריטן טיי, קאַרג צוגעביסן מיט צוקער, און האָט זיך, אַביסל פאַרשעמט, געהאַלטן אין איין נאָכפרעגן וועגן די אַלע געשעענישן אין קיבוץ במשך פון די עטלעכע חדשים זינט ווען ער איז אַוועק דאָרט.

— אַזוי ?... — האָבן זיך געשטעלט צוויי שאַרפע, שמייכלענדיקע קנייטשן אַרום זיינע העל־גרויע אויגן — האָבן זיי זיך טאַקע, די צוויי „האָלענדישע“, „ברוריה“ און „שחורה“, אָפּגעקעלבט ?... פיינע קעלבלעך אַוודאי... מיט ווייסע לאַטקעלעך צווישן די אויגן, זאָגסטו, פונקט ווי ביי די מוטערס זייערע...

— אָבער דערפאַר איז אין אינקובאַטאָר געשען אַ מכשול — האָט זי דערציילט מיט אַ סך זאָרג, רחל — שיינע עטלעכע צענדליק הינדעלעך זענען דעם נאָך־פּסח אַוועקגעפאַלן. מען זאָגט, אַז ס'זאָל אַרומגיין עפּעס אַ הינער־עפּידעמיע אין לאַנד.

— טאַקע ! — איז ער מיטאַמאָל געבליבן מיטן אויסגעקילטן טעפּעלע אין דער האַנט — אַבי מ'האָט געהאָפּט אויף הייניטיקס יאָר שוין צוצוטיילן אַביסל מער אייער פאַר די קינדערלעך...

מ'האָט געזען, אַז ס'פאַרדריסט אים ביז גאָר טיף, אַז ס'ציט אים צוריק אַהין, ווי ס'חיות, כאָטש ער איז נישט געוועזן פון די, וואָס — איינמאָל עפּעס באַשלאָסן און אָפּגעטון, נאָך לאַנגן אַדורכקלערן — האָבן זיי אַזוי לייכט חרטה.

מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער האָט שוין דוב מער נישט דערקענט דאָס פרעמדע, אומהיימלעכע אַראַבישע הויז. ער איז אָוונט־צייט צוריקגעקו־

מען פון דער שווערער האַרעוואַניע אַרום כביש, אַוועקגעוואָרפן די פּאַר־שטויבטע וועסט אויף אַ בענקל און האָט זיך אַרומגעקוקט מיט חידוש. רחל איז גאַנצענע טעג אַרומגעלאָפן, איינגעקויפט אַ טיש, אַ שטול, אַ טעפּל, אַ שטיקל שאַפקע, געלאָזן אויספּאַריכטן די אַלטע עלעקטרישע אינסטאַ־לאַציעס און דער זאַל האָט זיך אָונט־צייט אָנגעגאָסן מיט אַ צו־רוישיק און צו־פריילעך ליכט. דאָס האָט עפּעס די וועגט נאָך ווייטער און העכער געמאַכט, אַז דוב האָט זיך אַ ווילע דערפילט פרעמד, שטיינבלייבנדיק אויף דער שוועל, אָנגעקוקט זיינע פאַרשטויבטע שיך און האָט גאָר מורא געהאַט ווייטער צו שטעלן אַ טראָט איבערן אויסגעגלאַנצטן פּאַרקעט, אויס־געלייגט מיט אַ וויכן דיוואַן.

— אויף שבת וועלן מיר האָבן אַ גאַסט — האָט זי אים דערציילט, אינגאַנצן אַ פאַרפלאַמטע — אַבנר קומט.

— אַזוי? ווען האָט ער דען געשריבן?

ס'איז געקומען אַ קצין (אָפיציר) פון זיין רעגימענט. ער האָט דאָ אַביסל געבלאָנדזשעט, ביז דער מושל צבאי האָט אים אָנגעוויזן, ווו מיר וווינען. ער איז געווען איבעראַשט — האָט זי זיך געריוטלט — „אַזאַ הויז"... — האָט ער געזאָגט...

אַביסל האָט ער זיך טאַקע מיט אַמאָל דערפילט אומבאַקוועם פאַרן יינגל, אויפצונעמען אים דאָ, און נישט, ווי געוויינלעך, אין זייער קליינעם, ענגן צריף דאָרט, אין קיבוץ. שוין לאַנגע חדשים, אַז דאָס יינגל האָט זיך נישט געוויזן. ער איז דאָרט ערגעץ אַרומגעפלויגן מיטן דזשיפּ איבערן לאַנד, אין וויכטיקע שליחותן פון דער אַרמיי. מ'האָט אים נאָך, זעט אויס, גאַרנישט געהאַלטן ביים דעמאָביליזירן, ווייל ער האָט אומגעריכט אַרויס־געוויזן באַזונדערע פעאיקייטן אין דער מיליטערישער ווירטשאַפט־אַדמי־ניסטראַציע. „וואָס וועט ער טראַכטן, דאָס יינגל — איז אים דורכגע־פלויגן — אַז דער טאַטע האָט אַוודאי גענומען, אַוועקגעוואָרפן דאָרט אַלץ מיט אַלעם און געלאָפן אַהער, צוגלייך מיט די אַלע דאָ, פאַרכאַפּן פאַר זיך אַ הויז מיט לוקסוס, מיט באַקוועמלעכקייטן... ווייל, ווי שיקט זיך עס, טאַקע?..." ער איז אין דעם אָונט לאַנג אָפּגעזעסן אויפן דאַרן פעלד־בעטל, דעם קאָפּ אַריינגענומען צווישןביידע הענט, און איינגעהערט זיך צום מאָנאָטאָנעם גערויש פון פּרימוס, הינטער דער טיר, אין פוסטן קאָרידאָר, ווו רחל האָט צייטווייליק איינגעריכטעט איר קיך־באַלעבאַטישקייט.

— דאָס האָסטו עס אַוודאי פון תל־אביב מיטגעבערענגט אַזאַ פּלייס איינצוואָרדענען אַ הויז מיט גרויס־שטאָטישן געשמאַק... — האָט ער גע־רעדט מיט קוים־מערקבאַרער איראָניע, אָפּגעריסן, דוכט זיך, סתם, — נו, מילא...

ווי פֿאַרפֿאָרעט זי איז נישט געווען אינעם הויז, רחל, האָט ער באַ־מערקט, אַז דאָ איז זי אַ סך אויסגערוטער, אויפֿגעלייגטער, אַפֿילו צופֿרידן; זי איז געזעסן, אויסגעגלײַכט זיך און איבערגעדרייט אירע אַלטע קליידלעך. ס'איז אַפֿילו צוריקגעקומען צו איר אַ געוויסע יוגנטלעכקייט. זי האָט זיך באַוועגט פֿלינק, ווי אַ מיידעלע. וועגן קיבוץ האָט זי שוין איצט ווייניקער דערמאָנט, זעלטן, האָט גאָר געהאַלטן אין איין אָנדערצײלן זיך וואָס עס טוט זיך דאָ אַלץ אָפּ אין שטאָט, ווי מען בויט זיך פֿונאַנדער, ווי מענטשן ווערן רייך איבער נאַכט. סוף וואָך האָט זי געגנוי איבערגעצײלט די פּאָר פֿונט מיטן קלײנגעלט, וואָס דוב האָט איר אַהיימגעבראַכט, און אים אויס־געלייגט אירע פּלענער, וואָס אַלץ זי דאַרף נאָך אָפּשפּאָרן אויף אײַנצוקויפֿן פֿאַר דער באַלעבאַטישקייט אין ליידיקן הויז אַריין.

— ס'איז דאָ געווען אײנער אַ ייד — האָט זי נאָך דאָרט גערעדט צו אים פֿון דער פֿאַרטראַגנקייט — עפּעס אַ מאָדנער סאָרט ייד... ער האָט זיך אַרומגעקוקט איבערן הויז און געזאָגט, אַז ער וואָלט זייער געוואָלט עפּעס אַדורכרעדן מיט דיר...

— ווער איז דער ייד און וואָס האָט ער אַדורכצורעדן מיט מיר? — האָט ער זיך נאָכגעפֿרעגט מיט ווייטן, קילן פֿאַרדאַכט.

— כ'ווייס נישט. ער וועט דאָ אַריינקומען, האָט ער געזאָגט, פֿרײטיק פֿאַר ליכט־בענטשן.

נישט אומזיסט האָט רחל אַזויפֿיל אָנגעקאָכט און אָנגעבאַקן אויף שבת. זי האָט אָבער געהאַט עפּעס אַ ווייטן פֿאָרגעפֿיל. ס'איז געווען אַ סוד אויס־צוזאָגן, נאָר דאָ, אין מיטעלן נגב, ווו די בעדואינער זענען כמאַרעווייז געקומען אין שטאָט אַריין איינקויפֿן, האָט מען נאָך גיכער, אין די זייטיקע רעסטאָראַנדלעך, געפֿונען אײנצוהאַנדלען אַ שטיקל שעפּסן־פֿלייש, אַמאָל אַן עוף אַפֿילו, פֿאַר אַ געזאַלצענעם פּרייז, נאַטירלעך; און אַבי ס'איז נאָר געווען אַ שטיקל פֿלייש, איז שוין אַלץ געווען באַטעמט און באַשמאַלצן. נאָך אַזוי פֿיל יאָרן נישט צורירן זיך צו אַ טעפּל, קומענדיק אַלעמאָל צום גרייטן אין חדר־האוכל, האָט זי זיך איצט, מיט אַ באַזונדערן פֿלײס, אַ פֿאַרפֿלאַמטע, געפֿאָרעט אין דער קיך־באַלעבאַטישקייט, האָט זיך דער־מאָנט די אַלע פּאַטראַוועס פֿון דער ווייטער היים, וואָס מ'האָט געפֿלעגט צו באַקן און צו קאָכן ביי איר מאַמען אין הויז. אין הויפֿל האָט זי אַנט־דעקט אַ קעלטער, אַראָפּצוגיין מיט אַ שטיג, מיט אַ גוטער ווענטילאַציע — אַ קיל ווינקל, וואָס איז געווען פּונקט אַזוי פּראַקטיש ווי די אַלע עלעק־טרישע אייז־קאַסטנס, וואָס ווערן דאָ אַזויפֿיל גענוצט אין לאַנד. דאָרט האָט זי אַראָפּגעשטעלט די פֿאַרקילטע עוף, די געפֿילטע פֿיש, דעם אַראָ־מאַטישן פּרוכטן־פּודינג. יעדעס ווינקעלע אין הויז האָט געפֿעכלט. אין דעם

פרייטיק האָט זי באַלד פון באַגינען אָן געוואַרט מיט אומגעדולד, דוב זאָל זיך נאָכמיטאָג אומקערן פון דער בוי־שטעלע; זי האָט געוואַרט, אַז אפשר וועט אויך אַבנר פלוצים אַריינפאַלן.

אַריינגעפאַלן איז ער טאַקע פלוצים, אַבנר, אָבער נישט אַליין. ער איז אַרויסגעשפּרונגען פונעם דזשיפּ האַרט פאַר דער שטיג און געלאָזן אַ ווילע וואַרטן אין דער מאַשין אַ מיידל מיט אַ בלאָנדן האָר־שויבער, אונ־טערגעבונדן מיט אַ בלוי בענדעלע. רחל האָט זיי אויפגענומען אַ פאַר־פלאָמטע. עפּעס האָט זי נישט פאַרשטאַנען; ווייל זי האָט אים נאָך אַלץ געהאַלטן פאַר אַ שעמעוודיק ייִנגל, אַבנרן. אָבער דערפילט האָט זי באַלד, אַז ס׳איז נישט סתם אַזוי אַ מיידל. זי האָט נישט געוווּסט וואָס פריער צו טון פאַר די ליבע געסט. דאָס בלאָנדע מיידל איז דווקא נישט געווען אַזוי אומדרייסט און שעמעוודיק. זי האָט זיך דאָ באַלד דערפילט ווי אין היימיש, האָט אַרומגעקוקט דאָס הויז אין אַלע ווינקעלעך און באַלד אויפן אָרט הויך געלאָזן וויסן אַבנרן און דער מוטער, אַז ס׳געפעלט איר דאָ זייער שיין...

ס׳איז געווען אַ סך און רוישיק ליכט אין אַלע ווינקעלעך און איבערן שיין־געגרייטן טיש, פאַרצויגן מיט בלאַנקענדיקער ווייסקייט, אין דעם דאָ־זיקן פרייטיק־צונאַכטס. עפּעס אַזאַ מונטערקייט ווי ס׳איז דאָ געווען, אַזאַ, וואָס קיינער פון זיי האָט שוין לאַנג נישט געפילט. אַריינצופאַלן אין אַזאַ ענדערונג, אין אַזאַ סיטואַציע, אין משך פון די קורצע עטלעכע חדשים, האָט זיך דוב קיינמאָל גאָרנישט פאַרגעשטעלט. זיין נאָכקלערערישע טבע האָט אים געבראַכט צו אַ סך מאָדנע געדאַנקען און אויספירן, כאָטש אַזוי ווי נישט ווילנדיק, איז ער אַליין אויך אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער מיט פון דער לעבעדיקער גערעדעריי אַרום טיש, ווו רחל האָט אים אומבאַ־מערקט צוגעטיילט אַלע כבודן פון ערשטיקייט, פון אַ הויז־באַלעבאָס. ווי קומען צו איר אַזעלכע פּירעכצן? אויך דאָס האָט אים אויסגעקוקט מאָדנע. ס׳איז געווען — האָט ער באַטראַכט — אַ וואָרף צו טון פון באַרג אַראָפּ אַ שטיין און ער וועט זיך שוין פון זיך אַליין קייקלען; ווער ווייס אָבער וווהין ער קען זיך אַזוי דערקייקלען? וואָס, נאָך אַלעמען, האָט ער דאָ אויפגעטון און וווהין וועט עס אים אַלץ דערפירן?

רחל, אַ גליקלעך־פאַרפלאָמטע פון דעם אַלעם דאָ, האָט שוין גאָר מער נישט געוואָלט אַזוי פיל אַריינקלערן. זי האָט נאָר דערזען, אַז איר לעבן האָט זיך מיטאַמאָל פאַרקירעוועט אין אַ ליכטיקער געסל. זי האָט שוין געקענט אַביסל זיין ווילדלעכע נאַטור, דובס, נישט פון היינט, און זי האָט דאָס מאָל געהאָפט אים איינצונעמען, אַרומגיין אַרום אים. אָבער צווישן זון און פאָטער, האָט זי געפילט, צווישן זיי דריי, אייגנטלעך, וועלן

אַלעמאָל פאַרבלייבן גאָר אַנדערע חשבונות; חשבונות פון אַ מאָראַלישן כאַראַקטער און — מען וועט זיי נישט אַזוי לייכט אַריבערשפּרינגען.

איז זי דעריבער צופרידן געווען, וואָס ס׳איז כאָטש אַריינגעקומען נאָך אַ פרוי אין זייער לעבן; מיט איר הילף, איז איר דורכגעפלויגן אַ ווייטער הינטערגעדאַנק, וועט זיך אפשר אַלץ אויסגלייכן. פאַר אַן אונטערגעוואַקסן קינד באַדאַרף מען פונדעסטוועגן צו זאָרגן, ווי זי האָט עס צוגעזען ביי אירע באַקאַנטע אין תל־אביב. זי האָט דעריבער שוין אין ערשטן אָוונט אַרומגערינגלט מיט אַ סך וואַרעמקייט דאָס פרעמדע מיידל, האָט זי גע־רופן ביים נאָמען אירן, יהודית, און האָט זיך באַמיט צו מאַכן דעם איינ־דרוק אויף דובן, אַז זי קען זי שוין פון אַ סך פריער. זי האָט גאָרנישט געוואָלט, אַז דאָס מיידל זאָל איר צוהעלפן ביים גרייטן צום טיש, ביים אויפגעבן די געשמאַקע מאכלים, וואָס זיי האָבן שוין לאַנג נישט געפילט דעם טעם זייערן. אָבער יענע, אַ פלינקע, אַ לייכטינקע, אַ צערויטלטע, איז כסדר געלאָפן נאָך איר אין קאָרידאָר אַריין.

— געפעלסט מיר, דוב... — האָט זי געהערט אבנרס שפּאַסיקע רייד פון אַ סאָלדאַט — טויגסט זיך, זע איך, אויס נישט ערגער פון אַנדערע... וואָסי ?...

און דאָס פלינקע מיידל, וואָס האָט שוין גאַנץ נישקשהדיק געריעדט העברעאיש, כאָטש זי איז ערשט אין לאַנד געווען נישט מער ווי אַ יאָר־אַנדערטהאַלבן, האָט זיך זייער היימיש אָנגעלענט אין אבנרס אַקסל. זי איז קענטלעך געווען אַ פּאָר יאָר עלטער פון אבנרן, כאָטש זי האָט אויסגעזען נאָך גאָר אַ מיידעלע, אַ טענצלדיקע, אַ בלאָנדע און האָט געהאַט די טבע גלייך צוגעלאָזן צו ווערן מיט יעדן איינעם. אַפילו דוב האָט לייכט אונטער־געשמייכלט, ווען זי האָט מיט קוראַזש אַ רוק געטון איר שטול נענטער צו אים. ער האָט מיטאַמאָל אָנגעקוקט אירע דינע, מאָגערע הענט מיטן אויסגעברענטן לאַגער־נומער אויף זיי. די חשבונות פון דעם אויסגע־ברענטן נומער האָבן אים שוין גאָר ערגעץ אַנדערש פאַרפירט.

אין די טיף־געוועלבטע פענצטער האָבן זיך געווינטלט די פאָרהאַנגען. נאָכן חמימהדיקן טאָג האָט געבלאָזן אַ לינד ווינטל פון סטעפּ, ווו די נעכט זענען געווינלעך קילערע ווי אין עמק. די רוישיקע גאַס איז געלאָפן האַרט פאַר די פענצטער. די ראַדיאָ־הילכערס האָבן פונאַנדערגעטראָגן אַמערי־קאַנער דזשאַז־קולות, טאַנץ־מוזיק, גאָרגלדיקע, סטעפּישע, אַראַבישע גע־זאַנגען, דעם פרייטיק־צונאַכטיקן לכו־נרננה און דעם נייעם טאַנגאָ, וואָס איז געווען ביי אַלעמען אויף די ליפּן, „ארצנו הקטנטונת“. ס׳האָבן זיך גע־טראָגן געלעכטערן, באַלעבטע רעדערייען.

ווען מ׳האָט שוין געהאַלטן ביים פאַרקילטן פּרוכטן־פּודינג, פון אַ גליענדיקן, טיפן באַרדאָ, ווי רויטער רובין, דערלאַנגט אויף גלעזערנע טעצעלעך, האָט מען שטיל אָנגעקלאַפּט אין דער פאַרנטיקער טיר. רחל אַליין איז געלאָפן אויפמאַכן און איז באַלד צוריקגעקומען אויף דער שוועל מיט אַ הויכן, עלעגאַנטן יונגערמאַן. ער האָט געהאַט אַן אָנדולירטן שויבער מיט דין־פאַרשניצטע פּיאות און אַ דין, אויסגעשיט וואָנצעלע, ווי איינער פון די, וואָס מען זעט אין די אַמעריקאַנער אַוואַנטורע־פילמען. ער איז געווען אָנגעטון אין ווייסן און אויף זיין פינגער האָט עפּעס אַ פינקל געטון.

— צי שטער איך נישט אַמאָל ?... — האָט זיך דער פרעמדער אַרומ־געקוקט און געפרעגט אין אַ פרעמדן, האַרטלעכן העברעאיש.

— ניין... פאַרוואָס ? — האָט זיך רחל געפילט אַביסל פאַרלוירן און דוב, וואָס האָט זיך געהאַט אויפגעשטעלט פון טיש, האָט, אַביסל צערו־דערט, אָבער העפלעך אים געבעטן זיצן. אָבער דער יונגערמאַן איז גאָר־נישט געווען פאַרלוירן. ער האָט זיך באַלד אַנטשולדיקט און געפרעגט, צי קען מען רעדן דייטש, למשל, ווייל מיט דער היגער עברי, האָט ער זיך שמייכלענדיק פאַרענטפערט, איז ער נאָך נישט גאַנץ שוה־בשוה.

— אַביסל פאַרשטייען מיר נאָך... — האָט דוב צוריקגעהאַלטן גע־שמייכלט — אָבער איר קענט רעדן פּשוט... יידיש...

האָט ער זיך נאָך אַמאָל שאַרף אַרומגעקוקט, דער יונגערמאַן, און ווען ער איז פאַרבליבן ביים טיש איינער אַליין מיט דובן, האָט ער צוערשט גענומען אויספּרובירן זיין שטים, ווי ער וואָלט זיך געגרייט אַרויפצוגיין אויף דער בינע.

— איר פאַרשטייט... — האָט ער גערעדט מיט אַ צו־הילכיקן טעמ־בער — אונדזער שטאָט דאָ, קאָן מען זאָגן, וואַקסט זיך גאָר שנעל פונאַנ־דער — אַ סינעמאַ, אַ טעאַטער־זאַל, קלובן, רעסטאָראַנען, קאַפייען, קאַבאַ־רעטן... נו, האָט מען מיר איבערגעגעבן, ס׳הייסט, מ׳האָט מיר דער־ציילט, אַז איר זייט גאָר אַן אַרבעטס־מענטש, אַ פּועל... און אַז איר האָט גאָרנישט בדעה אויפצומאַכן דאָ אַן אָפענע טיר... אַ געוועלב, למשל... דאָ, אין סאַמע צענטער... און איך, זעט איר, בין אַ מענטש פון דער ווינער אָפּערע... פון פאַרשידענע קאַבאַרעטן אין די איראָפּעאישע הויפּט־שטעט — דאָ האָט ער געלאָזן הערן זיין באַס־שטים — כ׳מיין, אַז אַ פאַרוויילונגס־לאָקאַל, פאַר דער יוגנט דאָ... אָונט־צייט...

און ער האָט זייער פלוצים אָפּגעהאַקט, ווייל דובס קיילעכדיקע, גרויע אויגן האָבן אים זייער דורכדרינגלעך אָנגעקוקט.

— זייט מוחל... — האָט זיך יענער צוריקגעכאַפּט און צוגעגעבן שוין אַ ביסל שטילער — ווייל אַזעלכע לאָקאַלן צאָלן זיך היינט אָפּ זייער גוט...

כ׳וויס, קיין דירות פאַר אַ פּאָר הונדערט פונט פעלן נישט אין שטאָט, אין זייטיקערע גאַסן. מען בויט דאָ, מען ציט אַרויף שטאָקן, מען האַלט אין איין בויען...

שוויגנדיקערהייט האָט־זיך דוב אויפגעשטעלט און שוויגנדיקערהייט האָט ער באַגלייט דעם פרעמדן, אויסגעפּוצטן יונגערמאַן, פון וועלכן עס האָט זיך געטראָגן אַן אומבאַקאַנטער ריח, פון שמעק־זייף, צי פון אָדע־קאָלאָן; באַגלייט אים ביז צו דער טיר אין פאָדערהויז, האָבן אַלע נאָך גע־הערט ווי יענער האָט זיך דאָרט עפּעס פאַרענטפערט, צוגעזאָגט נאָך אַמאָל אַריינצוקומען, אַז אפשר וועט ער זיך איבערקלערן...

— קיין געשעפטן אַהער בין איך נישט געקומען פירן! — האָבן זיי דאָרט אַלע געהערט דובס אַביסל פאַרשעמט, אָבער אַנטשלאָסן קול און — ווי ער פאַריגלט באַלד דערנאָך אַביסל האַסטיקער ווי געוויינלעך, די הויז־טיר.

# 10

זונטיק באַלד באַגינען האָט זיך שוין דוב ווידער געפּאָרעט אין הויז, אין אַרומגעצוימטן הויפל, צווישן דעם באַסיין און דעם וואַסער־אָפּגוס, אַרויפגעצויגן די אויסגעלאַטעטע אַרבעטס־קליידער, איינגעוואַשן זיך מיט קאַלטן וואַסער, צוגעגרייט זיין ברויט־זאַק און באַצייטנס געקליבן זיך צו גיין כאַפּן פאַר דער משטרה דעם קליינעם, פאַרשטויבטן לאַסט־וואָגן, וואָס האָט זיי יעדן אינדערפרי אַרויסגעפירט צום כביש. ער איז צופרידן געווען וואָס ס׳שטעלט זיך אויפסניי די אַרבעטס־וואָך. די שבתדיקע מידקייט איז פּאַמעלעך אויסגערונען. ס׳איז אים אָבער פאַרבליבן עפּעס אַ האַרבער ביי־טעם נאָכן שבתדיקן טאָג, נאָך די אומגעריכטע געסט, כאָטש ער האָט זיך, אמת, זייער שטאַרק געפרייט מיטן יינגלס קומען.

און דאָ האָט זיך אבנר סוף וואָך ווידער אַראָפּגעיאָוועט מיטן דזשיפּ און מיטן מיידל. דאָס איז שוין געווען עפּעס אומגעוויינלעך. אַ גאַנצן טאָג איז ער אים נאָכגעגאַנגען, דעם טאַטן, און האָט אַלץ נישט געפונען די פּאַסיקע מינוט און די געהעריקע ווערטער צו רעדן מיטן „אַלטן“.

— אבא — האָט ער אים דאָס־מאָל נישט גערופן מער, ווי געוויינ־לעך, דוב, און ער האָט אים ענדלעך אַרויפגעלייגט די האַנט אויפן אַקסל; די געענדערטע שטים ביים יינגל האָט אַביסל אונטערגעציטערט — כ׳בין געקומען רעדן מיט דיר... כ׳בין דיר געקומען זאָגן, אַז דאָס מיידל... איז מיין ווייב... מיר וועלן אינגיכן חתונה האָבן, הייסט עס... זי איז דאָ ערגעץ אין אַ קיבוץ, אָבער כ׳וויל נישט... זי פּאַסט זיך דאָרט, ווייסטו, נישט אַריין... און איך וועל אויך שוין מער נישט צוריקגיין אין קיבוץ אַריין...

— טאָ וואָסזשע ווילסטו ווערן? — האָט אים דער פאָטער אָנגעקוקט מיט בולטן צער — אַ פּראָפעסיאָנעלער סאָלדאַט?... אַ פּקיד?... וואָס וועסטו דען טון אין שטאָט? אַרומדרייען זיך? מאַכן געשעפטן?

— כ'וועל נישט פאַרלוירן גיין, אבא — האָט אים דאָס ייִנגל פאַרזיכערט.

און ער האָט גלייך דערפילט, דוב, אַז ניין, נישט דעם ייִנגלס שׂכל שטעקט אין דעם אַלעמען, אַז דאָס רעדט פון אים אַרויס אַ פרעמד קול, אַ פרעמדער שׂכל. צי איז ער דען דער זעלבער אבנר? — האָט ער זיך געפרעגט — דאָס שטילע, שעמעוודיקע בחורל, מיט די גרויסע פאַרפלציינער, מיט די דיקלעכע ליפּן, וואָס האָבן אים אַזוי שאַרף און ווייטיקדיק דערמאָנט זיינס אַ פאַרעלטערטע פאָטאָגראַפיע פון מיט לאַנגע יאָרן צוריק, ערגעץ אויף אַ הכשרה־קיבוץ אין וואָלין. אַפילו אין קינדער־הויז, האָט ער זיך איצט דערמאָנט, איז ער נישט דרייסט געווען מיט די אונטערוואַקסנדיקע מיידלעך פון זיין עלטער. ער איז אויך אַלעמאָל געווען אין אַ זייט פון די שפּילערייען און האָט צו פרי גענומען זיך פאַרטיפן אין די ביכלעך. די אומגעריכטע געשעענישן האָבן דאָס ייִנגל אַזוי ווי איבערגעוועקט פון אַ לעטאַרגיע. ס'איז זיך צופעליק גוט צונויפגעפאַלן מיטן אויפוואַכן פון די מענערישע כוחות ביים ייִנגל, אָן שום ספק. גלייכער — האָט ער ווי אַ דערוואַקסענער טאַטע באַטראַכט — וואָס ער איז ערגעץ ווייט פון קיבוץ און פון די אייגענע. די פרעמד וועט מאַכן אין אים דעם געהעריקן איבערברוך. זאָל ער נאָר נישט זיין אַזוי ווי איך, מיט די קאָמפּלעקסן, מיט די פּראָבלעמען און מיטן גריזשען זיך אַליין. נו, איז אָט זענען די פאָלגן. דער סאָלדאַט איז אים אַריין אין די ביינער אַריין. און אפשר נאָכמער... ווער ווייס?

ער האָט זיך איצט טאַקע נענטער גענומען צוקוקן צום מיידל, צו איר היימישן אַרומפלאַטערן איבערן הויז, איר צופאַלן צו רחלען, די שטילע גערעדערייען צווישן זייערע אין די ווינקעלעך. וואָס קען ער, נאָך אַלעמען, האָבן צו אַ ייִדישער טאָכטער, וואָס האָט זיך דאָרט אַרויסגעראַטעוועט לעבעדיק פון די גיהנום־לאַגערן, פון די פלאַמען? און פאָרט... ס'איז נישט אונדזער יוגנט, וואָס איז דאָ אויסגעוואַקסן אין גאָר אַנדערע נסיונות. און ס'איז אים, עפּעס סתם אַזוי, געקומען אויפן געדאַנק — יוחנן דער וואַסערטרעגער ביי פּרצן, ווי אָט דער פּראָסטער ייִד האָט עס בחוש אַרויסגעפילט דעם אמתן פון נישט־אמתן צדיק. זיי קומען איצט פון דאָרט, האָט ער באַטראַכט, מיט גאָר אַן אַנדער מענטאַליטעט, מיט גאָר אַנדערע חושים; ס'וועט נאָך לאַנג דויערן ביז די־אָ וועלן זיך דאָ איבערקאָכן. וואָלט מען כאָטש געזאָרגט דערפאַר. נו, מילא... ס'איז נישט יענער אידעאַליסטישער דור, וואָס איז געקומען געבן קרבנות פאַרן לאַנד. ווייניק האָבן זיי דאָרט געליטן? מען קען עס גאָרנישט פאָדערן. וואָס טוען זיי דען, אונדזערע גדולים, וואָס זיצן דאָרט ביים רודער, צי פירן זיי אויפן וועג פון פּראָ־

דוקטיווער אַרבעט פאַרן לאַנד? זיי שטעלן זיך, פאַרקערט, ביסלעכוויז אויף קעגן די קיבוצים, קעגן יעדן דעמאָקראַטישן גייסט צווישן די ערלעכע אַרבעטס־מענטשן. די אַרבעטסלאָזיקייט אין לאַנד וואַקסט, די שוואַרצע און לינקע מסחרים וואַקסן. דוכט זיך, וואָס פאַראַ געשעפטן קאָן מען דאָ, אין אָפּגעלעגענעם ישוב פון מיטעלן נגב, טרייבן, צווישן די אָנגעלאָפּענע און אָנגעפּאָרענע, צווישן די דעמאָביליזירטע סאָלדאַטן, פאַרדאָרפּישטע קיבוץ־לייט און די בעדואינער? און פונדעסטוועגן...

ביים טיש, ווען די קינדער זענען נישט געווען, האָט רחל שטיל געלאָזן פאַלן:

— אַ וויל קינד, בנאמנות... ווּהין וועט זי דען גיין? — האָט זיך געפילט כמעט טרערן אין איר קול — זאָל זי שוין פאַרבלייבן מיט אונדז אין הויז.

און אַזוי טאַקע איז דאָס פרעמדע מיידל שוין פאַרבליבן ביי זיי אין הויז. אבער האָט שוין איצט מער נישט איינגערוט. ער איז אַצינד עטלעכע מאָל דורך דער וואָך געקומען צופליען מיטן דזשיפּ. צוריקגעקערט זיך אין אָוונט פון דער אַרבעט אַרום כביש, האָט דוב באַלד דערפילט, אַז אבנר איז דאָ היינט ווידער געווען. ער האָט געפילט, אַז עפּעס טוט זיך דאָ אָפּ הינטער זיינע פלייצעס, ווי מען וואָלט עפּעס אויסבאַהאַלטן פאַר אים. פונוואַנען האָבן זיי אָנגעבערענגט אַזויפיל קאָסטבאַרע זאַכן אין די צימערן אַריין? אַפילו ביי רחלען האָט ער אַנומלט באַמערקט אַ פינקל טון אויפן פינגער...

די אַרבעט אַרום כביש — דאָס האָט אים נאָך מער פון אַלץ געוואַרעמט. דער פלאַסטער איז דאָרט פון טאָג צו טאָג געוואַקסן פאַר די אויגן כמעט. די רערן האָט מען פאַרשאָטן און גענומען זיך גראָבן פרישע קאַנאַלן. דורך אָט־די רערן וועט רינען פריש, קוואַליק וואַסער אין דער געגנט אַריין. ס'וועט אויפבליען יונג גרינס, און די אָרעמע נאַקעטקייט פון דער לאַנדשאַפט וועט מער אַזוי באַנג נישט פאַרכאַפּן דאָס אויג. פון דער שמאָלער סטעזשקע אין סטעפּ האָט אָנגעהויבן אויסצוציען זיך אַ ברייטער, גלאַטער שאָסיי אין ווייסער בלענדיקייט. די הויך־אָנגעלייגטע, שפּיציקע שטיינער האָבן זיך אויסגעקרומט אין אַ האַלב־רונד, צווישן די אויסגעטרוקנטע וואַדיס, גראָבנס, איבערן בריקל און האָבן פאַרגאָסן מיט אַ ליכטיקער העלקייט אין דער הייסער זון. מען האָט שוין געשאָטן זשוויר, געגאָסן סמאָלע, עס זענען אָנגעפאָרן די פרעס־מאַשינען און דאָס זעצנדיקע רויכל פון לאָקאָמאָביל האָט מאָדנע באַלעבט די ווייטע, גאָרע נאַקעטקייט. נאָך אַ טאָג פאַרטועגער אַרבעט, האָט זיך דער אויסבליק אין סטעפּ, כמעט פאַר די אויגן פון אַלעמען, געענדערט. ס'איז דעם גאַנצן טאָג געשטאַנען

אַ רעש פון די לאַסט־אויטאָס און פון די פּועלים, וואָס האָבן אָפּגעלאָדן די שטיינער און די זעק צעמענט.

אָבער דאָ איז לייבעלע רומי ווידער אַראָפּגעקומען און איז צוגע־שטאַנען מיט זיינע געמיינע געלעכטערלעך און מיט זיינע איינגעגעסענע רייד. ער איז אַלעמאָל אומגעריכט אַראָפּגעקומען, פאַרשווונדן און ווידער דאָ ערגעץ אויסגעוואַקסן; אַ בליק געגעבן דאָ און דאָרט און אַרום אים הערט ער זיך נישט אויף צו דרייען. „דוב — מאַכט ער צו אים איינמאָל — ס'גייט נישט! מיר האָבן, ווייסטו, אויסגערעכנט אויף אַן אַנדער טעמפּאָ. פון די פרישע עולים האָבן מיר נישט קיין נחת, ביין... זיי מיינען, אַז אַלץ קומט זיי... כ'וויל דו זאָלסט אַכטונג געבן. קיינער באַדאַרף גאָרנישט זאָלסט שטיין גלייך מיט אַלעמען ביים כביש"... עטלעכע מאָל אַזוי. דוב האָט אים, פאַרשטייט זיך באַלד געשיקט צו אַלדי טייוול, און ער — לאַכט זיך אויס:

— כ'האָב גערעדט — מאַכט ער — מיט דיין רחלען די וואָך. אַזוי, דוב... ענדלעך האָב איך אַביסל נחת פון דיר... אַ הויז, אַ באַלעבאַטיש־קייט, קיין עין־הרע... און דיין בנאָק, הער איך, שמעקט עס שוין אויך נישט צוריק אין קיבוץ אַריין... ער האָט זיך איינגעשאַפּן, זאָגט מען, אַ לייטיש ווייבל, פון די פריש־געקומענע. מיט זייער פּראַקטישקייט, הערסטו, שאָקלען זיי אונדז אַלעמען אויס פון אַרבל. אַרבעטן, זאָגן זיי, זאָלן אַנ־דערע... שפּילסט זיך מיט די לאַגער־עכברושים! זיי דערשמעקן שוין...

— איך זע דאָך, בקיצור, לייבעלע, ווהין דו צילסט. וואָס ווילסטו? ווילסט כ'זאָל שטיין און רייסן פון זיי פּאַסן? רייסן זיי פון די לוינען, די פּועלים? דאָס נישט! אַ פרישער עולה באַדאַרף אויך צו לעבן. די, וואָס גייען אַרבעטן אויפן כביש, זענען דאָך אַוודאי נישט געקומען מיט קיין פאַרמעגנס. און נישט איך וועל זיי אונטערטרייבן... דאָס פאַרשטייסטו דאָך אַליין...

דערצו זענען די רעגנס אין דעם יאָר אָנגעקומען פריער ווי געוויינ־לעך. אַפילו דאָ, אין מיטעלן נגב, האָט עס די גאַנצע וואָך נאָך סוכות גע־גאָסן ווי מיט צעבערס. די אויסגעגראָבענע קאַנאַל־ראָוועס זענען פול גע־וואָרן מיט אַ מוטנע, ליימיק וואַסער, וואָס האָט געריזלט האַסטיק אין אַלע אויפגעפּלאַצטע שפּאַלטן און באַלד ערגעץ איינגעזאַפּט געוואָרן אין דער דורשטיקער, אויסגעטריקנטער ערד. אַלץ האָט געקלעפּט. ס'איז שווער געווען אויפצוהויבן אַ רידל, אַ פּיאַש. די פּיס זענען געזונקען אין דער ווייכער ערד און די כוואַליעס פון ווינט אין אָפענעם סטעפּ, אונטערן נידע־ריקן, גרויען הימל, האָבן שיעור נישט צעטראָגן דאָס געצייג־בידל. צו־ליב די פריע רעגנס איז די אַרבעט געגאַנגען אַ סך לאַנגזאַמער, אָבער

פון כביש איז קיינער פונדעסטוועגן נישט אָפּגעטרעטן. מיט די פּאַפּיר־זעק פון בעטאָן אַרויפגעצויגן אויף די קעפּ, אויף די פּלייצעס, איז מען געשטאַנען אין שמייסנדיקן ווינט און רעגן און געאַרבעט. מ'האָט גאָר מורא געהאַט אומצודרייען דעם קאָפּ צום געצייג־ביידל, ווו לייבעלע רומי האָט געהאַט איינגעריכטעט זיין קליינע ביורקע און ווו ער האָט יעדן פּריי־טיק צוגעציילט יעדן איינעם זיין לוין.

פרייטיק נאָכן האַלבן טאָג איז דוב אַהיימגעקומען אַ שטאַרק־פאַר־זאָרגטער און אַ שווייגנדיקער. שוין אויף דער שוועל האָט רחל באַלד דער־פילט זיין אומרו. זי האָט אַרונטערגענומען פון אים די אויסגעווייקטע, פאַרבלאָטיקטע קליידער, צוגעטראָגן אים די שטעק־לאַטשן און דערלאַנגט אים וואַרעמע גלעזער טיי מיט ציטרין צום דאַרן פעלד־בעטל, פונוואַנען ער האָט זיך מער נישט געקענט אַראָפּרירן. אַן אַלטער רעוומאַטיזם, צי גאָר דער מאַלאַריע־פיבער, איז צוריקגעקומען צו אים. ער איז געווען בלייך און געל, ווי ליים, די אויגן צוגעשלאָסן און דאָס פאַרהאַקטע מויל — אין שוידער. ער האָט זיך דערפילט ענג און אויפן בעטל אויך נישט געקענט איינליגן. ס'האָט אים אונטערגעהויבן. אויפן מיידל, וואָס איז גע־ווען אין הויז, האָט ער זיך מער נישט נאָכגעפרעגט, כאָטש ער האָט דאָ געהערט ערגעץ איר אַרומפלאַטערן, איר קלינגענדיק שטימעלע, נאָר אויף אבנרן האָט ער זיך געהאַלטן אין איין נאָכפרעגן.

— ניין — האָט רחל געלייגט אַ האַנט אויף זיין וואַרעמען שטערן — ער איז נאָך נישט צוריקגעקומען, אבנר.

פרי איז די נאַכט צוגעפאַלן און ס'האָט זיך אים כסדר געדאַכט, אַז שאַקאַלן וואָיען הארט הינטערן פענצטער, אַז ס'גייט דאָס מאָנאָטאָנע גלעק־לען פון אַ קאַראַוואַן אין זאַמד. אָבער דאָס האָט בלויז אַזוי דער ווינט געוואָיעט אין סטעפּ און דער רעגן האָט אַ גאַנצע נאַכט געשמיסן איבער די דעכער. ער איז איינגעשלאָפן ערשט פאַרטאָג, מיט אַ שווערן, גע־דיכטן שלאָף, אין פיבער און אין אַנגסטן. ס'האָט אים געקלאַפּט אַ צאָן אין אַ צאָן. „שוין־זשע אַזוי זיך נאָכגעבן, דוב ?... — האָט ער פון צייט צו צייט אויפגעמאַכט איין אויג, אַ פאַרלאָפּנס מיט בלוט, און זיך אַליין נישט געקענט מוחל זיין — און אויך רחל... זי אויך"...

דורכן אָפּגעלענטן לאָדן האָט ער באַגינען ווידער דערבליקט דעם נאָ־קעטן סערפּ פון דער לבנה. דער ווינט האָט זיך געלייגט און קיין איין וואָלקנדל איז מער נישט געווען אויפן הימל־געוועלב. די ציפּרעסן האָבן אומבאַוועגלעך, שטאַר אַריינגעקוקט דורך דער שויב, ווי לאַנגע, טרוקענע בעזעמער.

זונטיק אינדערפרי האָט זיך דוב מער נישט געאײַלט צו דער בוי־שטעלע אויפן כביש. ס'איז נמאס געווען. אַלץ איז אים נמאס געווען. מיטן מאַנדל־שטאָק אין דער קנאָכיקער, אויסגעדינטער האַנט, אין די אויסגעלאַטעטע אַרבעטס־קליידער, פאַרשפּריצט פון וואַפּנע און פון ליים, האָט ער צוריקגעשפּאַנט אַהין, פון וואַנען ער איז מיט אַ שטיקל צייט צוריק אַהער אַריבערגעקומען.

אַזוי איז, אַז מען וואַרפט אַ שטיין פון באַרג אַראָפּ; ער קייקלט זיך, אָבער מען ווייסט קיינמאָל נישט וווהין ער קען זיך אַמאָל דערקייקלען. וואָס־וואָס, נאָר דאָרט לעבט מען פונדעסטוועגן ערלעך — האָט ער זיך דערטראַכט. כאָטש וווהין, נאָך אַלעמען, פירט עס? אָבער ערגעץ־ווו — האָט ער זיך געזאָגט מיט זיכערקייט, — וועט עס שוין מוזן פירן...

# 11

אַ צוויי־דריי וואָכן איידער דוב האָט זיך אויף אַן אמת גענומען קלייבן אין וועג אַריין קיין אויסלאַנד, איינצוקויפן די נויטיקע מאַשינען און כלים פאַר דער לאַנדווירטשאַפט, געהילף פאַר דער מעכאַניזירטער סטאָלעריי־פאַבריק, וווּ מ׳האָט דער עיקר פּראָדוצירט מאַראַנצן־קוישלעך פאַרן אויס־לענדישן טראַנספּאָרט, איז ער נאָך אומגעריכט דעלעגירט געוואָרן צום לאַנד־ראַט פון די קיבוצים, אין עמק. פאַרפאַלן. ער האָט זיך שוין מער נישט געקענט אָפּזאָגן, וויפל ער האָט זיך נישט באַמיט צו האַלטן זיך אַביסל פון דער זייט פון די דיסקוסיעס און רייסענישן.

נאָך דעם אַלעמען, וואָס איז זיך דאָ געהאַט פאַרלאָפן מיט אים דעם פאַרגאַנגענעם זומער, האָט מען איצט גענומען קוקן אויף אים אַביסעלע אַנדערש. מען מוז זאָגן, אַז אַ סך האָבן אים שטילערהייט צוגעגעבן גע־רעכט פאַר זיין מוט; אָבער אַזוי אָפן האָט זיך נאָך קיינער נישט דערלויבט, אַפילו נישט די עלטערע, די וותיקים, מיט וועלכע ער איז צוזאַמען אין יענע יאָרן צום ערשטן מאָל אַרויף אַהער אויפן וויסטן, נאַקעטן בערגל. זיי האָבן שוין דאָרט אַביסל געקענט זיין ווילדלעכע נאַטור, נישט פון היינט; ס׳איז שוין צייט געווען — נאָך אַזויפיל יאָרן אַרבעטן צוזאַמען און עסן צוזאַמען, ביי איין טיש, דאָס אָרעמע, שוואַרץ־פאַרדינטע שטיקל ברויט; און, — מ׳האָט זיך געמוזט מיט אים רעכענען. דאַקעגן, די טענות צו דער רעגירונג האָבן כמעט אַלע אַן אויסנאַם טאַקע געהאַלטן פאַר באַרעכטיקטע און ס׳איז איינשטימיק באַשלאָסן געוואָרן, אַז נישט קיין אַנדערער, נאָר דווקא דוב וועט זיך דאָרט איינשטעלן פאַר די אינטערעסן פון קיבוץ, וועט זיי וויסן ווי צו פאַרטיידיקן.

ער איז נאָך אַלץ געווען אַריינגעטון אין זיך — נאַכטראַכטעניש, וואָס האָבן דערווייל אין ערגעץ נישט געפירט. זיין גרויסע שוואַכקייט,

דובס, איז איצט אויך געוואָרןביימער־פלאַנצונג. דאָס האָט אָפּגערוט די נערוון, ווייט פֿאַרפֿירט דעם געדאַנק; ווייל פֿון וואָס צו דענערווירן זיך האָט דאָרט קיינמאָל נישט אויסגעפֿעלט. ער האָט געהאַט אָנגעשלעפּט און צונויפֿגעזאַמלט ביי זיך אין צריף אַ ים מיט ביכער און צייטשריפֿטן — פֿאַך־ליטעראַטור, וויסנשאַפֿטלעכע ביכער, סטאַטיסטיקעס, באַריכטן, דיאַגראַמעס וועגן די נייסטע אויפֿטוען אין דער זאָאָטעכניק, אין דער לאַנד־ווירטשאַפֿט. איבערהויפּט אָבער האָבן אים ממש פֿאַרכאַפּט די וווּנדער־לעכע מיטשורינישע עקספּערימענטן אין ראַטנפֿאַרבאַנד. פֿאַרוואָס נישט, האָט ער זיך געזאָגט, פּרווון אַדאַפּטירן צו אונדזער קלימאַט געוויסע מינים פֿלאַנצן און ביימער פֿון די צפֿון־לענדער? אויב מען קען, למשל, לאָזן וואַקסן שיינע, רויטע עפּל און אַפֿילו טראָפּישע פֿלאַנצן אין קאַלטן סיבי־רער קלימאַט? שוין אָפּגערעדט, וואָס דאָס לאַנד נויטיקט זיך אין אַ שטיקל האָלץ, פּונקט אַזוי ווי אין אַ טראָפּן וואַסער.

אין משך פֿון אומפֿאַרגעסלעכע דורות איז די ערד־צודעק, דער פּרוכט־באַרער באָדן, צעזייט געוואָרן אין ווינט, די קוואַלן האָבן אויסגעטרוקנט. נאָך היינט אָבער געפֿינט מען האַלב־לעבעדיקע וואָרצלען אונטער די שיכטן שטיינער. אָט האָבן די עאוקאַליפּטוסן געראַטעוועט דעם זומפּיקן באָדן פֿון עמק, פֿאַרטריבן די מאַלאַריע פֿון די „טויטע דערפֿער", ווי די אַראַבער האָבן זיי גערופֿן. אין טרוקענע געגנטן ווידער דערגראַבן זיך די וואָרצלען אַליין צו די פֿאַרהוילענע, אונטערערדישע וואַסערן. זיי וואַקסן שנעל און גיבן אַ גוטן, געדיכטן שאָטן. אַפֿילו אין נגב וואַרפֿן זיך שוין אין די אויגן דאָ און דאָרט „גרינע פֿלעקן" פֿון באַוואַלדונג.

דוב איז אָבער געקומען דערביי צו נאָך אַן אויספֿיר, צו נאָך פֿאַר־שידענע אויספֿירן, אייגנטלעך. ווער וועט אים דען אונטערשטיצן? די רעגירונג? זי האָט אפֿשר וויכטיקערע זאָרגן. אויסער דעם...

ער האָט לאַנג און מיט ענטוזיאַזם, ווי ס'גיט זיך אַמאָל אויס ביי אים, כאַטש זייער זעלטן, געפּרוווט איינצוטענהן וועגן דעם אַלעם מיטן סעקרע־טאַר פֿון קיבוץ־ראַט, מיט עלי דאַמבן. ער, האָט ער געוווּסט, איז נאָך דער סאַמע געוויסנהאַפֿטער און ערלעכער. שוין אַ וועלכע צוואַנציק יאָר אַוודאי, ווי ס'פֿאַרבינדט זיי די פּשוטע פֿריינטשאַפֿט פֿון ראַנגלען זיך דאָ צוזאַמען פֿאַר יעדן שפּאַן באָדן. ער איז מיט זיין הויזגעזינד פֿון דאַנען נישט אָפּגעטראָטן, ווען די סירישער האָבן זיי באַשאָסן; און ווען דער עלטע־רער זון זיינער, אמנון, איז געפֿאַלן לעבן זיינע פּיס, האָט ער נאָך אַליין אַ גאַנצע נאַכט ווייטער העלדיש געפֿירט דעם אָנגריף, צוזאַמען מיט די פּאָר חברים, אויף די באַפֿעסטיקטע פּאָזיציעס פֿון שונא, טאַקע אויף די דאָזיקע פֿעלזיקע שיפּועים, ביז מען האָט זיי דאָרט אויסגערויכערט ביז

איינעם. מיט די אייגענע הענט האָט ער דערנאָך באַערדיקט דעם זון זיי־
נעם אין דער קליינער, אויסגעהאַקטער קאַריער, ווו ס׳איז טאַקע פאַר־
בליבן דער בית־עולם פון די געפאַלענע העלדן. די ווילדלעכע וואַנסן
זענען אים געוואָרן מיד אַראָפּגעזענקט, דאָ און דאָרט האָבן זיי זיך גע־
נומען זילבערן און אַ טריבקייט איז געווען אונטער זיינע געדיכטע ברע־
מען. עלי דאַמב, האָט דוב באַקלערט, וועט אים פאַרשטיין בעסער פון
אַלעמען; אין דער וואַלד וועט טאַקע הייסן „יער אמנון״, אויפן נאָמען
פון זון זיינעם, וואָס איז געפאַלן פאַר דער פרייהייט און פאַר דער אומ־
אָפּהענגיקייט פון לאַנד. אומבאַדינגט.

ביז צו דער באַפרייאונג־מלחמה האָט מען דאָ אויך צוביסלעך גע־
פלאַנצט, אָבער אומעטום זענען זיי דאָ געווען אין דער מיט פון פיינט־
לעכע נעסטן. די פיינטלעכע אַראַבער האָבן געצונדן און אויסגעריסן מיטן
וואָרצל די יונגיקע ביימלעך. ס׳איז נאָר געווען אַ ווייטיק און אַ צאָרן
צוצוקוקן; ווייל אַלעמאָל איז, נאַטירלעך, דאָ באַלד לייכט געווען צו גע־
פינען הינטער די אַלע רציחות די כיטרע, היפּאָקריטישע האַנט פון ענג־
לענדער. אָט די נאַקעטע, שטייליקע שיפּועים וועט נישט שווער זיין מיט
דער צייט צו באַדעקן מיט אַ שיכט שוואַרצערד, מיט הומוס, פאַרפעסטיקן
זיי מיט קריך־פלאַנצן, מיט גראָזן און פאַרזעצן אַ וואַלד; און ער וועט
שלאָגן וואָרצלען צווישן די באַרג־שפּאַלטן, ער וועט זיך שוין אַליין ערגעץ
דערגראָבן. פון צפון־מערב־זייט, צופוסנס דעם חרמון, איז דער אָפּהאַנג
באַשיצט פון ווינט. מען וועט נאָר דאַרפן זען די ווינטער־רעגנס זאָלן נישט
אָפּוואַשן די יונגע פלאַנצן. דער געדאַנק אַליין דערפון האָט אים שוין
ווייט פאַרטראָגן. די סאָסנע! יאָרלאַנג האָט ער דאָך ממש געבענקט נאָך
דער היימישער סאָסנע און נאָך דער בעריאָזע פון ווייסרוסלאַנד, פון פּאָ־
לעסיע, צי פון וואָלין. מילא, די ערד דאָרט, די שוואַרצע, פעטע ערד
זייערע פון וואָלין... אָבער אויב די וויסנשאַפט קען דערגיין אַזוי ווייט;
בעסער געזאָגט — די וויסנשאַפט אין די הענט און אין מוח פון מענטשן
מיטן גוטן, ערלעכן, האַרטן און פעסטן ווילן צו בויען, נישט צו צעשטערן...

אָטאָ־דאָ, האָט ער באַקלערט, איז זיין וועג. פון דאַנען וועט ער שוין
נישט אָפּטרעטן. אַפילו רחל האָט אים צוביסלעך אָנגעהויבן צו פאַרשטיין.
זי איז צוריקגעקומען פון נגב, אַ שטילע, אַ פאַרטייעטע, ווי קיינמאָל נישט.
האָט אויפגערוימט ביי זיי אין קליינעם, ענגן צריף און ס׳איז צוריק אָנגע־
נעם און ליב געווען די היימישע אָרעמקייט. וועגן אבנרן, וועגן יינגל,
וואָס האָט זיך דאָרט נאַריש פאַרפּלאָנטערט, האָט ער אַ שטיק צייט גאָר־
נישט נאָכגעפרעגט זיך, נישט געוואָלט אַפילו וויסן, וואָס ס׳איז געוואָרן
מיטן הויז דאָרט. וועגן מיידל האָט ער איינגאַנצן נישט דערמאָנט.

ער האָט געפונען אַ גוטן חבר און פריינט אין עלי דאָמבן. ער איז פונדעסטוועגן נישט געווען אַזאַ ווילדער עקשן סתם אין דער וועלט אַריין, ווי די איבעריקע, ער האָט געוואָלט פאַרשטיין אַ זאַך, ערלעך און מיט שכל. יאָ מסכים, ניי נישט מסכים — ער האָט געלאָזט צו זיך רעדן. ניי האָט ער דען אַליין נישט איינגעזען, אַז די ווירטשאַפט טראָגט קוים אויס די לאַסט, אַז זי ברעכט זיך, אַז זי איז נישט סאָליד און אַז די רעגירונג — וווהין, אייגנטלעך פירט דער וועג פון דער רעגירונג קעגנאיבערן קיבוץ? מ'האָט נישט באַדאַרפט צופיל אָנצושטרענגען זיך עס צו פאַרשטיין. שיקן דובן אַהין, אויף דער קאָנפערענץ, האָט אַפילו געהייסן אַביסל איינרייסן זיך לגבי די העכערע, די אָנפירנדיקע אויך פון די אייגענע, אין די ביוראָען פון תל־אביב און פון חיפה. אָבער פאַרפאַלן. מ'האָט אים שוין אין לאַנד אויך גוט געקענט, דובן. ער איז נישט איין מאָל געווען אַ ביי־שפיל פון ווידערשפעניקייט פאַר פאַרשידענע לייט־אַרטיקל־שרייבער און סתם ווילדע שרייער.

תבואה, אייער, גרינסן, און אַפילו געוויסע אינדוסטריעלע אויסאַרבע־טונגען — אַלץ מוז דער רעגירונג און דער אַרמיי צוגעשטעלט ווערן צו אָפיציעלע פרייזן. ווי איז אָבער דער דין, אַז עס קומט ביים איינקויף פאַר דער היימישער ווירטשאַפט, פאַשע פאַר די הינער, מאַשינען, געהילץ, מע־טאַלן, רערן, קינסטלעכע באַמיסטיקונג — מיט איין וואָרט, דאָס אַלץ, וואָס קומט נאָר פון אויסלאַנד — איז שוין גאָר אַן אַנדער חשבון; דעוויזן. צאָל לויט דעוויזן. טאָ ווי אַזוי, פרעגט זיך, קען עס אויסהאַלטן? אַ חוץ דעם טאַקע — העלפן די בעסערע עלעמענטן פון צווישן די פרישע עולים צו קומען אין קיבוץ אַריין, ווו עס מערקט זיך אַלץ אָפטער אַ מאַנגל אין הענט; פראָדוקטיוויזירן זיי, מאַכן זיי פאַר נוצלעכע מענטשן, נישט עס זאָלן צוקומען דרייערס, מאַכערס אויף די שוואַרצע בערזעס פון תל־אביב. אויף וועמענס חשבון וועלן זיי דאָרט סוף כל סוף לעבן? עפּעס אַנדערש איז מיט דער פריוואַטער איניציאַטיוו. אַפילו די קליינע פאַבריקאַנטלעך באַקומען אַלערליי הנחות ביים אַריינפירן סחורות אין לאַנד אַריין. שוין נישט רעדנדיק פון די גאָר גרויסע. אָבער אַ סברה, אַז יענע, די גאָר גרויסע פון אויסלאַנד, אויף וועלכע מ'האָט אַזויפיל אויסגערעכנט אין דער ערשטער צייט, איילן זיך גאָרנישט אַזוי שטאַרק צו קומען אַהער...

אין רחבותדיקן, פריש־אַרויסגעעדיקטן חדר־האוכל פון קיבוץ אין עמק, וווהין די דעלעגאַטן זענען זיך פרייטיק אינדערפרי צונויפגעפאָרן, איז נישט געווען מער דורכצושפאַרן זיך אין דער געדיכטער זשומעריי; און עס האָבן נאָך געהאַלטן אין איין אָנקומען פרישע. די צענטראַלע אַלייע אונטער די ציפּרעסן, איז פאַרשטעלט געווען מיט פאַרשטויבטע לאַסט־

מאַשינעס. אייניקע זענען געקומען צורייטן אויף קליינע, הייסע אַראַבישע פערדלעך, פאַרפלאָכטן מיט פאַרביקע סטענגעס אין די צײמלעך און גרי־וועס. אַנדערע — אויף פאַרשלאָפענע אייזעלעך, אויף קליינע, צעטרייבערטע דזשיפן, ווי די קינדער־שפּילצייג, אויף ראָווערן און צופוס איז מען גע־קומען. ס'האָט דאָרט, נאָך אַלעמען, אַביסל אויסגעזען ווי אויף אַ קיבוצי־שער חתונה, ווי מען פראַוועט זיי דאָ אויף אַ קאָלעקטיוון אופן, וויניקסטנס לכבוד אַ האַלב טוץ כלות און חתנים; מען קען זיך גאָרנישט פאָרשטעלן, וואָס עס טוט זיך אַלץ אָפּ אויף אַזאַ קאָלעקטיווער חתונה.

די דיסקוסיעס האָבן זיך אָנגעהויבן באַלד נאָך ליכט־בענטשן. מ'האָט שנעל אַראָפּגערוימט פון די טישן, צעשטעלט די בענק. אויף דער נידע־ריקער טריבונע האָט אַ קלונג געטון דאָס גלעקל. גערעדט האָט דער סעק־רעטאַר פון אָרטיקן קיבוץ־ראַט, יהודה שופטי — אַ מאָגערער, אָפּגעהאָר־וועטער מאַן פון אַן אומבאַשטימטן עלטער. ער האָט באַגריסט די געסט און האָט אויסגעדריקט דעם ווונטש, אַז די קאָנפערענץ זאָל זיין אַ פּרוכט־באַרע, זי זאָל צו עפּעס דערפירן.

— פון אונדזער זייט — האָט ער געזאָגט — בלייבט נאָר איבער צו ווינטשן זיך, אַז די רעגירונג זאָל איינזען איר טעות און אָנשטאָט אויס־צודרייען זיך מיטן רוקן צום קיבוץ — אומקערן זיך מיטן פּנים צו אונדז. מיר האָבן עס, נישקשה, ערלעך פאַרדינט...

דער עולם דעלעגאַטן האָט שיטערלעך אַפּלאָדירט. ס'איז נישט געווען דער טאָן, וואָס זאָל אויפהייטערן, ס'האָט, דעם אמת געזאָגט, נישט אויס־געדריקט דעם גאַנצן ווייטיק, די אויפגעבראַכטקייט, וואָס יעדער איינער האָט דאָ מיטגעבראַכט מיט זיך. די שווערע חמימה האָט זיך באַצייטנס גענומען לייגן אויף די פּנימער, וואָס האָבן געגלאַנצט, ווי אָפּגעשייערט. פלאַטערלעך, אינזעקטן זענען אַריין און אַרויסגעפלויגן דורך די צעעפנטע פענצטער. אויפגעלעבט איז מען צוריק געוואָרן, ווען עפּעס אַ מפא״יניק האָט געפּרוווט דערווייזן, אַז פאַרקערט — ער זעט נישט אין די געפאַר, אַז מען מוז אין אַכט נעמען די עקזיסטענץ פון דער יונגער מדינה, אַז גרויסע שווערקייטן שטייען פאַרן אַריינפירן די מינדסטע זאַך אין לאַנד אַריין, צוליב דעוויזן, אַז דאָס דאַרף דאַרף העלפן די שטאַט. פון צייט צו צייט איז פון די הינטערשטע רייען געפאַלן אַ וואָרט, אַ צווישנרוף, אַ שטילער געלעכטער. די אַנדערע האָבן זיך אומגעדולדיק געדרייט אויף די בענק, געררייכערט, געהאַלטן אין איין רייכערן.

אַ וואָרט צו נעמען איז דובן אויסגעקומען ערשט צומאָרגנס. ער איז געווען פאַרשריבן אויף דער ליסטע פון פריער, פון די סאַמע ערשטע, נאָר ביים פאָרזיצער־טיש האָט זיך דאָרט, זעט אויס, עפּעס אַלץ נאָכאַנאַנד

איבערגעדרייט די ריי. אַפילו די מפּ״מניקעס, האָט ער געהאַט דעם איינדרוק, האָבן דאָ אויך עפּעס געדרייט מיט דער צונג. ס׳איז ביי זיי אויסגעקומען מען זאָל נאָך אָפּוואַרטן, מען וועט זען, די געשעענישן וועלן זיך אַנטוויקלען. אַפילו וואָס שייך דעם האַנדל מיט די מלוכות פון מזרח־בלאָק, וואָס וואָלט אָן אַ שיעור געהאָלפן, סיי אין דער ביליקייט, סיי אין אויסטויש אויף היימישע פּראָדוקטן, איז קיין קלאָרס פון זיי נישט געווען צו דערגיין.

„מילא — האָט ער זיך געטראַכט, דוב — כ׳וועל זאָגן דאָס, וואָס ליגט מיר אויפן האַרצן, וואָס כ׳פּיל און פאַרשטיי, און זאָלן זיי״...

אינצווישן איז עלי דאָמב פון ערגעץ קאַפּויער געקומען. אים איז גראָד אויסגעפאַלן פּרייטיק פאַרנאַכט, האַרט פאַר ליכט־בענטשן, אָפּצולאָדן מיטן לאַסט־וואָגן אין חיפה טאָמאַטן און גרייפּ־פרוכט, איז ער שוין צוריקוועגס דאָ אָפּגעשטיגן. ער האָט געברענט פון בייגעריקייט, דער כלומרשט־פאַרכמורעטער עלי דאָמב. ער האָט זיך נישט זשענירט צו פאַרייכערן אום שבת, צוזעצנדיק זיך פאַרנאַכט־צייט אויף דער ווערענדע פון אַ צריף ביי באַקאַנטע, ווו דוב האָט איבערגענעכטיקט. דער היימישער און דער אָנגעפאָרענער עולם איז געמיטלעך געווען פונאַנדערגעשאָטן איבער די אַלייען פון טאָליקן ישוב, וואָס איז געלעגן אויפן וועג קיין נצרת. גרינס איז דאָ געווען אַ סך, אַלץ האָט זיך דאָ געבאָדן אין גרינס. וועגן דעם קיבוץ האָט מען געוווסט, אַז ער האָט נישט נאָר אויסגעצאָלט די חובות, נאָר אַז ער האָט זיך אַפילו אין געוויסער מאָס באַרייכערט, האָט זיך פונאַנדערגעבויט און האָט זיך שוין אַפילו געקענט דערלויבן אויף אַן עקספּערימענטיר־סטאַציע פאַר פאַרשידענע אַדאָפּטירטע איבערפלאַנצונגען פון אויסלאַנד. אַנדערע האָבן זיך ביז גאָר איינגעגעבן, אַנדערע — שווערלעכער. אַפילו וויסנשאַפטלער, באָטאַניקער, סטודענטן זענען אָפּט אַראָפּגעקומען געוויר ווערן, פאָרשן, עצהנען. די אַלייען זענען געדיכט פאַרוואַקסן געווען און צווישן זיי האָבן רייענווייז געלויכטן די העלע צריפים פון די קיבוץ־באַווינער. די געמיטלעכקייט פון קיבוץ, ביים ראַנד פון עמק, האָט די ביידע אַלטע פריינט אַריינגעוואָרפן אין טרוימערייען. אַוודאי, אין אויבערשטן גליל, אין זייער קאַנט, צווישן געשטיין פון די נאַקעטע פעלזן־בערג, איז נאָך אַלץ שווערלעך געווען. עלי דאָמב האָט אַרויפגעלייגט זיין שוואַרצע, אָדערדיקע האַנט צו דובן אויף דער ציטערדיקער קני און אַ שאַר געטון צווישן די ווילדלעכע וואָנסן.

— ווי מיינסטו, דוב, ביי אונדז וועט אויך אַמאָל זיין אַזאַ רחבותדיק גרינס? זע, ס׳פאַרכאַפּט, קיין עין־הרע, דאָס אויג...

דוב האָט אים אַ ווײַלע אָנגעקוקט מיט פאַרבלויטע, שטאָליקע אַפּלען,

אָבער אין אַלע קנייטשלעך פון זיין פּנים איז געווען מילדער, כמעט קינ־דערישער שמייכל.

— וואָלסט בעסער אַמאָל אַריינגעקוקט אין די ביכלעך... כ׳מיין אין די פאַך־זשורנאַלן, אַ שטייגער. רוסיש, דוכט זיך, קענסטו דאָך. כ׳האָב גאָר פאַרגעסן, ביסט פון מיין דור... כ׳ווייס — האָט ער צענומען די הענט — מען זאָל גלויבן די אַלע וווּנדער, וואָס זיי באַווייזן דאָרט...

— און די אַלע — האָט ער געוויזן מיטן בליק צום עולם דעלעגאַטן, וואָס האָבן זיך גענומען צוריקקערן צום חדר־האוכל — מיינסט, אַז ס׳וועט טאַקע עפּעס אַרויסקומען דערפון ?

— ס׳וואָלט געקענט אַרויסקומען — האָט דוב כמעט אָפּגעזיפצט — ס׳וואָלט געקענט.

און ער האָט זיך אויפגעשטעלט, אומצוקערן זיך צום קאָנפערענץ־זאַל, פון וואַנען ס׳האָט זיך שוין געטראָגן דאָס באַקאַנטע גלעקל.

שוין פון פאַרמיטאָג זענען די דיסקוסיעס געוואָרן היציקערע. מ׳האָט האַרב געפאָדערט אַ דעלעגאַציע צום ווירטשאַפט־מיניסטער. עס זענען געפאַלן אַנדערע פאָרשלאַגן. ס׳האָבן פאַרן פענצטער נאָך געהאַלטן אין איין פאַרפאָרן אויטאָס. עס זענען געקומען געסט. טייל — גאַנץ אומשול־דיקע געסט, אויסלענדער, למשל. מיטן הסתדרות־פירער, בן־צבי, זענען אומגעריכט מיטגעקומען אַמעריקאַנער געהויבענע געסט. אַזוי האָט מען זיך איבערגעגעבן. ס׳איז אויסגעפאַלן גראָד דעמאָלט, שוין אָוונט־צייט, ווען דוב איז אַרויף אויף דער נידעריקער טריבונע. אין אַלע קנייטשעלעך פון זיין פאַרברוינט פּנים איז ווידער געווען שמייכל, אָבער שוין מער נישט דער מילדער, קינדערישער שמייכל.

# 12

נאָך אַט דעם גאַנצן פּלאָנטער, האָט שוין אַפילו דייווי מאָרגענען, דעם אַמעריקאַנער גאַסט פון דער הסתדרות, אויך געגומען אַביסעלע ווי טון דער קאָפּ. בן־צבי אַליין האָט זי באַלד צומאָרגנס, אים מיט דער פּאַר־כאַפּנדיק־רעפּרעזענטאַטיווער טאַטיאַנאַ איסאַקאָוונאַ, אָפּגעפירט קיין תל־אביב אין זיין צעטרייסלטן „שעוורעלעט". ער איז נישט געווען אַזוי נאַאיוו צו מיינען, דער דורכגעטריבענער וואָלף, מאָרגען, אַז די זאַך איז דאָ אַזוי פּשוט; אָבער אַזאַ מין יידישער פּלאָנטער... פּאַרמישט אין אַ נאָך גרעסערן, נאָכמער קאָמפּליצירטן נישט־יידישן פּלאָנטער — אַרום זיי. גיי פּאַרשטיי. נאָך גוט, האָט ער באַצייטנס אַ טראַכט געטון — די פּאַרשטענ־דעניש פון אָט די לייט, די אַלטע און אויסגעפּרוווטע, אויף זייער אָפּ־שניט דאָ, אויף זייערע פּאָזיציעס. זיי פּאַרשטייען, מוז מען זאָגן, דעם ענין גאָר אויסגעצייכנט. אָבער זיי זענען נישט אַליין. אָט דער, למשל, וואָס איז איינער פון די לעצטע אַרויף אויף דער טריבונע... ער האָט מיט זיינע קילע, בייסיקע און פּאַרעקשנטע רייד אומגעריכט געצויגן אויף זיך אַלע־מענס סימפּאַטיעס. אַ גרויער מענטש, דוכט זיך. קיין קאָמוניסט, פּאַרזי־כערט מען איז ער נישט, אָבער קאָמוניזירנדיק — דאָס זיכער. אַ מענטש מיט גרויסע פּאַרדינסטן, ווי זיי גיבן איבער, פּאַרן ישוב.

און מיט אַ טאָג שפּעטער האָט אים דער צופאַל ווידער צונויפגעפירט מיט אָט דעם ייד, אין לאַבירינט פון די צערודערטע הסתדרות־ביוראָען, אין תל־אביב, ערגעץ אויף רחוב אַלענביי.

וואָרום נישט אַזוי לייכט פּאָרט מען אין אַ שליחות קיין אויסלאַנד, אַפילו ווען דער אייגענער קיבוץ־ראַט באַשטימט שוין און ווייזט אויף די נויטווענדיקייטן פון איינקויפן מאַשינען, אין דער באַלעבאַטישקייט. אַ ים מיט פּאָרמאַליטעטן און אויספּרעגענישן דורכצוגיין. מיטן זעלבן היימיש־

צעטרייסלטן לאַסט־וואָגן האָט אים, דובן, עלי דאַמב פאַרטאָג אָפּגעפירט האַלב־וועגס, ביז עפולה; פון מיטן־וועג האָט ער פאַרקירעוועט אַרויף, צום אויבערשטן גליל. און דוב — נידעריקער, קיין תל־אביב.

— מילא, האָסטו זיי דאָרט אָנגעברייעט, חביבי... — האָט עלי דאַמב אַזש געכאַפּט זיך פאַרן קאָפּ און פויעריש־גוטמוטיק אַריינגעלאַכט אין די געדיכטע, ברויגע וואָנסן אַריין — אַז ס'וועט שוין אַוודאי ביי זיי דאָרט סטייען נאָכצורעדן און נאָכצוזאָגן וויניקסטנס אויף אַ יאָר מיט אַ מיטוואָך... אָבער צי וועט מען עפּעס פועלן, פרעג איך? דאָס איז שוין גאָר אַן אַנדער ענין...

דוב האָט קורץ און האַסטיק אַ דרעמל געטון אויפן איינגעפאַלענעם זיץ, זיך אויפגעכאַפּט, האַלב אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ דורכן צעפּלאַצטן צעלולאָיד־שייבל, אָפּצופרישן זיך, און האָט אַזוי, כלאחר־יד, ווי איבער זיין טבע, דורכגעזיגן צווישן די ציין:

— כ'וועל נישט מיד ווערן, עלי... צו טייער האָט עס אונדז געקאָסט...

זיי זענעןביידע כמעט די נאַכט נישט געשלאָפן. די שלוס־רעדעס פון דער קאָנפערענץ, דאָס אָפּשטימען די רעזאָלוציעס, האָבן זיך פאַרצויגן ביז שפּעט. די אַלייען און די גאַניקעס זענען נאָך דאָרט געוועזן פול באַקלעפּט מיט געסט און מיט היימישע. מ'האָט זיך נאָך דאָרט געהיצט, דיסקוטירט, געזונגען און דובן האָט אַלץ געדריקט אַן אַלטע, אומבאַשטימטע בענק־שאַפט. ער האָט געקוקט מיט אומעטיקע אויגן־שפּעלטלעך דורך די קוים־שאַרכנדיקע ציפּרעסן און עאוקאַליפּטוסן אויף די בולטע שטערן פון עמק. „אין אַזעלכע נעכט"... — האָט ער אָפּגעריסן געטראַכט און נישט דער־טראַכט.

אַרום זיי האָבן זיך געכוואַליעט פאַרן אויג, פּינקטלעך־צעקעסטלטע און אין האַלב־קרייזן, די ווינטערדיק־פאַרזייטע פעלדער אין דער ראָזער מאָרגן־זריחה. פייערלעך האָבן זיך געררויטלט אין זייער צייטיקייט די פּרדסים אויף די היגלען. ס'איז געוועזן צו־שיין צוצוקוקן זיך, צו שיין. דער טוי האָט פריש באַדעקט דעם עמק, אַריינגעפּאַסט צווישן די בערג און דעם ים. די דורכזיכטיקייט, וואָס איז אַרום ראש השנה צייט, ערב די גרויסע רעגנס, באַזונדערס קלאָר און לויטער, האָט פאַרפירט דעם בליק און ס'האָט זיך מיטאַמאָל געדוכט, אַז די בלויע, נעפּלדיקע בערג אין דער ווייט איז, אָט דאָ באַלד ערגעץ, כמעט צו דערגרייכן מיט דער האַנט. פון הינטן האָבן זיך ביי יעדן פאַרבויג מיטגעטרייסלט די ליידיקע אָראַנזשן־קעסטלעך, אויפן באַרג־אַראָפּ, דורכשניידנדיק דאָס קליינע בריקל איבער דעם וואַדי. ביי דער אויטאָבוסן־סטאַציע, פאַר דער ליכטיקער, ניי־אויפ־געבויטער קינדער־שול, האָבן זיי זיך צעשיידט.

— כ'וועל אַוודאי צוריקזיין ערשט סוף וואָך. כ'זאָל נאָר דאָרט אַלץ באַוויזן — האָט אים דוב צולעצט, צוגעוואָרפן, אַראָפּשפּרינגענדיק ייִנגלע־ריש־פלינק פון צעטרייסלטן וואָגן.

די הייסע דיסקוסיעס און די רייסעניש זענען אים אַלץ פאַרעקשנט נאָכגעגאַנגען. ס'האָט אים מער נישט געאַרט, וואָס מען וועט אים דאָרט חושד זיין, וואָס דער וועט זאָגן, וואָס יענער וועט זאָגן. סיי־ווי — פון דער הימישער מק״י האָט ער, ווי זיי אַלע דאָ, נישט איבעריק געהאַלטן, דוב, אָבער וועגן זייער אַרויסטריט קעגן דער אַמעריקאַנער הלוואה אין דער כנסת, האָט ער פונדעסטוועגן לאַנג נאָכגעטראַכט. זיי זענען אפשר נישט אינגאַנצן אומגערעכט. אַפילו די אונדזעריקע, די מפ״ם... אָפּוואַרטן, זאָגן זיי... ס'האָט נישט קיין שייכות מיטן מאַרשאַל־פּלאַן און מיט פאַרפליכ־טונגען... דערויף דאַרף מען שוין טאָקע צו זיין אינגאַנצן בלינד. ניין, וואָס, צוליב מיטגעפיל, אָדער פריינטשאַפט אפשר, באָטן זיי אונדז אָן הלוואות... מ'האָט דען נישט געזען זייערע קילע, כירור־גישע מאַנעווורעס בעת דער מלחמה, ווען מיר זענען דאָ יעדן טאָג אָפּגעגאַנגען אין בלוט... די נאַרישע... און צי זענען זיי אויך, נאָך אַלעמען, דירעקט נישט מיטשולדיק אין דעם גרויסן יידן־מאָרד דאָרטן? שיינע פריינט, נישטאָ וואָס צו זאָגן... ווען זיי באַפעלן אים דאָרט, דעם משרת זייערן, היטלערן, איין וואָרט נאָר... אַזוי און אַזוי... דאָ האָט ער פּלוצים איינגעזען, אַז די לאַנגיאָריקע לעגענדע אַמעריקע, אין די אויגן פון יעדן ערלעכן ייד, פאַלט, צערינט, מוז צערונען ווערן. זיי וועלן דאָ אויך אָפּן אַרויסווייזן זייער וועלפישן נאָגל. און צי האָט מען דען שוין נישט געזען? טאַקע, צו וועלכן יושר, פרעגט זיך, זאָלן מיר זיך קערן? דוכט זיך, קלאָר. עט, און קיין סאָלידן שלום אויפן נאָענטן מזרח וועלן זיי אויך נישט איינשטעלן. פונקט ווי די ענגלענדער. דאָס איז אומבאַ־שטרייטבאַר. זיי האָבן נישט דעם מינדעסטן אינטערעס דערין. פונקט פאַר־קערט. זיי אינטערעסירט דער נאַפט, די סטראַטעגישע פּאָזיציעס און... די צעטיילונג, ווי געוויינלעך. די וואַקסנדיקע שנאה צווישן פעלקער, רע־ליגיעס און שבטים. דער אייביקער אַנטאַגאָניזם, וואָס שפּילט זיי אַזוי גוט צו. זיי האָבן אין זיך עפּעס פונעם ענגלענדער און אַפילו פונעם היטלע־רישן דייטש... זיי וועלן נאָך מיטן דייטש אויך שלום מאַכן און אונדז אויפ־צווינגען... די נייטראַליטעט, די היפּאָקריטישע נייטראַליטעט, מיט וועלכער אונדזערע הימישע זשאָנגלירן. מיר קענען אַזאַ נייטראַליטעט. ס'איז גענוג אַ קוק צו טון אין פּאָרט פון חיפה; די לאָדונגען, די כלומרשט אומשול־דיקע שיפן, וואָס אַנקערן דאָרט. אַפילו ביים ענגלענדער איז דאָרט אַזאַ אַנגעלויף קיינמאָל נישט געווען. די מיליטערישע מיסיעס זייערע, וואָס

שטעקן מיט די וואָרצלען אין דער אָנפירונג פון דער הגנה. דער פלמ״ח און דער גייסט זייערער איז אויסגערויכערט געוואָרן. ווער, נאָך אַלעמען, קען זיי קאָנטראָלירן, וווהין זיי קריכן אַלץ אַריין און שמעקן אַרום? זיי פליען אַרום איבערן לאַנד אין פאַרמאַכטע דיפּלאָמאַטישע אויטאָס, צווישן די גרענעצן, צוגעשניטן ווי אין אַ סדום־בעטל — ווי ביי זיך אין דער היים. און די דאָזיקע יידן, די שטאַרק־חשודיקע יידן, וואָס זיי שיקן צו אונדז לעצטנס אַראָפּ. זינט ווען, פרעגט זיך, אינטערעסירט זיי, די דאָזיקע יידן, אונדזער יידישקייט?

ביי דער תחנה מרכזית (צענטראַלע אויטאָבוסן־סטאַציע) אין תל־אביב, ווו ער איז אָפּגעשטיגן, האָבן אַלע זייגערס געוויזן פּינקטלעך דריי־פערטל אַכט. ער האָט זיך אַ ווײַלע פאַרלוירן צווישן דעם אייביקן יאַריד, וואָס איז דאָ געשטאַנען צווישן די לאַנגע און געדיכטע רייען, צווישן באַריערעס, טראָטואַרן, אויטאָבוסן, אונטערערדישע דורכגענג און אָפּגעצוימטע, נידע־ריקע דירעקציע־געביידעס. מיטן אָרעמען קיבוץ־קלומעקל אין דער האַנט, האָט ער באַשלאָסן אַראָפּצולאָזן זיך צו די שדרות ראָטשילד צופוס, ווייל אין די אַלע אַמטן, האָט ער באַקלערט, וועט ער אַוודאי פריער ווי ערשט אַרום צען דעם זייגער נישט אָנקומען.

די נייע, ליכטיקע שטאָט אויף די זאַמדן ביים ברעג ים האָט ער שוין זינט לאַנגע חדשים נישט געהאַט אָנגעקוקט. ס'האָט אים גאָרנישט געצויגן אַהער, צום פוסטן שטאָטישן רעש. ער האָט פונדעסטוועגן מיט וואַקסנ־דיקער צופרידנקייט באַמערקט אַרום פלאַץ פאַר דער „הבימה״ די נייע געביידעס אויפהייבן זיך פון די רושטאָוואַניעס; כאָטש ער האָט גוט גע־ווּסט, אַז די געביידעס דאָ אין שטאָט וואַקסן נישט מער מיטן זעלבן רירנ־דיקן פּיאָנערישן מסירת נפש, ווי ביי זיי, אין די קיבוצים — יעדעס סטעזשקעלע, יעדעס מינדסט פאַרפלאַנצט ביימל. ס'האָט אָבער געפרייט, ס'האָט, קיין עין־הרע, פאַרכאַפּט דאָס אויג. די ביטערקייט האָט אים אָבער צו דער גלייכער צייט געגעסן — מיר ווערן, הייסט עס, מיט לייטן גלייך. די הייזער־ און באָדן־שפּעקולאַציעס... טויזנטער, צענער טויזנטער פונטן, אינוועסטיציעס, רווחים... און זיי דאַרט לאַכן, אַז ס'איז נישט קיין צייט איצט צו רעדן וועגן קלאַסן־קאַמף. צי דען האָט זיך דער קלאַסן־קאַמף אויף איין טאָג אַפילו אָפּגעשטעלט? אָט קוק אָן די שטאָט, דעם ראַפינירטן פּאָליציי־סיסטעם, די מידע פנימער. צי איז דען שווער אַראָפּצולייענען פון יעדנס בליק זיין ביטערניש, זיין געיעג צו פאַרדינען אויף אַ טאָג חיונה פאַר זיין הויזגעזינד? און זיי פרייען זיך מיט יעדן אַרויפגעצויגענעם שטאָק, מיטן וואַקסנדיקן איירָאָפּעאישן פּאַרנעם און שווונג פון דער שטאָט. צוליב דעם זענען מיר עס אַמאָל געהאַט אַנטלאָפן פון יענע נישט־יידישע שטעט,

כדי אַליין צו באַשאַפֿן אַזאַ מין בבל־טורעם, ווו מענטשן הערן זיך אויף צו פֿאַרשטיין?

ביי די קרייץ־גאַסן איז, איבערהויפּט אין די פרימאָרגן־שעהן, נישט לייכט געווען אַריבערצובאַקומען זיך אויפֿן אַנדערן טראָטואַר. אַ ים טאַקסיס, אויטאָס, לאַסט־וועגן, אויטאָבוסן. זיי פֿליען אַן ווילד, שרייען, געוואַלדע־ווען מיט די אויטאָ־טרויבן, פֿאַרטשעפּען זיך. אַ קליינער צוזאַמענגעלויף. גאָרנישט, אַ געוויינלעכער פֿאַל, — עפּעס אַן איבערגעפֿאָרן בלייך תימנער יינגל. ביידע האָריקע, רויט־אָנגעגאָסענע שאָפֿערן קריגן זיך, פֿאַלן זיך אין די קודלאַטע שויבערס אַריין. די גאַנצע באַוועגונג איז אָפּגעשטעלט און קיין פּאָליציי זעט מען נישט. ביים אַליוו־פֿאַרברוינטן יינגל ציטערן בלייך די ליפּן. ער ליגט אַוועקגעלייגט אויפֿן ברעג טראָטואַר און פֿון זיינע גע־דיכטע, שוואַרצע קרייזעלעך רינט אַראָפּ אַ רויט שנירל, צום אַספאַלט. ער קרעכצט אַפילו נישט. די לאַנגע, פֿאַרדרייטע פּיאות קרייזלען זיך ביי אים ווייך און צניעותדיק, אַזוי ווי לאָקן ביי אַ מיידל, אין בוימלדיקן גלאַנץ פֿון די פֿאַרוואונדערט־אויפגעריסענע, גרויסע אויגן, ווו עס הענגט אַ שטומע טרער. דאָס פֿאַרוואונדעטע יינגל זעט אויס ווי עפּעס אַ זעלטענער, שיינער פֿויגל, אָדער אַן אינזעקט, וואָס איז דאָ נאָר־וואָס אַראָפּגעשאָסן געוואָרן אין דער לופֿטן.

— פיר אים אַוועק, זאָג איך, אין „הדסה״!... — געוואַלדעוועט דער רויט־האָריקער שאָפֿער — די מינוט ברענט ביי מיר...

— פיר אים דו אַוועק... ס'איז דיין שטיקל אַרבעט, דו גועלער רמאי, דו...

קיינער פֿון געדיכט־אַרומשטייענדיקן עולם וואַגט אַפילו נישט אַריינ־צופאַלן אין דער מיט פֿון זייער ווילדן כעס; רוקן זיך אַוועק; נישט זייער עסק... אייגענע זאָרגן...

וויניק איז אים דאָ אויסגעקומען צו לעבן, דובן, אָבער אומיטלבאַר האָט ער פֿונדערווייטנס געפֿילט דעם אימפּולס פֿון דער נייער שטאָט אויף די זאַמדן; טאַקע ווי מען זאָגט — געבויט אויפֿן זאַמד... אַ שטאָט מיט אַ יונגער געשיכטע, אָן טראַדיציע, ווי קיין שום שטאָט נישט אין דעם לאַנד פֿון אוראַלטער פּילטויזנטיאָריקייט; סטיל־לאָז, כאַאָטיש, צופעליקע איינ־פֿלוסן. אַ באַנדע צונויפגעטריבענע קרעמערלעך; דאָס קרעמערישע, וואָס דער בהלהדיקער שטראָם האָט אָנגעברענגט מיט זיך צו די ברעגן פֿון לאַנד, שלעכט־פֿאַרדייעטער און שלעכט־פֿאַרשטאַנענער ציוניזם, לויט אים. די געזונטע אינסטינקטן פֿון אַ פֿאָלק בלייבן אָבער, זעצן זיך אָפּ, קרעפּטיקן און לייטערן זיך.

צו בן־צבין איז דובן אויסגעקומען צו דערשפּאָרן זיך ערשט אַרום האַלב־צוועלף. ווי שוויגער און פויעריש־געדולדיק ער איז נישט געווען, האָט ער דאָסמאָל שאַרף און ווי ס׳באַדאַרף צו זיין אַ זידל־געטון דעם סעקרעטאַרל מיט די דריי האָר אויפן פלאַכן שאַרבן, ווען יענער האָט אים, קוים אויסהערנדיק, געהייסן קומען מיט אַ טאָג שפּעטער נאָך עפּעס אַ בפירוש־נישטיקער פאָרמאַליטעט. דוב האָט פּאַוואָליע אַרויפגעלייגטביידע אַדערדיקע הענט אויפן באַריערל.

— דו האָסט צייט? — האָט ער אים קיל אָנגעקוקט — זיי האָבן נישט קיין צייט, מיינע הענט, זע... דער קיבוץ וואַרט, אַלץ וואַרט... גיי אַריין און זאָג אים דאָרטן, בן־צבין. שוין!

יענער האָט פּלוצים דערשראָקן געצוומען פינטלען מיט די אויגן, אַ קלונג געטון אין סטאַנדאַרט. ס׳האָט דאָרט עפּעס קורץ אַ מורמל געגעבן און ער האָט פאַר דובן באַלד ברייט אויפגעמאַכט דאָס באַריערל, געפירט אים נאָך זיך אין איין טיר, אין נאָך אַ טיר, ביז אַראָפּ, צו בן־צבים קאַבינעט. ס׳האָט יענעם נאָר אַביסל געוווּנדערט, וואָס בן־צבי האָט אַזוי שנעל אים געהייסן אַריינלאָזן; ווייל געוויינלעך איז נישט אַזוי איינפאַך אָנצוקומען צו דעם ביוראָקראַט. ער האָט אַפילו דובן באַגעגנט מיט אַ כיטרע שמייכל אויף זיין ברייט, פירקאַנטיק, ריין־אויסגעגאָלט פּנים און דובן באַלד אונטערגערוקט אַ שטול צום זיצן.

— זיץ, דוב. כ׳הער, קלייבסט זיך ערגעץ אין די מרחקים. אַלץ די זאָרגן פאַר דיין קיבוץ, זאָגסטו? ווי זעט עס דאָרט אויס ביי אייך, אין אויבערשטן גליל?

— דיזעלבע מעשה — איז דוב נאָך אַלץ געווען פאַרחידושט פון זיין פּלוצימדיקן אינטערעס — ס׳פעלן הענט און ס׳פעלן כלים. דער סטאַלעריי־וואַרשטאַט אַנטוויקלט זיך גאָר גוט. עטלעכע קעלבעלעך זענען אונדז דעם פרילינג צוגעקומען. מען האָרעוועט... מען טוט... אָבער וואָס קומט אַרויס?

— אַהאַ... דיינע טענות... געהערט... — האָט יענער געקלעפּלט מיטן פאַרשניצטן בלייפעדער אויף דער נאַקעטער בלאַט פון טיש און אים אומגעריכט אונטערגעטראָגן צו פאַרויכערן — כ׳בין נעכטן געווען ביי די שלום־רעדעס... אין קיבוץ... כ׳האָב געהערט די טענות, וואָס האָסט אַרויסגעלייגט... און דער עולם האָט טאַקע אַפּלאָדירט...

— טאָ וואָסזשע ווונדערסטו זיך? — און ער האָט מיטאַמאָל דערזען דאָס שלעכטע פייערל אין זיין בליק.

ערשט איצט האָט ער אויך באַמערקט דעם פרעמדן אין פאָטעל, ביים פענצטער, האַרט אונטער די דריי פאָרטרעטן פון הערצל, וויצמאַן און

בן־גוריון. קענטיק, אַן אויסלענדער. יענער האָט זיך די גאַנצע צייט אויפ־מערקזאַם איינגעקוקט אין דובן, געוואָלט דערכאַפּן עפּעס אין זיינע רייד און ס'איז אים, זעט אויס, שווער אָנגעקומען. ס'איז געווען אַ סך נייגערי־קייט אין זיין באַוועגונג. ער האָט דובן באַלד דערקענט פון זיין נעכטיקן אַרויסטריט אויף דער קאָנפערענץ אין קיבוץ.

דוב האָט געהאַט אַ געפיל באַלד אויפצוהייבן זיך און באַלד אַרויס־צוגיין פון דאַנען. אומגעריכט, הייסט עס, אַריינגעפאַלן אין אַ מין פרעמדער, אומהיימלעכער פאַרלעגנהייט; אַ געזעלשאַפט, אָן שום ספק, נישט פון זיין שניט. נאָר באַלד איז ער עפּעס אויך אָנגעשטעקט געוואָרן מיט דער שאַר־פער נייגעריקייט, וואָס איז געווען ביי יענעם; בפרט, אַז בן־צבי איז שוין געשטאַנען איבער אים און פון זיין מינע איז אויך געווען צו דער־קענען, אַז עפּעס איז דאָ, פאַר זיין אַריינפאַלן אַהער, שוין גערעדט געוואָרן; און אפשר אויך — גראָד וועגן אים טאַקע. ס'איז נישט שווער געווען זיך אָנצושטויסן. מ'האָט נאָך נעכטן עפּעס אַ רעד געטון מכוח דעם, אַז בן־צבי אַליין איז פאַרפאָרן אַהין מיט זיין אויטאָ. ווער קען דען נישט בן־צבין, פון די מפא"י־ביוראָקראַטן אין דער „הסתדרות"? ווער איז ער? — ער האָט געוואָלט וויסן וועגן דעם פרעמדן. אַז ער איז אַן אַמעריקאַנער, איז נישט שווער געווען זיך באַלד אָנצושטויסן. ווייניק דרייען זיי זיך דאָ איצט אַרום? נאָכוואָס זשענירן זיך מיט די דאָזיקע? אָבער יענער האָט דווקא ליבלעך, אַפילו זייער ליבלעך, געשמייכלט. מיט זיין טיפן שטערן און מיט די שיטערע האָר אין די ראַנדן פון זיין פּליכל, איז ער שיעור נישט ענלעך געווען צום פּאָרטרעט פון בן־גוריונען, אויף דער וואַנט, איבער אים, אָבער זיינע גרויע, לעבעדיקע אויגן, צו יונגע לויט זיין עלטער, האָבן פאַרמאָגט אין זיך עפּעס סלאַוויש, עפּעס פון אַ היימישן ווייסרוסישן מענטש. ער האָט נאָך גערעדט יידיש, קען מען זאָגן, גאָרנישט שלעכט, כאָטש דורכגעוואָרפן מיט נישט ווייניק ענגלישע ווערטער, ווערט־לעך פון המון, וואָס אפילו אין אויסלאַנד קען מען זיי גוט. ער איז געווען שטאַרק פאַראינטערעסירט, אַזוי האָט ער געזאָגט, אין דער קיבוצים־באַ־וועגונג, ווי אַן עטאַפּ צום סאָציאַליזם; און די דיסקוסיעס אויפן קיבוצים־ראָט האָבן אויפגעמאַכט פאַר אים אַ טירל צו דערזען אַביסל פון אינעווייניק דעם צוזאַמענשטויס פון אָט דער לעבנס־פאָרם, וואָס איז דאָ געשאַפן און אויסגעקעמפט געוואָרן, קעגנאיבער דער יונגער יידישער מלוכה.

— ס'קלאַפּט נאָך נישט אינגאַנצן, ווי? — האָט ער אָנגענומען, ליבלעך, וואָס ליבלעכער קען שוין גאָרנישט זיין, אָבער פאַרשנדיק צו דער זעלבער צייט, אַ פרעג געטון ביי דובן.

ער האָט אָבער פונקט געטראָפן דאָס אָרט.

— ס'וואָלט געקלאַפּט... ס'וואָלט גוט געקלאַפּט... — האָט דוב קורץ אָפּגעהאַקט, נישט דערזאָגט און האָט זיך באַלד דערנאָך שאַרף אַ קער געטון צו בן־צבין — שרייב מיר אונטער ס'פּאַפּירל, כ'בעט דיך, ווייל איך האָב נאָך היינט אַ וועלט אויסצולויפן. דער טאָג שטייט נישט... ווי אין פּסוק שטייט — היום קצר והמלאכה מרובה...

# 13

מער קיין געדולד האָט ביי דיװוי מאָרגענען שוין אויך נישט געסטאַ־יעט אַרומצושלעפּן זיך אין די אָפיציעלע אויפנאַמעס איבער די אינסטי־טוציעס, צוזאַמען מיט טאַטיאַנאַ איסאַקאָוונאַ. זיי האָבן אים דאָרט אַלע פּלוצים גענומען לאַנגווייליקן מיט די באַרימערייען און מיט זייער צו־דרינגלעכער חניפה, דערשפּירנדיק אַוודאי, אַז ס׳שמעקט אומבאַדינגט מיט פאָנדן און מיט פעטע סובסידיעס. דאָס איז אַן אַרבעט, האָט ער לאַכנדיק געזאָגט, פאַר ווייבער; בפרט, אַז מ׳האָט אים שוין עטלעכע מאָל דרינגענ־דיק געקלונגען פון דער אַמבאַסאַדע. מיט טאַטיאַנאַ איסאַקאָוונאַ האָט ער צום לעצטן מאָל באַשטימט צו טרעפן זיך אין חיפה, אויפן הר־הכרמל, ביי בן־צבין אין דער ווילע, הינטער די ציפּרעסן. ער האָט ענדלעך גע־דאַרפט באַשליסן וועגן צוריקפליען מאָרגן־איבערמאָרגן קיין ניו־יאָרק. לענגער פאַרהאַלטן זיך דאָ האָט ער שוין סיי־ווי מער נישט געקענט; אַחוץ אַלעמען — ער האָט עס שוין געהאַט גענוג.

צוזאַמען מיטן פּרעסע־שעף, מאַיאָר אָקלענד, איז ער פאַרנאַכט אייליק אַרויסגעפאָרן פון תל־אביב און האָט זיך צוזאַמען מיט אים אומגעריכט פאַרהאַלטן אין קליינעם פּאָרט פון חיפה, צוליב דער קאָנטראָל פון עפּעס אַן אויסלאָדונג פון אַן אַמעריקאַנער לאַסט־דאַמפער, וואָס האָט דאָרט דעם זעלבן אינדערפרי פאַראַנקערט.

ס׳איז נישט געווען דער הויפּט־איינגוס, ווהין עס קומען געוויינלעך די קליין־טאָנאַזשיקע שיפן מיט די פּאַסאַזשירן, טוריסטן און עולים. דאָ איז אויסגעלאָדן געוואָרן אין די לאַנגע פּאָרט־האַליעס דער שווערער טראַנספּאָרט, פאַר די פאַבריקן אַרום חיפה, פאַר דער אַרמיי. די לאַנגע ברעג־טראָטואַרן זענען געווען אָפּגעצוימט, ליידיק און שטאַרק באַוואַכט. איבערן מילך־ווייסן קוימען פון דער שיף מיט די בלויע אַמעריקאַנער פאָן־

שטערנדלעך, האָט געציטערט אין פאַרנאַכט דער מילדער אָפּשפּיגל פון ווײַן־רויטן וואַסער. ערגעץ טיף אַראָפּ האָבן שיף־סירענעס געדעוועט אויף אַלערליי קולות, געדיכטע און דינערע, געשפּיגן מיט קנוילן רויך; און גאַנץ אויבן, אויף די טעראַסן פון פונאַנדערגעוואָרפענעם הדר־ און הר־הכרמל, האָבן שורות שויבן פון עפּעס אַ לאַנגער, ווייסער געביידע ממש געפלאַ־קערט אין דער זון, וואָס האָט שוין באַלד געניייגט זיך אין ים אַריין.

פון די בלעכערנע, געקאַרבטע פּאַרט־האַליעס האָבן זיך לאַנגזאַם אַרויסגעשאָטן אַ מאַן צוואַנציק אויסלאָדערס. די בריקלעך פון דער שיף זענען שוין געווען אַראָפּגעלאָזן. די זשאַווערדיקע הייב־מאַשין האָט זיך לאַנגזאַם פאַרקירעוועט, אַ ריס געטון זיך גרילצנדיק העכער, ווי אַ העל־פאַנט־שנאָבל, און מ'האָט טויב געהערט דעם זיפּצנדיקן סקריפּ פון די קנאַפּ־געשמירטע קייטן־בענדער. איבער די רושטאָוואַניע־בריקלעך זענען די אויסלאָדערס אייליק אונטערגעלאָפן, איינער הינטערן אַנדערן, אָנהאַלטנ־דיק זיך אין די פאַרצוויגענע שטריק. מ'האָט געזען בלויז רוקנס, געלאַטעטע פלייצעס, אַנדערע אין בלויזע העמדער. ביי איינעם, אַ ברייט־פאַרוואַק־סענעם, האָט זיך אָפּערגעזען אַ שטיק צעפּאַטלטע, קויל־שוואַרצע באָרד, ווי אויף די אַשורישע באַרעליעפן פון יידישע אַסורים, און ס'האָבן זיך אים נאָכגעבאָמבלט די לאַנגע ציצית פון טלית־קטן. ער איז דווקא גע־גאַנגען איבער די וויגנדיקע ברעטער פּאַוואָליע, מיט בעריִשע טריט, מיטן גאַנצן פּאַוואָליעדיקן, איינגעגעסענעם געדולד פון אַן אָריענטאַליער. עטלעכע קליינע אַמעריקאַנער מאַטראָסן, אין די ווייסע, אַרויפגעשאַרצטע קינדער־היטעלעך, זענען אויבן, אויפן בריקל, געשטאַנען לענגאויס די פּאַ־רענטשעס און עפּעס אַריינגעלאַכט איינער אין אַנדערן, פאַרויכערט און ברייט געשפּיגן אין וואַסער אַריין.

די שפּערע פון דער ברעג־פּאָליציי האָט זיך הינטער זיי געהאַט אַראָפּ־געלאָזן, ווען דער אויטאָ האָט דאָ באַלד אייליק טאַרמאָזירט. דער פּרעסע־שעף, מאַיאָר אָקלענד, האָט זיי דאָרט פאַר דער וואַך אַפילו רעכט נישט געוויזן קיין דאָקומענט, האָט גערעדט צו זיי, ווי צו שיק־יינגלעך. מאָרגען איז אַרויסגעשפּרונגען דער ערשטער פון דער אַנדערער זייט, דורכן טירל. ער איז, זעט אויס, פאַרכאַפּט געווען פון עפּעס. דאָס האָט אַוודאי דער לאַנ־גער טלית־קטן און די נאָכשלעפּנדיקע ציצית ביים ברייטן, מאַסיוון פּאָרט־אַרבעטער מיט דער אַסירישער באָרד, צוגעצויגן זיין פאַרגאַפּטן בליק. ער האָט נאָך פונדערווייטנס באַטראַכט די קייט פּאָרט־אַרבעטער אַרויפגיין די רושטאָוואַניע־בריקלעך. די ערשטע שווערע קאַסטנס האָט דער שנאָבל פון דער הייב־מאַשין פלינק, ווי עפּעס אַ שפּילעכל, אַרונטערגעלאָזן דורך די קייטן־בענדער. אַ צוויי־דריי האָבן אונטן, אויפן ליידיקן טראָטואַר, אונטער־

געכאַפּט יעדן קאַסטן און אַוועקגעפירט אים אויף די ראָל־רעדלעך צו די פונאַנדערגערוקטע טירן פון די באַוואַכטע שאַפּעס. מאָרגען איז אים נאָכגעגאַנגען, פאַרוויכערט און געהאַלטן אין איין אַריינרעדן אין לאַנגען, פלעגמאַטישן, בלוטלאָזן מאַיאָר.

— אָט די דאָקערס... — האָט ער אָפּגעריסן אַנגעוויזן מיטן בליק — מען דאַרף וויסן זייער פאַרגאַנגענהייט, כדי צו פאַרשטיין וווהין זיי קענען אַמאָל דערפירן... איך קען זיי...

ערשט איצט האָט זיך יענער אומגעריכט איינגעקוקט אין אים און איז געוואָרן אויפמערקזאַמער אויף זיינע רייד. ווייל די גאַנצע צייט האָט ער אים גאָר אַזוי ווי נישט באַמערקט. לאַנג האָבן זיי דאָרט נישט פאַרבראַכט. ס'האָט זיך געהאַנדלט אין עפּעס אַ קליינעם ראַפּאָרט פון אַ שיף־אָפיציר. אין דער קאַבינע האָט זיך מאַיאָר אָקלענד געזוימט נישט מער ווי אַ מינוט פינף און איז שנעל געקומען אַנצושפּרייזן מיט זיינע לאַנגע פיס איבערן ברעג־טראָטואַר. ער האָט זיך באַלד צוריק שווייגנדיק צוגעזעצט צום רעדל, אַ פּאָר געטון הינטערווילעכטס און איז איידער וואָס־ווען ווידער שטיינגעבליבן פאַר דער באַריער פון פּאָליציי־הייזל. ער איז אַפילו נישט אַרויס פון וואָגן מעלדן. מיט אַ קילן, אָפּמעסטנדיקן בליק, האָט ער אַ ווונק געגעבן צו דער וואַך — מען זאָל, הייסט עס, אויפמאַכן און דורכלאָזן דעם וואָגן. די וואַכלייט האָבן זיך דאָרט צעטומלט דורכגערעדט און באַלד איז די שפּערע געווען ברייט אויפגעהויבן.

איבערן דוד־קינג־בולוואַר, וואָס לויפט לענגאויס דעם איינגוס, זענען זיי געפלויגן ווילד און דער קילער, מילך־בלאָנדער מאַיאָר אָקלענד האָט ממש מיט פּאָליציייאישן אייפער אויסגעהערט וועגן די דאָקערס, ווער זיי זענען, פון וואָס פאַראַ עלעמענטן, וועגן די קיבוצים, וועגן איבערפלוס פון דער שטאָטישער באַפעלקערונג, מיטן כאַאָטישן אָנפליסן פון די עליות צו די ברעגן פון לאַנד. ער האָט עפּעס אייליק פאַרצייכנט אין אַ נאָטיץ־ביכל און האָט אים נאָך דאָרט זייער אומגעריכט אַ פרעג געטון, אויפהויבנדיק פון אונטערן דאַשיק די קאַלטע פיש־אויגן:

— צווישן די־אַ זענען אַוודאי אויך פאַראַן נישט ווינציק דעמאָבילירטע סאָלדאַטן? ווי?...

— יאָ, דאָס אויך... דרייען זיך דאָס רוב אַרום... מיט אַרבעט איז דאָ נאָך אַלץ שווערלעך. ס'פעלט נאָך אָרגאַניזאַציע. אָבער אין אַלגעמיין — קלאַפּט עס... ס'קלאַפּט...

— און ווי ווערט צווישן די־אַ, למשל, אויפגענומען דאָס באַזייטיקן די געפערלעכע פלמ"ח־עלעמענטן פון דער הגנה? וואָס זאָגן זיי? — האָט דער מאַיאָר נאָך אַלץ פאַרשעריש געפרעגט.

— מען שווייגט... ס'הייסט — ס'ווענדט זיך ווער...

און דורכגעפלויגן איז אים באַלד טאַקע אָט דער גרויער, פאַרעקשנטער ייד פון עפּעס אַ קיבוץ דאָרט, אויף דער קאָנפערענץ — דוב. „יאָ, מיט די דאָזיקע"... — האָט ער זיך אַליין אַ זאָג געגעבן און ער האָט איבער עפּעס באַשלאָסן מער נישט צו רעדן.

די קלאַנגען וועגן נעמען זיך ענערגיש באַזייטיקן אין דער הגנה יעדן מינדסטן שפּור פון פּלמ"ח, האָבן זיך אַלץ עקשנותדיקער געטראָגן און אַרויסגערופן סיי פאַרביטערונג ביי געוויסע, סיי הייסע דיסקוסיעס מיט די מפּא"י־עלעמענטן, וואָס האָבן שוין איצט געהאַט אין זייערע הענט כמעט אַלע שליסל־פּאָזיציעס אין דערווירטשאַפט, אין דער אַדמיניסטראַציע און אין דער אַרמיי.

די גוט־געשולטע, אויסגעפּרוווטע קאַדערן און שטויס־טרופּן פון פּלמ"ח, וועלכע זענען שטופנווייז, מיט מעטאָד, אין משך פון די שווערע יאָרן, פאַרהאַרטעוועט, צוגעפּאַסט געוואָרן צו דער לאַנדשאַפט, צו דער ספּעציפישער טאָפּאָגראַפיע, זענען איצט ביסלעכווייז ריקזיכטלאָז עלימינירט געוואָרן; ס'רוב האָבן זיי זיך צוריק אַריינגעגאָסן אין דער קיבוצישער מחנה. פון דאָרט זענען זיי דאָך די מערסטע געקומען און דאָרט האָבן זיי אין די יאָרן פון שטרענגסטער קאָנספּיראַציע, פאַראַנטוואָרטלעכקייט און שווערער אַרבעט, זיך אויסגעהאָדעוועט. זיי האָבן געהאַט אַלע סמנים פון גוטע, פאַרהאַרטעוועטע, פאַרביסענע פּאַרטיזאַנער און דעם גייסט פון אַ פאָלקס־אַרמיי.

אַזעלכע קליינע דערפאַרונגען איז מאָרגענען, איבעריקנס, אויך אויסגעקומען צו האָבן סיי אין פראַנקרייך, סיי אין איטאַליע, צווישן די רעכטע און אָפּגעשפּאָלטענע סאָציאַליסטישע און סינדיקאַליסטישע גרופּירונגען, ווו מ'האָט אים אויפגענומען ווי אַן אייגענעם. וואָס פאַראַ פאַרכאַפּנדיקע ענלעכקייט, האָט ער לסוף באַקלערט, דאָרט איז געווען — די באַלשעוויזירטע ווידערשטאַנד־באַוועגונג אין די יאָרן פון דער דייטשער אָקופּאַציע... מ'האָט זיי אָבער, צום גליק, אויך דאָרטן, באַלד נאָכן ענדע קריג, קלוג און פאַרזיכטיק, אַרויסגענומען דאָס געווער פון דער האַנט, אָפּגעריייניקט די אַרמייען פון זייערע אויסגעצייכנטע קאַדערן און פון זייער קלעפּנדיקן איינפלוס. יאָ, אָן שום ספק — עפּעס אַן אַלגעמיינע איבערחזרונג, וואָס פירט צום אַלץ־פאַרניכטנדיקן באַלשעוויזם...

ס'האָט אפשר נישט געטויגט, האָט ער זיך געכאַפּט, אָפּצושטייגן פונעם אויטאָ פון אַן אַמעריקאַנער פרעסע־שעף האַרט פאַרן טירל פון בן־צביס ווילע. ער איז דעריבער אַרויסגעשפּרונגען פון אויטאָ אַ סך פריער, וואַרעם צעזעגנט זיך מיט זיין פריינט און האָט זיך געלאָזן גיין אַרויף מיט די

ברייטע, אויסגעהאַקטע טרעפּ אין פעלז, דורך דער זייטיקער אַלייע, וואָס איז אים שוין גוט באַקאַנט געווען. פּילנדיק דעם לינדן אָטעם אויפן שטערן פון דער זייט פון ים אין דער נידער, האָט עס אים, אַביסל אומעטיק, גראָד אַ דערמאָן געטון, ער ווייס אַליין נישט פאַרוואָס, דאָס ווייטע שטעטל אין ווייסרוסלאַנד, דעם דאַרן, געלן, שווינדזיכטיקן מלמד, וואָס האָט זיי דאָרט אַמאָל אין די לאַנגע, ווינטערדיקע נעכט אַריינגעהאַקט אין קאָפּ אַריין וועגן אַ קליין מדבר־פאָלק, וואָס וועט זיין ווי דער זאַמד אויפן ברעג פון ים און ווי די שטערן אין הימל, אין זייער אייגן לאַנד כנען. און אויך דאָס געוויסן האָט אים עפּעס אַ רגע אַ פּייניק געטון קעגנאיבער יענע צעשראָ־קענע יידן, דעם מלמד, די אָפּגעשליסענע חדר־יינגלעך, זיין אייגענעם טאַטן, פון אַ ווייט, פאַרוואָרפן יידיש שטעטל, אין ווייסרוסלאַנד. אַ שטעטל, וואָס עקזיסטירט שוין אפשר מער נישט אויף אונדזער זינדיקער ערד. וויפל שטורעמס זענען זינט דעמאָלט אַדורך, האָבן די הילפלאָזע מענטשן אויס־געריסן מיטן וואָרצל, פונאַנדערגעזייעט, אָן אַ שפּור נאָך זיך.

טאַטיאַנאַ איסאַקאָוונאַ האָט אים שוין מיט אומרו דערוואַרט. זי איז כמעט קלאַנגלאָז געקומען אַראָפּצושווימען פון דער אויבערשטער וועראַנדע, פון דאַך, מיט אַ ווייס טיכל אַרומגעבונדן דעם קאָפּ. זי האָט די לעצטע טעג שטאַרק געליטן, די אָרעמע. זי האָט אָבער באַלד עפּעס אויפ־געכאַפּט אין זיין צעמישטן בליק און האָט גערעדט פאַרחלשט און אָפּגעריסן:

— מיר קלייבן זיך, הייסט עס, אין וועג אַריין, דייווי... מאָדנע... די מענטשן זענען דאָ מאָדנע...

— איך האָף אין אַ צוויי חדשים אַרום דיך צוריקצוזען, טרודי... — האָט ער מיטאַמאָל געהאַט אַ געפיל צו פאַרענטפערן זיך — ליידער... אונדזער צייט געהערט נישט בלויז אונדז אַליין...

וועגן זיין פּלוצימדיקן באַשלוס האָט זי שוין געוווּסט. ס'האָט זיך נאָר געהאַנדלט וועגן צוריקפאָרן צוזאַמען. אָבער מיטן אַוויאָן האָט זי מער נישט ריזיקירט; און ער, האָט זי געוווּסט, פליט.

— די זון האָט דיר גוט אַ סמאַליע־געטון, טאַניע... טרודי... אָבער דיינע ליפּן זענען מאָדנע בלייך... וואָס געשעט דאָ מיט דיר? — האָט ער שטיל, מיט צווייַדייטיקן שמייכל, ווי ס'האָט זיך איר געדוכט, אַ פרעג געגעבן.

זי האָט פאַרטראָגן געשוויגן. ס'האָט זיך איר פּלוצים גאָר געוואָלט אַ רעד טון וועגן אָט דעם קלוגן, פעאיקן אַדוואָקאַט פון פאַריז; ער האָט דאָ אומגעריכט אויפגעטויכט, צוזאַמענגעטראָפן זיך מיט איר אין אַלע אינ־סטיטוציעס, איז איר אומעטום אומבאַמערקט נאָכגעקראָכן, איז אומעטום

אומבאַמערקט אויסגעוואַקסן, האָט זי שוין דערנאָך ממש פאַרפאַלגט מיט זיינע צודרינגלעכע רייד און קאָמפּלימענטן... יאָ, קאָמפּלימענטן. אַ מאָד־נער, נאָך אַלעמען; ווייל דער ייד־מיכלסאָן האָט ביי איר בלויז אַרויסגע־רופן רחמנות. דער קאָרעקטער וואָלפער איז אויסגעוואַקסן אומעטום, האָט זי באַגלייט צום אויטאָבוס, צו פריינט, אין טעאַטער. ער איז דאָ פּלוצים געווען שרייענדיק־עלעגאַנט, אויסגעסטראָיעט אינגאַנצן אין ווייסן. בעת דער פאָרשטעלונג אין „אהל״ איז ער אַרטיק געזעסן לעבן איר אין דער לאָזשע, געהאַלטן אין איין פאַרטייטשן. זי האָט שוין דערנאָך אַפילו נישט געדענקט ווי אַזוי ס׳איז גאָר דערגאַנגען דערצו, ער זאָל איבערהויפּט גיין זען מיט איר די פאָרשטעלונג. שפּעט אין אָוונט האָט ער זי באַגלייט ביז צו דער ווילע ביים ים, צו די באַקאַנטע, ווו זי איז אין תל־אביב איינגע־שטאַנען.

— איר, מיין ליבע טאַניע — האָט ער זי אָפּן און צודרינגלעך געמאַכט קאָמפּלימענטן — רופט דאָ אַרויס אַלעמענס באַוווּנדערונג... וואָס, כ׳זע נישט? מיט אַזעלכע קלוגע און פאַרנעמע פרויען, האָבן זיי מיר געזאָגט, וועט איר דאָרט, אין פּאַריז, ווייט דערגיין...

זי האָט זיך קוים אָפּגעטשעפּעט פון אָט דעם צושטייענדיקן פּאַריזער גליטשיקן אַדוואָקאַט מיטן געל־אַרומגעזוימטן פּליכל; זי האָט געלאַכט גלעקלדיק און ווי נאָך קיינמאָל נישט, דוכט זיך. זי האָט אים נאָך דער־ציילט, אַז מיטן אַוויאָן קען זי ליידער נישט צוריקפאָרן און ער האָט נאָר געוואָלט וויסן ווען אַן ערך רעכנט זי צו נעמען די שיף.

— מען וואָלט טאַקע געזאָגט, הער וואָלפער — איז זי, לאַכנדיק אַלץ, געווען נישט אינגאַנצן אומצופרידן — אַז איר „אוכאַזשעוועט״ נאָך מיר...

— דאָס אויך, אַז מען וויל... — האָט ער נישט שיין, כמעט מיט חניפה, מודה געווען — ס׳וועט אונדז נאָך אפשר איבעריקנס אויסקומען צו שמועסן אַביסל מער אינטימער, מיין ליבע טאַניע... אין פּאַריז. ווי? נישט אַזוי?...

# 14

ווי ס'איז געווען צו פאַרשטיין, האָט זיך פון דעם פּלוטעוואַטן אַוורע־מעלעס וויכטיקע פּלענער אויסצובויען אַ טוריסטן־האָטעל אויפן הר הכרמל, אויך דערווייל אויסגעלאָזן אַ בוידעם. ער האָט אָבער דערנאָך מיט כּל'ער שבועות פאַרזיכערט מיכלסאָנען, אַז ס'האָט שוין געהאַלטן אָט־אָט ביים אָפּשליסן די קניה; נאָר אַרויסגעוויזן האָט זיך, ערשטנס, אַז דאָרט, אין די פינאַנס־אַמטן, ווו ער איז אַוועק נאָכפרעגן זיך, געוויר ווערן, פאַרלייגן זיינע וויכטיקע איניציאַטיוון, איז גאָרנישט אַזוי איינפאַך געווען מיטן איבערפירן אַהער דעוויזן. די קלוגיטשקע לייט דאָרט זענען פון גאָרנישט איבעראַשט געוואָרן. זיי האָבן אים דאָרט, האָט ער דערציילט, געוואָלט פאַרבינדן דעם קאָפּ, קוילען אָן אַ מעסער, פּשוט באַרויבן; זיי האָבן אים דאָרט אויסגעשטעלט אַ חשבון, אַז ס'איז אים פינצטער געוואָרן פאַר די אויגן. פון זיין גאַנץ פאַרמעגן, האָט זיך אַרויסגעשטעלט, וואָלט אים קיין דריט־חלק אַפילו אויך נישט פאַרבליבן. אָבער ער האָט נאָך אַלץ נישט אויפגעגעבן. ביז צו בן־גוריונען אַליין, האָט ער זיך געקאָכט, וועט ער אָנשפּאַרן. וואָס הייסט? אַ שטיקל דורכפאַל האָט ער אויך שיעור נישט געהאַט מיטן קילן און זייער העפלעכן דייטשן ייד, עפּעס איינער אַ נאַרי־שער, פאַריסענער באַדענהיימער, וואָס האָט אים אומזיסט־אומנישט פאַר־דרייט אַ קאָפּ און ס'האָט נישט געפעלט קיין סך ער זאָל אים אַריינפירן אין אַן אומגליק אַריין; ס'האָט נישט געפעלט קיין סך ער זאָל טאַקע גיין באַ־לייגן אים דאָס האַנט־געלט און גיי משפּט זיך דערנאָך מיט אים...

— אַזאַ יעקישער שווינדלער... — האָט ער געלאַכט קלוגעריש, ווייזנ־דיק אַלע זיינע קורצע, שיטערע ציין — מיר איז ער געגאַנגען נעמען פאַרן פּרייער... דער מגרש, הערט איר, האָט זיך אַרויסגעוויזן, געהער גאָרנישט צו אים... עפּעס אַ מעשה מיט ירושות, היפּאָטעקן... אַ נעכטיקער טאָג...

פאַרדראָסן האָט עס אים זייער שטאַרק אויף די קלוגיטשקע יידן אין די פינאַנס־אַמטן. ער האָט נישט גערוט. מיט זיין געהויקערט, ישיבה־בחוריש געגגל איז אַריין צו בן־צבין באַלד הינטער דער ברייטער, חשובער, אַביסל געבויגענער פּלייצע פון מיכלסאָנען. ס׳איז געווען פאַרמיטאָג און זיי זענען קוים מיט צרות אָנגעקומען צו אים. מיכלסאָנס פּראָטעקציע, האָט ער נאָך צולעצט אַ קלער געטון, איז פונדעסטוועגן אויך נישט אַבי־וואָס. אָבער בן־צבי האָט דאָרט געהויבן מיט די אַקסלען, געווען זייער העפלעך, פיין, אָפּגעפּטרט זיי מיט וואַזשנע צוזאָגן און אַז מ׳האָט אים באַלד אויף צומאָרגנס אָנגעקלונגען, האָט ער שוין גאָר אינגאַנצן נישט אָנגעהויבן צו געדענקען מער, געבעטן זיי נאָך אַמאָל, ביי אַ געלעגנהייט, אַריינצוכאַפּן זיך. אומבאַדינגט...

מיכלסאָנען ווידער איז אויך נישט באַשערט געווען צו קוויקן זיך נאָכאַנאַנד מיטן גרויסן נחת, וואָס ער האָט דערלעבט אויף זיינע עלטערע טעג. אין דער צייט, ווען אַוורעמעלע, צוזאַמען מיט זיין שטאַרק־חשודיקן גוטן־פריינטל, דעם געשטופּלטן ספרדישן ייד בן־סימאָן, פון מאַרסעיל, האָבן זיך דאָרט ביידע ערגעץ גאַנצענע טעג אַרומגעפּאָרעט אין די געסלעך אַרום די רויענדיקע שדרות ראָטשילד, אויף דער אַלענביי, אין די קאַפּייען אַרום רחוב ליליענבלום, ווו ס׳איז אַלעמאָל אַ שוואַרצער אָנגעלויף פון יידן מיט טונקעלע מסחרימלעך — אין דער זעלבער צייט איז דער באַלע־באַטישער ייד מיכלסאָן געגאַנגען אָפּשטאַטן וויכטיקע וויזיטן, אין די אינסטיטוציעס, צו פּערזענלעכקייטן, איז בייגעווען אויף עטלעכע היציקע סעאַנסן אין דער כנסת און האָט זיך געהאַלטן אין איין קוויקן; אַפילו מיט די שאַרפע דעבאַטן צווישן די היימישע מיט די עקסטרעם־לינקע. אויך דאָ האָבן זיי געטומלט אויפן גרויסן שטייגער, מיט הויכע פראַזן, די יונגע־לייט, געבערענגט וויכטיקע ראיות, אַז מ׳איז כאָטש פאַרקויפט, אַז מ׳איז שטיוול־פוצערס ביים אַמעריקאַנער אימפּעריאַליזם און — וואָס אין דער קאָרט... האָט ער גוטמוטיק געלאַכט אין די וואָנסן אַריין און זיך געקוויקט. זאָלן זיי אויך אַביסל האָבן צו טון מיט די־אָ...

אין דעמפיקן אָוונט איז ער ברייטלעך געווען צעזעצט אין די קינסט־לער־ און אַרטיסטן־קאַפּייען אַרום ככר דיזנגוף. די עטלעכע פשוטע שורות, וואָס אַ יינגער יידישער פּאָעט פון אַן עולים־לאַגער לעבן תל־אביב האָט געהאַט פאַרעפנטלעכט ערגעץ אין אַ יידישער צייטשריפט אין אויסלאַנד, האָבן דאָרט אַרויסגערופן נישט ווייניק בייז בלוט און זענען געווען ביי אַלעמען אויף די ליפּן. דער אָנגעוויטיקטער יונגערמאַן האָט זיך אין די מלחמה־יאָרן געראַטעוועט מיט ווייב און קינד אין ווייטן סאָוויעטישן מיטל־אַזיע, האָט נישט לאַנג צוריק פאַרלאָזן פוילן, איז אַדורך דעם בראַנד

פון די לאַגערן אין דייטשלאַנד און האָט געהאַפּט דאָ ענדלעך צו געפינען אַ שטיקל מקום־מנוחה אויסצוזינגען זיין יידיש ליד. זיינע עטלעכע פשוטע שורות האָבן אָבער אומגעריכט אַרויסגערופן אַן אַ שיעור הייסע דעבאַטן, מיינונגען און קעגן־מיינונגען. מ'האָט זיי שוין דאָ באַלד געקענט פון אויסנ־ווייניק, די פּאָר איינפאַכע, אָבער רירנדיקע שורות:

דאָרט, וווּ יידן זענען, דאָרט זאָלן יידן זיין.
זאָל וואַקסן זייער ברויט, זאָל שוימען זייער ווייִן...

ביי די טישלעך, אויף דער טעראַסע אונטערן אָפּדעכל, האָט מען גע־טרונקען בלאַסן טיי, קנאַפּ געצוקערט. פליגעלעך האָבן געזשומעט אין דער ביינאַכטיקער דעמפּיקייט, געקלעפּט צו די נעאָן־ליכטער. דאָ זענען אָוונט־צייט ברייטלעך געזעסן דיכטער, שוישפּילער, הסתדרות־טוער, דאַמען און קבוציש־פּראָסטלעכע כלל־טוערינס, גבאיטעס. דער יונגערמאַן, וועלכן אַלע האָבן דאָ היימיש גערופן תנחום, מיטן ווייסן סערוועטל אויפן אָרעם, האָט דערלאַנגט די טיי, האָט געטראָגן אַ גרויסן לעדערנעם בייטל אויפן בויך און באַלד אויפן אָרט זיך צערעכנט, צוריקוואַרפנדיק אַ הויפן קופּערנע און ניקלנע מטבעות. ער האָט נאָכאַנאַנד אַרומגעקוקט מיט מאָנענדיקע בליקן די געסט, וואָס האָבן נאָך גאָרנישט געהאַט באַשטעלט. דער שויבערדיקער פּאָעט, וואָס איז דאָ באַרימט געוואָרן מיט זיינע מליצהדיקע שירים וועגן עמק, האָט געוואָלט פאַרשטיין דעם שכל פון זייער אומצופרידנקייט, פון אָט די יידישע לידל־שרייבערס.

— מען דאַרף, זאָג איך, זיין געגנוג דערוואַקסן צו דערפילן אויף אַן אמת אונדזער היסטאָרישן ווענד־פּונקט... לידלעך... — האָט ער אַליין, דער פּאָעט, בפירוש אָוועקגעמאַכט — נישט מיט קיין לידלעך, מיינע פריינט, בויט מען נאָך איבער אין גרונט די עקזיסטענץ פון אַ פאָלק. מילא, איז איינער, אָדער הונדערט נישט צופרידן...

— משמעות, אַז ס'איז נישט בלויז דער לאַגער, דער בית־עולים, די באַדינגונגען... — האָט דאָרט איינער אונטערגעקרעכצט — שאַ, און די פלינקערע פון זיי, די, וואָס האָבן שוין יאָ אַ שטיקל דירה, אָדער אַ שיכון, זענען דען יאָ צופרידן? מ'דאַרף זיי, חביבי, פשוט אויפקלערן, אַז נישט אויף די אַלע צופעליקע גלות־שפּראַכן בויט מען איבער אַ פאָלק...

— ס'איז שוין אָבער לאַנג שטיל געווען — האָט דאָרט עמיץ פון דער מיט אַרויסגעלאָכט האַרב — טאָ וואָסזשע האָבן זיי געמיינט? אַז מ'עט זיי אפשר לאָזן פונאַנדערשפּרייטן זיך מיט זייער ווילדן זשאַרגאָן? אויף די הענט טראָגן זיי?

מיכלסאָן האָט זיי דאָרט נאָר געוואָלט אַ זאָג געבן, אַז ס׳איז אפשר נישט בלויז דאָס, אַז דער טאָן איז דאָ אָנגעשלאָגן פּיל מער, פּיל ווייטער און פּיל טיפער; אַז אין גרונט גענומען איז ער אפשר נישט אַזוי אומגע־רעכט, דער יונגערמאַן, וואָס האָט געשריבן די דאָזיקע פּשוטע רייד. נאָך גוט, וואָס ער האָט זיך באַצייטנס צוריקגעכאַפּט. ס׳איז אים פּשוט געווען אַ חרפּה פאַר זיך אַליין מודה צו זיין, נאָר פונקט אַזוי האָט ער אַליין אויך געפילט. ער האָט נאָך דאָרט נעפּלדיק אַ קלער געטון וועגן יענעם וויסטן אָנגעלויף אין דעם אַלטן ראָטשילד־הויז אין פּאַריז, דערמאָנט זיך פּלוצים אין דעם פלינקן זשורנאַליסט, אין רודערמאַנען, וועלכער זיצט זיך שוין דאָרט טאַקע גאַנץ שיין אין ניו־יאָרק און מאַכט, ווי מען דערציילט, אַ קאַריערע פון זיינע אַנטי־סאָוויעטישע שרייבערייען. „גאָרנישט קיין נאַרי־שער ייד, נאָך אַלעמען״... — האָט ער אַ רגע אים אַפילו מקנא געווען און האָט אויפן אָרט באַטראַכט, אַז ער אַליין איז אַ סך ווייניקער פלינק. מען רעכנט זיך דאָ גאָרנישט מיט אים, מען קוקט זיך גאָרנישט אום אויף אים.

ער האָט גאַנץ גוט פאַרשטאַנען פון וועלכער זייט עס בלאָזט דאָ אויף אים די קילקייט. ווי מענטשן וואָלטן אַריינגעקוקט אין זיינע געדאַנקען און געפילט זיינע פּילונגען. די דורכגעפאַלענע אַקציעס... די אומנעמבאַרע פאַ־ריזער יידישע פעסטונג... מען הערט דאָרט דעם וואָלף כייקינען מער, ווי בן־גוריונען אַליין, ווי זיי האָבן זיך דאָרט אין וויץ געהאַט אויסגעדריקט. דאָס אַלץ איז, דורך אַן אומגעזעענעם פּלאָנטער, עפּעס אויך פאַרמישט געווען מיט דער קלוגער, פאַרכאַפּנדיק־רעפּרעזענטאַטיווער טאַטיאַנאַ איסאַ־קאָוונאַ, מיטן דורכגעטריבענעם ווינקל־אַדוואָקאַט וואָלפער, וואָס איז אומ־באַדינגט געגאַנגען אויף זיין לעבן, אויף זיין טעטיקייט. ער האָט דעם ייד מער נישט פאַרטראָגן. אָבער אַזוי אָפן האָט מען עס פונדעסטוועגן נישט געקענט אַרויסוויזן.

דעם אַדוואָקאַט וואָלפער, וואָס איז מיט זיי אַזוי פּאַרטייעט מיטגעפאָרן, האָט ער דאָ באַלד אויפן אַנדערן טאָג ערגעץ געהאַט פאַרלוירן. יענער איז נאָכאַנאַנד אַרומגעשוווּמען אין די אינסטיטוציעס, האָט זיך לסוף דערשלאָגן און איז פאָרט אויפגענומען געוואָרן פון אַ מיניסטער. דער „דבר״ האָט צומאָרגנס אַפילו געבראַנגט אַ וויכטיקן געשפּרעך מיט אים און אויך זיין בילד. וואָס ער האָט דאָרט אַלץ נישט אָנדערציילט דעם זשורנאַליסט — ממש וואונדער; פון די וויכטיקע זאַמלונגען, איינפלוסן, אַקציעס און אויפ־טוען, וואָס זיי האָבן דאָרט אַלץ אָוועקגעלייגט אין פּאַריז. מיכלסאָן האָט געלייענט און געשמייכלט. ס׳איז טאַקע געווען נישט מער ווי צום לאַכן. אָבער אַביסל האָט עס אים פאַרדראָסן אויך. וועגן זיין קומען אין לאַנד אַריין זענען דאָ און דאָרט קוים געווען אַ פּאָר מאָ־

גערע שורהלעך, פֿאַרוקט ערגעץ אין אַ ווינקל. אָבער טאַטיאַנאַ איסאַ־קאָוונאַ... לייענט דאָך נישט קיין העברעאיש. אין דעם האָט ער אפֿנים פֿאַרגעסן, דאָס געלע אַדוואָקאַטל... אַפֿילו זי וואָלט אים באַלד געכאַפּט ביי די גוזמאות. אַ ייד האָט פֿונדעסטוועגן די חוצפּה. ער, למשל, וואָלט נאָך עפּעס געהאַט צו דערציילן און אפשר גאָר — צו פֿאַרשווייגן, אַז אין פּאַריז, צווישן די פּאַריזער יידן, האָבן מיר גאָרנישט אַזאַ שטאַרקע דעה, ווי ער באַרימט זיך דאָרט. מילא, זאָל זיין...

ער איז די לעצטע טעג אַרומגעגאַנגען אַ צעטראָגענער, אַ פֿרעמדער איבער די תל־אביבער גאַסן. ס'זענען געשטאַנען ווייסע, חמימהדיקע טעג, כאָטש ס'איז שוין געווען אַרום סוכות צייט. מענטשן האָבן אינדערפֿרי גע־זאָגט, אַז היינט איז אַ חמסין, און ער האָט, פֿאַרקערט, געפֿילט ווי אַ מין אָנגענעמע, ליבע וואַרעמקייט נעמט אים אַדורך אַלע זיינע געעלטערטע, דורכגעפּרווירענע עצמות. צופֿיל אַריינקלערן האָט ער שוין מער נישט געוואָלט. שבת אינדערפֿרי האָט ער זיך עקסטרע אויסגעקליבן, אָוועקגע־שטעלט זיין אייביקן באַגלייטער, דעם שירעם־שטאָק, און איז אַוועק אָנ־קוקן די גרויסע שטאָט־שול אויף רחוב אַלענבי. ס'איז נאָר געווען אַ נחת אָנצוקוקן. שבתדיק־צוגעפּוצטע יידן מיט טליתים־זעקלעך, זענען אַריין און אַרויס. די גאַסן אַרום — ריינלעך־צוגעקערט, ווייניק אויטאָס. עפּעס גאָר אַ וואַזשנער חזן, האָט מען דערציילט, האָט דאָרט דעם שבת געדאַוונט פֿאַרן עמוד. ער האָט נאָך געהאַט בדעה אַראָפּצוכאַפּן זיך צום וויכטיקן צו־זאַמענקום פֿון קיבוץ־ראַט אין עמק, אַ פּאָר טון נאָך אַמאָל קיין ירושלים. אין דער הסתדרות־קולטור־צענטראַלע, ווו ער איז אַרויף אָפּגעבן שלום זיין אַלטן גוטן פֿריינט מענקעס, איז אים ווידער עפּעס אומגעריכט צע־שטערט געוואָרן.

— שאַ, מיכלסאָן — האָט אים יענער באַגעגנט — מיר האָבן דאָך, הער איך, עפּעס זייער וואַזשנע געסט פֿון פּאַריז... עפּעס איינע אַ דאַמע...

ביי מיכלסאָנען האָט אַ ציטער געטון די געדיכט־פֿאַרוואַקסענע ברעם.

— געהערט... זיי זענען אַרויסגעפֿאָרן מיט דריי וואָכן צוריק אַן ערך. מיר האָבן זיי אָנגעיאָגט. מיר דאַרפֿן זיך דאָ טאַקע באַגעגענען... זייער וויכטיקע ענינים... — האָט צולעצט געמאַכט אַ זייער סודותדיקע מינע, אונטערגעהוסטלט און אָפּגעהאַקט.

אַפֿנים, האָט ער איינגעפֿונען, אַראָפּגייענדיק פֿון אים, אַז ער האָט זיך טאַקע שטאַרק געעלטערט. נייז, נישטאָ די פֿלינקייט, וואָס אַנדערע פֿאַר־מאָגן איצט. נייע מענטשן, נייע פּנימער; און צו בן־גוריונען איז מער נישט צו דערשפּאַרן זיך. אַנדערש האָט ער גאָרנישט גערעכנט, ווי דען? דוכט זיך, אַן אַלטער באַקאַנטער. וויפֿל מאָל איז אויסגעקומען צו זיצן צוזאַמען

אין די קאָמיסיעס, אין די סוב־קאָמיסיעס, אויף די פּאַרטיי־צוזאַמענפאָרן, אויף די קאָנגרעסן. אַצינד האָבן זיי, די פלינקע לייט, דעם צוטריט. רעאַל־פּאָליטיק, ווי זיי רופן עס. נו, מילא... איבער די גאַסן פון תל־אביב האָט ער זיך געננוג געקענט צוזען און צוהערן, וואָס דאָס אָנגעלאָפענע און איינגעזעסענע פאָלק זאָגט. כמעט יעדעס ווינקל איז אים שוין באַקאַנט געווען, כאָטש ער האָט דאָ דעם ערשטן מאָל געשטעלט זיינע טריט. אין די פאַרביטערטע און בייסיקע רייד פון גרויען, אָנגעלאָפענעם פאָלק, וואָס האָט געווימלט אויף די ווייסע, פאַרחלשטע גאַסן, כמעט אָן אַ ביסל גרינס, אָנגעגליטע אין דער שווערער חמימה, האָט ער שיעור נישט דערזען אַלץ, וואָס דאָס אַביסל אייביק־סקעפּטישע פאָרגעפיל האָט אים נאָכאַנאַנד אונטערגעזאָגט. דער ביטערער און בייסיקער פאָלקס־הומאָר זייערער. ער האָט פונדעסטוועגן אַליין האַרציק אריינגעלאַכט אין די שיטערע, גרויע וואָנסן אַריין; און דער הויפּט־בעל־דבר פון כמעט אַלע וויצן איז געווען טאַקע ער, בן־גוריון אַליין. נישט אומזיסט אפשר, איז אים דורכגעפלויגן...

דאָס לאַנד, די לאַנדשאַפט, איז נאָך אַלץ געווען נאַקעט, מדברדיק אין אַלע זיינע חושים. דער בריענדיקער חמסין־ווינט יאָגט אָן אין רוקן אַריין. אַ שווערע, פייכטע דעמפּיקייט דריקט דעם מוח, די שלייפן. די לייט פאַרלענען שנעל די שויבן, לאָזן אַרונטער די לעדלעך פון אויטאָבוס, דער הייסער זאַמד־ווינט, וואָס קומט פון די מדבריות, זאָל נישט אַרייניאָגן, כאָטש אינעווייניק איז אַ דערשטיקעניש. די מענטשן קענען גאָר, דוכט זיך, נישט זיין העפלעך, אַ שמייכל טון. דאָס מויל, דער פאַרטרוקנטער גומען, לייגן זיך נישט צו אַזאַ גרימאַסע. דער גוף איז מיד, פאַרחלשט און די פיס פאַלן קוים צו אין אַ ווינקל. מען הייבט זיך נישט סתם אויף אָפּצוטרעטן דאָס אָרט אַן עלטערן מענטש, אַפילו אַ מאַמע מיט אַ פּיצל קינד אויפן אָרעם, אַ פרוי אין די הויכע חדשים, מיט אַזאַ שווער געמיט פון פאַרטיידיקן זיך אַליין, נאָך אַ געיאָגטן און געפּלאָגטן טאָג.

אויך אין דער מעברה פון חולון, דאָ באַלד, אַ טריט פון תל־אביב, איז ער מער נישט געקומען אין קיין אָפיציעלער דעלעגאַציע. ער האָט מיטאַמאָל זיך אַליין דערזען קאַמיש אין דער אָפיציעלקייט; ס'איז סוף כל סוף, האָט ער זיך געזאָגט, אויך נישט ערלעך. ער האָט זיך מער נישט געוואָלט לאָזן פירן און נישט לאָזן זיך ווייזן און דערקלערן. ער ווייס וואָס דאָס הייסט. כאָטש דער געלער יונגערמאַן איז דער לשכה פון דער הסתדרות האָט אים דאָרט מער נישט אָפּגעלאָזן. ער האָט שוין דאָ אָבער אַליין אויך געקענט אַלע וועגן. ער האָט געשטאָלפּערט מיטן שירעם־שטאָק צווישן די טיפע זאַמדן און בלעכערנע הייזלעך, ווי הינטישע בודעס, פון פאַרלאָזענעם אַראַבישן דאָרף, צווישן די שטעכעדיקע קאַקטוסן, פאַרהאַלטן זיך

ביים אָפענעם פענצטער פון אַ באַראַק און פון צופיל ליכט, האָט ער נישט באַלד געקענט עפּעס דערזען אינעווייניק. ביסלעכוויַיז האָט זיך פון דער שאָטנדיקייט אויסגעשיילט דער שויבערדיקער פלעק פון אַן עלטערן ייִד מיט קליינע, רויטלעכע אויגן, דעם קאָפּ אַריינגענומען צווישן ביידע בלייכע, אָדערדיקע הענט, זיצנדיק אויף אַ דאַר פעלד־בעטל. אַ ווייבל מיט דיק־לעכע, זינלעכע ליפּן האָט אין דער היץ איבערגעבונדן אַן עופהלע; ס'קינד האָט זיך שוואַך און פאַרמאַטערט געריסן מיט אַ פאַרבלויט פּיסקל.

— נאָכוואָס די אַלטע לייט דאָ? — האָט ער זיך פּלוצים אויסגעדרייט און אַ פרעג געטון אויפגערעגט ביים געלן יונגערמאַן, וועלכער איז היינ־טער אים אויסגעוואַקסן, ווי פון אונטער דר'ערד אַרויס — טאַקע, נאָכוואָס, פרעג איך? ווער, כ'בעט אייך, באַדאַרף זיי דאָ צו האָבן?... נישט אַלע, פונדעסטוועגן, קומען דאָך אַהער שטאַרבן, אין אונדזער הייליקן לאַנד אַריין, ווי?...

# 15

די שיף, וואָס האָט דעם צווייטן, אָדער דעם דריטן מעת־לעת גע־שניטן די גרינגע און בלויע וואַסערן פון מיטללענדישן ים, איז געווען אַן אַלטע, איבערגעפּאַרבטע איטאַליעניש שלעפּ־שיף. זי האָט אויפגעהויבן דעם אַנקער אין קליינעם פּאָרט פון חיפה, אינמיטן דעצעמבער, ווען איבערן שמאָלן לאַנד־פּאַס זענען שוין געהאָנגען די ווינטערדיקע שלאַקס־רעגנס, כאָטש טעג זענען נאָך דווקא געשטאַנען העלע, בלענדיקע, פול מיט לעבלעכן זון־גאָלד. מיטאָג־צייט האָט עס שאַרף און טראָפּיש־שווער אַ ברי געטון און ס'איז נאָך אַלץ געווען דורכזיכטיקע לויטערקייט אין דער לופט, אַז מ'האָט ביז טיף־אַראָפּ געזען אויסשפּרייטן זיך דעם בלויען, האַלב־רונדיקן איינגוס, ביז עכו; אין דער ווייט האָט די אַלטע היסטאָרישע פעסטונג אויפן פעלז געשימערט ווי אַ מחנה גלי־פליגעלעך אין דער היי־סער, שפּעטער זון.

דאָס גרויע הייפל עמיגראַנטן איז אין אַ וואָכעדיקן נאָכמיטאָג פאַר־זאַמלט געווען אין די בלעכערנע פּאָרט־האַליעס, וואָס זענען נאָך פאַר־בליבן אַזוי שטיין פון די מיליטערישע טראַנספּאָרט־לאַגערן בעת דער ענגלישער מאַנדאַנטן־מאַכט, מיט ווייניק געפּעק און מיט אַ שאָטן פון אומבאַשטימטן אומרו אויף די מידע פּנימער. די יידישע באַאַמטע הינטער די לאַנגע טישן האָבן דאָרט אָנגעמאַכט עפּעס אַ גאַנצע גראַטשקע און אָן אַ שיעור, לחלוטין־איבעריקע פאָרמאַליטעטן, אויספרעגענישן, רעווידירט אפשר אַ מאָל צוואַנציק די פאַרשידענע סאָרטן פּעסער מיט די פרעמדע שטעמפּלען און וויזעס אויף די פאַרפּאַטשקעטע בלעטלעך. ס'איז באַלד געווען צו דערקענען, אַז זיי זענען נאָך נישט גאַנץ געניט אין אָט דער, געוויינלעך נישט־יידישער, מלאכה. איינציקווייז האָט מען די גרויע פּאַ־סאַזשירן דורכגעלאָזן דאָס באַוואַכטע טירל, צום אָפּענעם, אָפּגעליידיקטן

פעראָן, ווו די קליינע, 7־טויזנט־טאָניקע שיף האָט שוין באַצייטנס פאַר־שמירט דעם הימל מיט קנוילן רויך, גערעוועט און געסאָפּעט. פון אויבן האָט די שיף־מאַנשאַפט שוין געהאַט אַראָפּגעוואָרפן די הענג־בריקלעך, די באַריערעס. אַ קליינער דאַמפער האָט באַלד דערלעבן גערוישט, אָנגע־לאָדן ברען־שטאָף דורך די רערן. די הויב־מאַשינען האָבן אַלעמאָל פלינק אַ כאַפּ געגעבן אויף די שנאָבלען אַ בינטל אָראַנזשן־קעסטלעך און די טיפענישן פון דער שיף האָבן זיי באַלד אַראָפּגעשלונגען.

ס'איז אויך געווען עפּעס אַן אומרו און אַ צערודערונג ביי די יידישע שיפס־לייט. זיי האָבן זיך נאָך דעמאָלט געפילט אַביסעלע פרעמד אין די ביייע אוניפאָרמען; נאָר די קליינע, פאַרשמירטע איטאַליענער, וואָס האָבן געדינט אין דער קעסל־אָפּטיילונג, אין דער קיך און ביים טראַנספּאָרט, האָבן מיט פאַרשפּיצטע וואָנסעלעך, ווי אַ קוילן־שטריך, מיט פייערדיקע אויגן, נאָכגעבליקט די עטלעכע בלייכע מיידלעך, וואָס האָבן זיך דאָ גע־פונען צווישן פרעמדן, אָנגעטריבענעם עולם. קיינער האָט זיך שוין אין דעם שפּעטן נאָכמיטאָג נישט דערוואָרט ביז די שיף וועט אַרויסרירן פון קליינעם פּאָרט. די אויבערשטע בריקלעך האָבן זיך, מיטן צופאַלן פון פריען אָוונט, גיך אָפּגעליידיקט. די צעשאָטענע שטאָט, וואָס איז געשטיגן אַלץ העכער, ביזן הרי הכרמל, האָט אין אָנגעפּאַלענעם בלוי געמיניעט מיט אַן אַ שיעור בלענדנדיקע פייערן און פייערלעך.

ווען מ'איז צומאָרגנס אינדערפרי אַרויסגעקראָכן פון די פאַרשטיקטע קאַיוטע־צימערלעך צום מיטל־דעק, אויפן קלונג צום פרישטיק, איז מען שוין געווען ווייט אָפּגעפאָרן פון ברעג. פונדערווייטנס האָט זיך געצייכנט דער בלייכער פּאַס פון עפּעס אַן אינזל. מעווערס האָבן זיך שטום מיטגע־וויגט איבער די גרינע פאַליעס, צערודערט פון דער שיף. אַ קליינע, קילע זון איז געהאָנגען איבערן נידעריקן האָריזאָנט. די עטלעכע פּאַסאַזשירן אויפן מיטל־דעק האָבן זיך פרעמד אַרומגעקוקט, אויפגעשטעלט די קעלנער און אויסגעטוישט אַ פּאָר קאַרגע ווערטער. קיין איבעריקע באַגייסטערונג פאַר דער ווילדער שיינקייט איז ביי קיינעם סיי־ווי נישט געווען צו באַ־מערקן. אַלע האָבן אָבער געפילט, אַז מען דאַרף זיך גאָר אַצינד איינער פאַרן אַנדערן פאַרענטפערן — כאָטש מ'האָט זיך נאָך כמעט נישט געקענט — פאַרוואָס און נאָכוואָס, אייגנטלעך, האָבן זיי פאַרלאָזן דעם ברעג, פון וועלכן מ'האָט זיך איבער נאָכט היפּש דערווייטערט; און צוליב וואָס לאָזט מען זיך אַצינד אויפסניי צו די קילע, נעפּלדיקע ברעגן פון איראָפּע. ס'האָט טאַקע גלייך גענומען שפּריצן אַ דינער, שטעכיקער רעגן. די פאַר־איינזאַמטע לייט האָבן זיך צוריק פאַרשטעקט אין די העקן, אונטער די אָפּדעכלעך, צווישן די אַנקער־שטריק און סמאָלע־פעסער. די נידעריקע

האריזאנט־קאנטורן זענען פארווישט געווען אין נעפל און ס׳האט זיך מיט־אמאל געדוכט, אז שוין לאנג, זייער לאנג, ווי מ׳האט קיין ערד נישט אנגעקוקט.

די דריי פאריזער יידן, חיים מיכלסאן, דער אדוואקאט וואלפער און דער פלוטעוואטער אורעמעלע, האבן זיך צוריקוועגס ווידער צוזאמענ־געטראפן אויפן מיטל־דעק, אין זעלבן שמאלן קארידאר, צווייטע קלאס. ס׳איז אומגעריכט היימלעכער געווען, ווייל צוריקוועגס איז דא געפארן גאר אן אנדער מין עולם. ווייניקער טומל, ווייניקער געזאנג, ווייניקער התלהבות. די יונגעלייט און די מיידלעך האבן דעמאלט, דערנענטערנדיק זיך צו די ברעגן פון לאנד, ביזן פארטאג מיד געמאכט די אויערן מיט זייערע עקסטאטישע הוירא־טענץ, מיט די מאנאטאנע, בענקענדיקע לידער פון עמק, פון נגב און פון גליל. אצינד איז דא געווען מאדנע קלינגענדיק־שטיל און אויסגעשטארבן אויפן מיטל־דעק, ווי מ׳וואלט לאנגזאם גע־שווומען אין אן אומבאקאנטן, פארכישופטן נעפל אריין. אין די ציכטיקע קארידארלעך פון ערשטע און צווייטע קלאס האט מען באלד געקענט אונ־טערשיידן די מלוכהשע און פארטייאישע פקידים, די דעלעגאטן און די פארשטייער, וואס זענען אוודאי געפארן אין אלערליי וויכטיקע מיסיעס קיין אויסלאנד. זיי האבן מייסטנס אנגעפילט דעם קליינעם באר פון מיטל־דעק, ארומגעדרייט זיך שטייפלעכע, וויכטיקע און ס׳איז געווען צו מערקן א מין משפחהדיקייט צווישן זיי מיט די העכערע שיפס־לייט אין די אפי־צירן־אוניפארמען. די ארעמלעכע טוריסטן און די צוריקוואנדערער זענען, נאטירלעך, פארפאקט געווען אין די ענגע קאיוטעס, אין די טוכלע קעלער־צימערלעך פון דריטע קלאס. צווישן זיי זענען אויך מיטגעפארן עטלעכע שליחים פון די קיבוצים. זיי זענען געשיקט געווארן איינצוקויפן די נויטיקע מכשירים, רוי־שטאפן און מאשינען פאר דער היימישער ווירטשאפט; שטילע, איינפאכע, פראקטישע מענטשן. ביים עס־טיש איז גלייך געווען צו מערקן, אז זיי פארצערן צו־זשעדנע די באטעמטע שפייזן, וואס זענען אין לאנד לעצטנס מער נישט אזוי לייכט געווען צו באקומען.

אויף אלעם, א שטייגער, האבן זיי זיך דא געקענט ריכטן, די דריי פאריזער יידן, אבער אויף דער אומגעריכטער אנוועזנהייט פון טאטיאנא איסאקאוונא, האבן זיי זיך אוודאי נישט אנגעהויבן צו ריכטן. נישט אפשר אלע דריי; ווייל, צוריקגערעדט, האט אפשר מיכלסאן יא באדארפט צו וויסן. עפעס האט ער יא געהערט א מורמל. ער האט נאך אלץ מיט אומבאשטימ־טער בענקשאפט פארגעדענקט יענעם לעצטן אוונט, דעם אומפארגעס־לעכן קאנצערט פון דער געעלטערטער יידיש־רוסישער זינגערין. אבער פון זיין פארשלאסן פנים איז דא אצינד סיי ווי שווער געווען עפעס ארויס־

צולייענען. ער האָט געפּינטלט מיט די מידע אויגן אונטער דער ברילן, אַרומגעדרייט זיך אַ שטאַרק פאַרמוחטער אויפן מיטל־דעק אין זיין העל־געשפּריצטן טוריסטן־אַנצוג, מיטן שטרוי־הוט, כאָטש דער נידעריקער הימל איז געווען פינצטער, גרוי און פאַרשלאָסן.

אין לעצטן פאַרנאַכט, פאַרן אָפּגיין פון דער שיף, האָט שוין מער איינער דעם אַנדערן גאָרנישט באַמערקט. יעדער איינער איז דאָרט געווען צערודערט, פאַרטון מיט זיך. דורכן שמאָלן טירל פון די פאָרט־האַליעס איז אָן אויפהער געפלאָסן דאָס גרויע שטראָמל פאַסאַזשירן. זיי האָבן נאָך דאָרט פאַרמאַטערט מיט די לעצטע פאַספּאָרט־קאָנטראָלעס.

חוץ דעם, האָט זיך דאָרט אַדוואָקאַט וואָלפער אַזוי פאַרפלאָנטערט מיט די וואַזשנע פּראָטעקציעס און מיט די וויכטיקע אויפנאַמעס, אַז ער האָט טאַטיאַנאַ איסאַקאָוונאַ אינגאַנצן פאַרלוירן פון בליק. ס'איז אויך אַביסל נישט אָנגענעם געווען אָנצוטרעפן זיך אויג־אויף־אויג מיט מאָרגענען, וועלכער האָט דאָרט, זעט אויס, געהאַט זיינע אומגעזעענע שומרים. עטלעכע מאָל איז אים אויסגעקומען צו וואַרטן ערגעץ הינטער טירן, ווי אַ יינגל; ווי האָט עס אים דען געפּאַסט פאַראַ אַזאַ איידעלער דאַמע? מ'האָט אים אָנגעקוקט פאַרדעכטיק, פון אויבן־אַראָפּ און ער האָט באַלד דערפילט מיט וואָס עס שמעקט. דעמאָלט האָט ער אויך שוין מער נישט געוואַגט אָנצו־קלינגען צו בן־צבין אין דער ווילע אויפן הר־הכרמל. צי האָט זי דען נישט פאַרשטאַנען, די כיטרע טאַטיאַנאַ איסאַקאָוונאַ? דאָרט, אין פּאַריז, איז עפּעס אַנדערש... ער האָט אין די לעצטע טעג אויך, אויסער אַלעמען, גע־נומען שטאַרק ליידן אויפן מאָגן, אויף דער לעבער. און ווען מיכלסאָן האָט אים צום לעצטן מאָל אַ קלונג געטון:

— מיר קלייבן זיך אין וועג אַריין?...

האָט ער קיין סך נישט איבערגעקלערט און באַלד איינגעשטימט.

אויך מיט מיכלסאָנען איז אַוודאי נישט געווען אַזוי איינפאַך. אינ־מיטן פון אָט דער גאַנצער היסטערישער פרייד־ספּאַזמע, האָט מיכלסאָן זיך גאָר אומגעקערט צו די ברעגן פון אייראָפּע אַביסעלע אָן אָפּגעקילטער. אַלע אַרום זענען נאָך געווען שיכורלעך פון די נצחונות, אָבער ער האָט קלוג דערזען, אַז די אויסניכטערונג וועט באַלד קומען, מוז קומען. אַליין אָבער האָט ער זייטיק באַמיט זיך אויסצובאַהאַלטן זיין שטילע צופרידנקייט צוריק אומצוקערן זיך צו דער פרעמדער, ווייטער, נישט־יידישער שטאָט אין אייראָפּע. ס'איז פאַר אים מיטאַמאָל געווען צופיל זוניקער בלענד איבערן רחבותדיקן, בלויען איינגוס צווישן חיפה און עכו. אויף וויפל אָט די בלויע ברעגן האָבן אים אַלע יאָרן נישט געלאָקט מיט יענע ראָמאַנטישע בלענד־פייערן פון חומש נאָך, האָט ער שטאַרקער ווי אַלעמאָל דערשפּירט

די נאַגנדיקע הײם־בענקשאַפט, דווקא נאָכן קאַלטן פּאַריזער דעצעמבער־רעגן, נאָך דער לײכט־פּאַרשוווּמענער שטאָט אין בלױלעכן נעפּל ערב בײ־יאָר. אין דער שורה ליכטיקע שויבן פון זײַן גערוימער דירה, אויפן העכערן טײל פון דער שטאָט, האָט דורכן בלױלעך־נעפּלדיקן אַוויר אַרײַנגעקוקט דער סקעלעט פון װײַטן אײפל־טורעם, די נאָטער־דאַם־קאַטעדראַלע, די אָבסערוואַטאָריע און דער וואַלד פּאַבריק־קוימענס פון די אָפּגעלעגענע פּאַרשטעט. מאָדנע, ס׳איז געװען פײַנלעך פֿאַר זיך אַלײן מודה צו זײַן, אַז יענע װײַטע לאַנדשאַפט, הינטער די בלױע, זוניקע, מיטללענדישע האָריזאַנטן, אין קילן צפון, איז גאָר זײַן הײם, צו װעלכער ס׳ציט אַזױ שטאַרק צוריק. ס׳איז געװען װי אַ פיבער־קראַנקן, װעמען עס ציט צוריק צו אַן אויסגעוואַרעמט בעט, אונטער אַן הײמישן באַלקן.

ער האָט דערבײַ, נישט אָן פלאַטער, אַ טראַכט געטון װעגן דער הײם זײַנער, װו עס בלאָזט אַן אומעטיקער װינט, װעגן די צװײ אונטערגעװאַקסענע מײדלעך, די גויש־אָפּגעפרעמדטע, װעלכע צירן זיך דאָרט לויטן לעצטן שיק פון די אַלע דינע, אײַנגעצױגענע פּאַריזערינס, טומלען זיך ערגעץ אַרום אין לאַטײנישן קוואַרטאַל. זײ אינטערעסירט כלל נישט זײַן װעלט. ס׳האָט אים מיטאַמאָל אויך אַרומגעכאַפּט אַ שאַרפער עלנט צו די שײנע רוקן־אײַנבענד פון די „כל כתבי חיים נחמן ביאַליק ושאול טשערניכאָווסקי״, װאָס שטײען דאָרט אין שויבן־שענקל בײ אים אין קאַבינעט, נישט אַרומגעשטויבטע, װי פּאַרזיגלטע; צו דער זילבערנער, זיבן־רעריקער מנורה. הײסט עס, אַז אויך ער, זײַן גזע פון יוסטע, יחוסדיקע ײדן, װעט סוף כל סוף בײשטײערן אַן עלעמענט צום קאָסמאָפּאָליטישן שמעלץ־טאָפּ פּאַריז, צו דער אַלטער קולטור פּראַנקרײכס. אַזױ באַקומט זיך; און אַז עס פּירט דערצו, אין דעם איז ער אַצינד זיכער געװען. נײן, דערפון איז עפּעס קײנמאָל נישט אויסגעקומען צו טראַכטן. ער האָט גאָר אָנגעהויבן צו צװײפלען אין דעם גאַנצן ענין — ײדיש װעלט־פאָלק. די ײדישע היסטאָריקער, װאָס האָבן געבויט פעסטע, זיכערע געבײדעס אויף דער דאָזיקער טעזע — האָט זיך אים מיטאַמאָל אָנגעהויבן צו דוכטן — האָבן נעבעך געבלאָנדזשעט, האָבן זיך ביטער טועה געװען. פאָלק — װאָס איז, נאָך אַלעמען, פאָלק ?...

מיט אַזעלכע פרעמדע, פאַרבאָרגענע געדאַנקען האָט ער זיך אין די ערשטע צװײ טעג אַרומגעדרײט אויפן מיטל־דעק; אָט אַזעלכע װײַטע פאַרדאַכטן האָבן אים נישט אָפּגעלאָזן, געמאַטערט.

אַראָפּגעכאַפּט האָבן זײ זיך אַלע דרײ אַביסל קײן ישראל אויף די יום־טובים — אַ קוק טון, אַ שמעק געבן די לופט. און צי איז עס נישט געװען אויך דער אומגעריכטער פּלי פון טאַטיאַנאַ איסאַקאָװנאַ מיטן מיסטער

מאַרגען? ווי וויבער קענען אַמאָל פּאַרפּירן... — האָט ער אַלץ אָפּגעריסן געטראַכט און ס׳איז אים מיטאַמאָל פּאַרגעקומען זייער קאָמיש, וואָס אָט דאָס אַלץ האָט טאַקע אַ שייכות צו אים, צו אים פּערזענלעך... המ... מאָדנע... ער האָט זיך אָפּגעווישט דעם קאַלטן שטערן, ווו ס׳האָט זיך אָפּגעזעצט אַ דינער, פּוכיקער טוי.

וואָס מ׳האָט זיך אין יענע עטלעכע חדשים אַלץ נישט אָנדערציילט און אָנגעהערט, באַלד נאָכן רומפּולן מיליטערישן נצחון. אַלץ איז נאָך גע־שטאַנען אין ווערן, הפקר. מ׳האָט עס אַלץ באַדאַרפט אָנצוקוקן מיט די אייגענע אויגן. געפאַרן איז מען אויף אַ דריי־פיר וואָכן, נישט מער, אָבער פאַרצויגן האָט זיך עס געווײנלעך ביז אַרום חנוכה. ווען מען האָט עס דען דעמאָלט נישט אַ צי־געגעבן אָנצוקוקן דאָס לאַנד? געצויגן האָבן טאַקע דער עיקר די אויסגעוואָרצלטע יידן פון די לאַגערן און פון די צופעליקע, זייטיקע האָטעלן אין פּאַריז. עס זענען אָבער אויך געפאַרן מענטשן, וואָס האָבן געהאַט אין געדאַנק צו אינוועסטירן אפשר זייערע אָפּגעשפּאָרטע פאַרמעגנס אין הייזער, אין אונטערנעמונגען, אין אינדוסטריעס. אויסער דעם, איז פאַר געוויסע, ווי פאַרן פלוטעוואַטן אַווראַמעלע, סתם געווען אַ גלענצנדיקע געלעגנהייט פאַר אַ ביסל מסחר — וואַלוטע, ראַדיאָס, אייז־קאַסטנס, עסנוואַרג... ס׳איז דען געווען צו דערגיין ביי אים?...

איין זאַך איז געווען קלאָר — דער אַביסל פלעגמאַטישער, חשובער כלל־טוער מיכלסאָן איז פאַר אַלעם געפאַרן אין וויכטיקע שליחותן; נו, נישט אַלץ אָבער גיט זיך אַזוי לייכט איין. ער האָט אָפּנים נישט געטראַכט, אַז עס זענען דאָ פלינקערע פון אים; האָט ער דערפאַר צוגעשוויגן. און אפשר נישט בלויז צוליב דעם.ביים אַדוואָקאַט וואַלפער, דעם דורכגע־טריבענעם פוקס אין דער פאַריזער האַנדלס־קאַמער, איז אוודאי קיינמאָל געווען נישט געווען צו דערגיין. ער האָט אין פאַריז געהאַט שטאַרק־פאַר־צווייגטע פאַרבינדונגען אין די ראַדיקאַלע און סאָציאַליסטישע קרייזן און צום ציוניזם האָט עס אים מיטאַמאָל געבערענגט ערשט אין די סאַמע לעצטע פאַר־היטלער־יאָרן, ווען פיל פון זיינע בעסטע פריינט אין טריבו־נאַל האָבן אים מיט איינמאָל אויפגעהערט צו גריסן, מער נישט דערלאַנגט אים די האַנט. דאָ האָבן שוין קיין שום חכמות און דריידלעך מער נישט געהאָלפן. אַצינד, צוריקקוועגס, האָט ער זיך ווידער געוואָרגן מיט די ביי־טערע אמתן. ער האָט דאָ ביים טישל אין קליינעם באַר אויפן מיטל־דעק גערעדט מיט זייער וויטע, אויסגעדאַכטע אָנצוהערענישן:

— זיי מיינען דאָך אַלע — האָט ער, ווערגנדיק זיך מיטן ביטערן גע־לעכטערל, קלוג געלאָזן פאַלן — אַז ס׳איז דאָרט כאַטש — דער חומש... משה רבינו... לבן הארמי... הויבט זיך נישט אָן! ס׳איז נאָך אַלץ אַ קאָלאָ־

ביאַל לענדל, מיינע פריינט, וואָס הייבט ערשט קוים אָן צו זשיפּען... מען דאַרף זיי קענען, אַזוי ווי איך, די ענגלענדער און די ירושה, וואָס אַזאַ אַלטער קאָלאָניאַלער וואָלף קען איבערלאָזן... נישט קיין גרויסע זיבן זאַכן; און אונדזערע טייערע יידעלעך, זאָלן מיר אויך געזונט און שטאַרק זיין...

דער פּלוטעוואַטער אַוורעמעלע, וואָס האָט אין פּאַריז, ביים דייטש, געמאַכט נישט קיין שלעכטע געשעפטן, האָט אָבער נישט אויפגעהערט צו פּלאַפּלען און ליאַרמען וועגן „גרויסן נאַציאָנאַלן אויפבוי־ווערק", וועגן די גלענצנדיקע אויסזיכטן אויפצובויען טוריסטן־האָטעלן אויפן הר־הכרמל, וועגן עפּעס אַ פאַרצווייגטער טעקסטיל־אינדוסטריע אויפן נאָענטן מזרח. אַפילו דאָ, אויף דער שיף, האָט ער נישט איינגערוט.

— טומלט כאָטש נישט, כ'בעט איך, אַרום אַזויפיל, יונגערמאַן — האָט אים מיכלסאָן, פאָטערלעך אונטערבייזערנדיק זיך, זייטיק און צוריק־געהאַלטן געצהט — ס'וווּנדערט מיר פונדעסטוועגן פון איך... כאָטש מ'האָט מיר דערציילט, אַז איר פירט אייערע געשעפטן אין פּאַריז גאַנץ געשיקט...

— ס'איז די העכסטע צייט, פריינט מיכלסאָן — איז יענער נישט אָפּ־געשטאַנען — צו וואַרפן אַלע כוחות פאַרן לאַנד... די מדינה נויטיקט זיך קודם כל אין נייער, יונגער ענערגיע...

— נאָכוואָס די רייד? — איז מיכלסאָן שוין געוואָרן אומגעדולדיק — צי פאַרשטייט איר דען... נאָכוואָס־זשע, למשל, פאָרט איר אַליין צוריק, ס'הייסט... מיט ליידיקן? סתם רייד... ווערטער... דאָס פעלט נישט. אָט — מעשים...

יענער האָט אים אָבער מער נישט אויסגעהערט. די פּלוטעוואַטע אויגן האָבן זיך אים הייס געדרייט אונטערן שטערן. ער האָט נישט געקוט. דאָ האָט ער זיך ווייניקער געדרייט אַרום דעם חשובן ייִד, ווי אויף די היימישע הסיפּות אין פּאַריז. דאָ איז זיין בעסטער פריינט אומגעריכט גע־וואָרן דער טערקישער ייִד בן־סימאָן, דער פלינקער, געשטופּלטער טייוול פון די הינטערגעסלעך אין אַלטן פּאָרט פון מאַרסעיל האָט זיך, פּונקט ווי ער, געהאַט אַריבערגעכאַפּט קיין ישראל געשעפטלעך און איז אַצינד צוריקגעפאָרן אַ האַפּעדיקער, אָבער, ווי געוויינלעך, אַ פאַרטייעטער. אין קליינעם, רוישיקן באַר פון מיטל־דעק איז ער נאָר געקומען אויסטרינקען עפּעס שאַרפס, אָבער דעם גאַנצן איבעריקן טאָג, איבערהויפּט אין די פרי־צוגעפאַלענע אָוונטן, איז ער דאָרט ערגעץ אָפּגעלעגן ביי די פאַרשמירטע שיפסלייט, אין אונטער־דעק. אַוורעמעלע האָט אים דאָ כסדר אומרואיק אַרומגעזוכט און האָט אים קיינמאָל נישט געוווּסט ווי צו געפינען. מיט זיינע לאַנגע פיס האָט ער אויסגעמאָסטן אַלע שיף־ווינקעלעך, אין אַלע פאַרמאַכטע טירן האָט ער אָנגעקלאַפּט. ער האָט שוין געקענט אַלע באַ־

אַמטע פון אַלע אָפּטיילונגען, ביז צו די שיף־קוכערס; און דעם קאַפּיטאַן אַליין, אויפן אויבערשטן בריקל, האָט ער יעדן פּרימאָרגן אַנטקעגנגעטראָגן אַ פּייערלעכן „שלום".

דער יידישער קאַפּיטאַן האָט דאָ אין אַלעמענס אויגן ווירקלעך אויסגעזען ווי אַן אַלטער, דורכגעטריבענער ים־וואָלף. כאָטש אין זיין נייעם מונדיר מיט די גלאַנציקע קנעפּ, מיט די גאָלד־בענדלעך און נייע מגן־דוד־עמבלעמען, האָט פון ענג־פאַרשפּיליעטן קאָלנער אַרויסגעקוקט אַן אָפּגעברוינט, געקאַרבט פּנים, צעאַקערט פון געזאַלצענע ים־ווינטן. מ'האָט זיך פונדעסטוועגן געפילט אַביסל זיכערער מיט אים, ווען דער קרומער רעגן האָט געוואַשן דאָס אַלטע, איבערגעפּאַרבטע שיפל און לייכט, ווי אַ שפּענדל, געהוידעט עס אויף די כוואַליעס אַקעגן אַ פינצטערער, וואָלקנדיקער נאַכט, וואָס האָט זיך אָנגערוקט פון מזרח זייט, פאַרוואָרפן ערגעץ אויף ווייטע וואַסערן. די פאַרדראָטעוועטע לעמפּלעך האָבן זיך געשאָקלט נידעריק איבערן קאָפּ און געוואָרפן מוראדיקע שאָטנס. אָבער די קוויטשיקע מוזיק פון די מעגאַפאָנען האָט איבערגעשריגן דעם רייסיקן ווינט.

מיטן געשטופלטן ספרדישן ייד בן־סימאָן איז צוריקוועגס ווידער אויך נישט געווען אַזוי איינפאַך. אין אַלע פאַרשטעקטע ווינקעלעך און נאָרעס האָט ער אָנגעשפּאַרט. און אָט שטייט ער זיך גאָר פּלוצים אויפן אָבסערוואַציע־בריקל, העכער פון מיטל־דעק, מיט צוויי פינגער פאַרשטעקט אין דער ווייסער וועסט, דאָס סיגאַרעטל רויכערט זיך ביי אים אויף דער דיקלעכער ליפּ, ווי דאָס וואָלט ער געפירט די שיף דורך נעפּלען, שטורעמס און שלאַקס־רעגנס. אַוורעמעלען האָט ער אָנגעקוקט טויט־ערנסט און לאַנגזאַם, אָן אַ קרום אַפילו פון דער פאַרשפּיצטער ברעם, פאַרקוועטשט ער פון געוווינהייט דאָס לינקע אויג.

— ס'איז אַזוי גוט — מאַכט ער קיל — ווי דערליידיקט... נו, און וואָס טוט זיך דאָרט עפּעס ביי זיי, ביי דיינע לייט?

— ס'איז נאָר אַ געלעכטער — האָט אַוורעמעלע בלאַס און צעשראָקן געשמייכלט — נאָך עפּעס אַ קליידל, הערסטו, יאָגן זיי זיך,ביידע אַלטע לייט...

— דו ווייסט נישט... — האָט אים בן־סימאָן אָפּגעמאָסטן איפּעריק, געבלאָזן דעם רויך פון סיגאַרעטל און גענומען רעדן פּלוצים פילאָזאָפישע רייד — אַזעלכע ווייבלעך... פאַרפירן טיילמאָל... אָ, מען קען דעמאָלט שטאַרק נישט זיין... און געלט — האָט ער פּלוצים ווייך און כיטרע אַ צייל־געטון צווישן די גליטשיקע פינגער — פאַרמאָגט זי עפּעס?...

— ס'הייסט... — האָט ער זיך געקרעקט, אַוורעמעלע — דורך איר האַנט גייען דורך, זאָגט מען, שווערע מיליאָנען...

— פאַרשטיי איך שוין... — האָט ער באַלד טרוקן אָפּגעהאַקט.
אַ מינוט האָט ער זיך דערשראָקן, אַוורעמעלע. ער האָט מיטאַמאָל דערפילט אין יענעם זיין קאָכעדיק בלוט פון אַן אָריענטאַלער. ווי נאָענט און גוט־ברודעריש ער איז נישט געווען מיט אים, האָט ער זיך אַ רגע אָפּגעטרייסלט און האָט געהאַט דאָס געפיל צו האַלטן זיך אַביסעלע פונ־דערווייטן. מען קען זיי קיינמאָל נישט וויסן, די לייט. ווי גיך ער האָט עס אָבער אָנגעטאַפּט, דער געשטופלטער טייוול... אַ פרוי... געלט... דער רוח זאָל אים נאָר כאַפּן, ווי דורכגעטריבן־קלוג דאָס איז...

# 16

פונדעסטוועגן האָט זיך אין ברוין־און־בלויען פֿאַרנאַכט קיל געגומען ליטערן. אויפֿן אויבערשטן דעק האָבן די מעגאַפֿאָנען פֿאַרליאַרעמט דעם ים מיטן פּאָפּולערן טאַנגאָ „ארצנו הקטנטונת‟, וואָס איז אין לאַנד געווען ביי אַלעמען אויף די ליפּן; דער ים איז ביז שפּעט פֿאַרהילכט געווען מיט דער טאַנץ־מוזיק פֿון די קאַבאַרעטן און מוזיק־האַלן פֿון אַלע קאָנטינענטן. דאָס איטאַליענישע מיידל מיטן פֿרעמדן פֿייער הינטער די פֿאַרוואונדערט־אויפֿגעריסענע וויעס, וועלכע האָט דאָ איינע אַליין אומגעבלאָנדזשעט אויפֿן מיטל־דעק, האָט זיך מיטאַמאָל פֿאַרגאַפֿט געגומען מיטוויגן צווישן די צופּעליקע פֿאָרלעך. זי איז צוריקגעפֿאָרן מיט איר מוטער און מיטן שטיף־פֿאָטער, אַ קליינער פּינסקער ייִד, אַ לאַגער־מענטש, אין רייטער־שטיוול, אין אַ לעדערנעם מאַנטל. ער האָט זיך נאָך דער מלחמה מיטגעדרייט אַ שטיקל צייט אויף די קאָכעדיקע ייִדישע בערזעס אין מינכען, אין גענואַ, אין מילאַן, געמאַכט דאָרט אַ פֿאַרמעגן און איז געפֿאָרן זוכן גליקן אין ישראל. דאָרט האָט ער אַלצדינג שנעל פֿאַרלוירן. האָט ער זיי דאָרט, צוריקפֿאָרנדיק, נישט אויפֿגעהערט אַלעמען צו שעלטן מיט וויסטע קללות אין זיין האַרטן פּינסקער דיאַלעקט.

ס'איז געווען יאָ נאַכט און נישט נאַכט. אַזוי ווי פֿון אונטער דר'ערד איז מיטאַמאָל אויסגעוואַקסן דער קליינער, היציקער מאַטראָס. דער ריי־רעוודיקער איטאַליענער איז געוויינלעך קיינמאָל נישט אַרויף צום אויי־בערשטן דעק מיט דער שמאָלער שווינדל־שטיג; פֿלינק ווי אַ קאַץ, האָט ער זיך געצויגן איבער די שטריק, געשפּרונגען איבער באַריערן, געדרייט זיך אויפֿן ראַנד, צווישן די מאַסטן און אָנגעבונדענע רעטונג־שיפֿלעך. ער איז געווען אין זיין יום־טובדיקן טראַכט. די דינע וואָנסעלעך זענען געלעגן אויף זיין אויבערשטער ליפּ, ווי אַ שאַרפֿער קוילן־שטריך. ער האָט זיך

אַזוי לאַנג געפּלאָנטערט צווישן די וויגנדיקע פּאָרלעך, ביז ער איז שטיינ־געבליבן צוגעשפּאַרט ביי דער פּאַרענטשע. דאָס צעקוועטשטע סיגאַרעטל האָט ער אַוועקגעשנעלט אין ים אַריין. „ראָסיטאַ — האָט ער דורכגעזיגן צווישן די בלענדיק־ווייסע ציין — כ׳האָב נישט געוווסט, אַז דו קענסט אַזוי שיין טאַנצן, ראָסיטאַ״... און ס׳איז געווען פייער אין זיין בליק.

דער פלוטעוואַטער אַורעמעלע איז נאָכן אָונט־ברויט געוויינלעך גע־קומען צוזעצן זיך צום טישל אין געמיטלעך־באַלויכטענעם באַר, אויפן מיטל־דעק. דעם גאַנצן טאָג איז ער ערגעץ נאָכגעקראָכן בן־סימאָנען, נאָר אין אָונט האָט ער זיך צוריקגעקערט צו זיינע היימישע פּאַריזער פריינט. ער איז געווען אין זיין שוואַרצן אָונט־אָנצוג, פייערלעך, שרייענדיק־עלעגאַנט, כאָטש אין אַלע זיינע באַוועגונגען איז געלעגן דער ישיבה־בחור. מיכלסאָן איז נאָך נישט געווען. דער אַדוואָקאַט ווידער האָט שטאַרק געליטן פון דער ים־קראַנקהייט. שוין דעם אַנדערן טאָג, אַז ער האָט גאָרנישט גע־נומען צום מויל. ער איז געווען איינגאַנצן געל, ווי בעת אַן אַטאַק אויף דער לעבער. אין דער היים האָט ער שוין אָבער געוווסט די אַלע היימישע מיטלען. דאָ איז ער מיטאַמאָל געווען אומבאַהאָלפן ווי אַ קינד. אַפילו דער יונגער שיף־דאָקטער האָט נישט געפונען מער קיין מיטל אים צו באַ־רואיקן. די באַקן — איינגעפאַלן, די אויגן — פאַרגלייזט, ווי ביי אַ מומיע. ער איז אַרויס פון דער קאַיוטע ערשט דעם אַנדערן פאַרנאַכט און האָט, ווי אַ פיש, איינגעשלונגען די פייכטע ים־לופט. קוים וואָס ער האָט זיך גע־האַלטן אויף די פיס. אָנשפּאַרנדיק זיך אין דער פּאַרענטשע, איז ער מיט די טרעפּלעך אַרויף צום באַר. אַרום די לאָמפּן, האָט זיך אים געדוכט, קרייזן אַרום גרויסע, רויטע רעדער. ער איז, חוץ אַלעמען, געווען צוליב עפּעס שאַרף צערודערט אויך. מיכלסאָנען מיטן יונגערמאַן האָט ער שוין געטראָפן, ווי געוויינלעך, ביים עקסטן טישל. ער האָט געטרונקען ציטרין־זאַפט דורך אַ שטרויעלע, די איבלדיקייט זאָל אים אַוועק, און דער זייטיקער בליק זיינער איז, דוכט זיך, געקומען ערגעץ פון אונטערן שטערן־אַפּער. ער האָט זיי נאָכאַמאָל באַטראַכט. פאַרקערט, מיכלסאָנען האָט ער גאָר גע־פונען אויסגערוט, פריש, אַ לאַנג־פאַרגעסענע, יוגנטלעכע פאַרב האָט אים געשלאָגן אין די באַקן אַריין.

יאָ, דער אַלטער האָט זיך דאָ באַלד דערכאַפּט צו די כוחות. ער איז נאָרמאַל געקומען צום עס־טיש פרימאָרגן, מיטאָג־צייט און אין אָונט. די טישלעך זענען דאָרט מיט יעדן טאָג אַלץ שיטערער באַזעצט געווען. דער עולם, איבערהויפּט די פרויען, האָבן געבראָכן, אַרומגעגאַנגען מיט נאַסע טיכער אַרום שטערן, מיט אונטערגעבראָכענע קני. מיכלסאָן אָבער האָט דווקא געגעסן מיט אַפּעטיט, איז אַלעמאָל געווען פיין אויסגעגאָלט,

אַפילו באַשמעקט. די שיטער־אויפגעבלאָזענע וואָגסן זענען אים פון טאָג צו טאָג קירצער געוואָרן, כאָטש ס'איז נישט געווען מער צו באַהאַלטן זייער היפּשע באַזילבערטקייט.

— שער מעטר... — האָט ער באַגעגנט דעם אַדוואָקאַט באַזונדערס אויפגעלעבט — מען דאַרף זיך נישט נאָכגעבן, ניין... די טעמפּעראַטור האַלט אין איין פאַלן. מיר דערנענטערן זיך, הייסט עס, צו די ברעגן פון אייראָפּע... טאַקע, נאָכוואָס לייקענען? מיר זענען מענטשן פון אַן אַנדער קלימאַט...

דער אַדוואָקאַט האָט זיך ביז איצט גאָר געשעמט אויסצוזאָגן, אַז ביי אים איז געווען דאָס זעלבע געפיל און ער האָט, ווי אַלעמאָל, געענטפערט זייטיק, נישט דירעקט צו דער זאַך.

— די שאַרפע לופט אויפן הר־הכרמל האָט מיר, דעם אמת געזאָגט, אַביסעלע צופיל פאַרכאַפּט, פּשוט דעם קאָפּ פאַרדרייט. דער אויסבליק — גראַנדיעז! ס'האָט שיעור נישט געהאַלטן דערביי, פאַרשטייט איר מיך, כ'זאָל נעמען און טאַקע איינהאַנדלען די ווילע ביי יענעם דייטשן ייד... ביי דעם מיטן דאָקטאָר־טיטל... ווי רופט ער מען אים דאָרט?...

— איר מיינט נישט אַמאָל דעם אָקציאָנער פון די „אגד״־אויטאָבוסן, דעם באַדענהיימער? — איז מיכלסאָן געווען אויפגעלייגט, פאַרטייעט, דערמאָנענדיק זיך מיט שמייכל דעם צעדרייטן אָוורעמעלעס געשעפטן — זיי זענען אָבער געקומען אַהער אין דער ריכטיקער צייט, די יאַהודים... און האָבן באַלד געוווסט צו וואָס זיך צו כאַפּן... מען קען נישט זאָגן, זיי האָבן אָבער אויך געברענגט פיל נוצן פאַרן לאַנד.

— זיך פונדעסטוועגן צו שפּעט אַרומגעזען — האָט דער אַדוואָקאַט באַמיט זיך צו שמייכלען באַדויערלעך און ס'האָט זיך עפּעס גאַרנישט באַ־קומען — כ'געדענק, בערלין, פון יענע יאָרן... גאָט מיינער, מיט זייערע ריזיקע טיך־וואַרענהייזער און מיט די געשעפטן פון איין קורפירשטנדאַם, אָדער אַפילו פון דער „אָסט״־יידישער גרענאַדיר־שטראַסע, האָבן זיי דאָך דעמאָלט געקענט אַ האַלב לאַנד איינהאַנדלען און אויפבויען עס...

— נו, און די נאַלעווקעס מיט דער גענשע?... — האָט מיכלסאָן זיך אָפּגערופן — וואָס האָט זיי דען געפעלט, די נאַלעווקעס מיט דער גענשע? אין אַ האַלב־פינצטער, שמאָל געוועלבל, פאַרשטעקט ערגעץ אין אַ טיפן הויף, הינטער אַ טרעפּ, האָט דאָרט צווישן טאָג און נאַכט, געדענק איך, געקענט פאַרהאַנדלט און דורכגעפירט ווערן אַ טראַנזאַקציע אויף, לאָמיר זאָגן, אַ פּאַרטיע פון אַ וועלכן מיליאָן־אַנדערטהאַלבן קאָלדרעס פאַר יאַפּאַן, צי פאַר כינע ערגעץ... און ביי וועמען, מיינט איר? ביי עפּעס אַ קליינעם

ייד מיט אַ פאַרפעטסט כאַלאַטל. יאָ־יאָ... די פאַרמעגנס, וואָס זענען דאָרט געגאַנגען לאיבוד, פאַר טייוולס וועגן...

דער קליינער, געמיטלעכער באַר איז אָוונט־צייט געווען פול געפּאַקט, רוישיק. מיכלסאָן האָט פאַרבעטן צום טיש דעם איינפאַכן, אַביסל צוריק־געהאַלטענעם קיבוצניק, וואָס איז געפאָרן אין אַ שליחות קיין איראָפּע. ער וועט אָפּשטייגן, האָט ער געזאָגט, קודם כל אין פּאַריז.

— אויב אַזוי — האָט מיכלסאָן היימיש צוגערוקט צו אים די גלאָז מיטן שטרויעלע — פאָרט איר דאָך, הייסט עס, אין אונדזערע מקומות.

די פאַריסענע פּאַסאַזשירן האָט ער אַליין אויך נישט צופיל פאַרטראָגן. די דאָזיקע זענען אים אויך פרעמד געווען; יידן פון אַ פרעמדן, פּוסטן און גאַוודיקן שניט, מיטן האַרטן, גאָרנישט־יידישלעכן העברעאיש אין זייער מויל. ס'האָט אים אַביסל געקלונגען ווי דער אַראַביש, וואָס מען הערט אָפט אין די אַלזשיריאַנער קאָפעס אויפן בעלוויל און אויפן פּיגאַל אין פּאַריז. דערפאַר האָט ער באַלד דערפילט אַ נאָענטקייט צו דעם פּראָסטלעכן קי־בוצניק מיט די אָפּגעאַרבעטע הענט. ער האָט אויך גערעדט אַן איינפאַכן יידיש, ווי זיי אַלע.

דער ייד פון קיבוץ, דוב כייקין, איז געווען אין זיין סאַמע יום־טובדיקן אָנצוג, פון אַ האַרטן, ביליקן שטאָף, מיטן דאַשיק איבערן בולטן שטערן, מיט די דראָטענע ברילן איבער די אָנגעשטרענגטע אויגן. מ'האָט גלייך דערקענט אין אים דעם באַלמעלאָכע, דעם פאַרהאַרטעוועטן אַרבעטס־מענטש, אין זיין קנאָכיקער האַנט, וואָס ער האָט דערלאַנגט פּאַוואָליע און פעסט. דאָס האָט אים מיכלסאָן פאַרבעטן צום טיש. ער איז אים אָבער גלייך געווען עפּעס קענטלעך, דער ייד. דוב האָט צוערשט נישט דרייסט מיטגעטרונקען. ביי אים האָט זיך דאָס ווייסע, צעשפּיליעטע העמד שטאַרק אָפּגעשלאָגן פונעם פאַרברוינטן, צעאַקערטן נאַקן, פון די קופּערדיקע האָר, וואָס האָבן זיך שוין דאָ און דאָרט געזילבערט. ס'איז צוערשט שווערלעך געווען אַרויסצוקריגן אַ וואָרט ביי אים, אָבער ביסלעכווייז האָט זיך ביים שווייגנדיקן, באַשיידענעם ייד אַזוי ווי אויפגעבונדן די צונג.

— אַ שטייגער, איר, אויסלענדישע ציונים... — האָט ער געוויזן זיינע ברייטלעכע ציין, שטאַרקע, ווייסע, אַביסל קרומלעכע — „ציונות"... „רעדן ציונות"... ווייסט איר, איז ביי אונדזערע סאַברעס אין לאַנד געוואָרן אַ מין סינאָנים פון — רעדן הויכע, אומפאַרשטענדלעכע רייד, פראַזן, סתם פּלפּול, ווייט פון לעבעדיקן, אמתן, רעאַלן לעבן...

— אָבער אָט דער „ציונות", ווי איר רופט עס, אדוני, האָט געבוירן דאָס רעאַלע ביי אונדז אין לאַנד. אין דעם, אפנים, פאַרגעסט איר — האָט

מיכלסאָן געקלעפּלט מיטן נאָגל אין דער גלאָז און ער איז שוין געווען פאַראינטריגירט וואָס עס וועט קומען ווייטער.

אַז דער ייד קומט פון אַן עקסטרעמען מפ״ם־קיבוץ, דאָס איז נישט שווער געווען באַלד זיך אָנצושטויסן; אָבער, דוכט זיך, אַז ער האָט דאָ עפּעס אָנגעשלאָגן פיל ווייטער; כאָטש ס׳איז זיך גראָד צונויפגעפאַלן מיטן זיין אייגן שווער געמיט צוריקוועגס.

— כ׳גלויב נישט — האָט דער ייד לאַנגזאַם געצויגן, — אַז מען בוי־טיקט זיך שוין גאָר אַצינד אין אונדזער אַמאָליקן אידעאַליזם... ווייס איך... ס׳איז שוין באַלד אַ ווייטע, פאַרגעסענע זאַך... אַנומלטן האָט מיר מיינער אַן אַלטער קיבוץ־חבר, אַן אַגראָנאָם, היינט אַ וויכטיקער פּקיד אין אַן אונטער־קאָמיסיע פון דער כנסת, געצומען זינגען וועגן פאַבריק־קוימענס, אויסלענדישע קאַפּיטאַלן, וועגן אַנוואָרפן אַ מורא אויף די אַראַבישע שכנים דורך מאַכט, כוח, וכדומה... איר פאַרשטייט? כ׳האָב אים אָנגעקוקט און געשטוינט... כ׳האָב נאָך דעמאָלט, באַלד אין אָנהייב, נישט אַלץ פאַרשטאַ־נען... זיך אַפילו געבונטעוועט — האָט ער זיך לאַכנדיק מודה געווען — בין אויף אַ שטיקל צייט אַוועק צו כביש־אַרבעט; אָבער דאָרט האָב איך פּלוצים דערזען, אַז די כביש־אַרבעט איז אויך, אייגנטלעך, נישט נאָר פאַרן לאַנד, נאָר דער עיקר פאַר גאָר אַנדערע, אַפילו פרעמדע צילן, אַז מען וויל. בקיצור, כ׳בין פון דאָרט אויך אַנטלאָפן. צוריק אומגעקערט זיך אין קיבוץ אַריין, ווו מען לעבט כאָטש ערלעך. צי מיינט איר, אַז די וועגן דורכן מיטעלן נגב פירן טאַקע אין ערגעץ נישט?... — האָט ער זייער פּלוצים שטאַר אָנגעקוקט מיכלסאָנען מיט זיינע גרויע אויגן.

מיכלסאָן האָט אים יאָ פאַרשטאַנען און נישט פאַרשטאַנען. וווהין צילט ער, דער ייד?

דערפאַר איז דער אַדוואָקאַט וואָלפער געווען אויסער־זיך פון אַזעלכע רייד. נאָר פונקט ווי אין זיין געריכט־פּראַקטיק, איז ער צוערשט געגאַנגען אַרום און אַרום, פאַוואָליע, פאָרזיכטיק. די קאַרגע צוויי חדשים אין לאַנד האָט ער נישט געפטרט סתם אַזוי. אויב ס׳איז צו די הויכע פענצטער פון בן־גוריונען אַליין נישט אויסגעקומען צו דערשפּאַרן זיך, האָט ער שוין אָבער גוט געקענט דאָס גאַנצע, די פעריפעריע.

— מענטשן מיט די עליות — האָט ער אַריינגעוואָרפן — וועלן נאָך קומען אַ סך... מיר האָבן נאָך נישט איין גלות צו ליקווידירן... דער עיקר טאַקע, אין די מזרח־אייראָפּייאישע גלות־לענדער... אָבער נאָך נישט דאָ איז די זאַך. כ׳מיין, אַז די מדינה מוז אויסשפּילן אויפן דיפּלאָמאַטישן פראָנט. ווייל על פּי שכל זענען מיר שוואַך, ווירטשאַפטלעך — כמעט גאָרנישט. און — פאָרט. מען וועט זיך אין אַ פּאָר יאָר אַרום שטאַרק רע־

כענען מיט אונדז אין דער וועלט... אין פּאַריז, אין אונדזערע קרייזן, האָבן מיר עס באַצייטנס געוווּסט. איר זאָגט — אַרבעטס־מענטשן, אויסגעפּרוווטע, פאַרהאַרטעוועטע... זיי וועלן אונדז אויך צונוץ קומען...

— צי ווייסט איר אָבער — האָט אים דוב געקוקט גלייך אין די אויגן — וואָס די קיבוץ־באַוועגונג האָט פאַרגעשטעלט מיט זיך בעת דער דריטער און פערטער עליה? צי ווייסט איר וויפל קרבנות זיי האָבן געקאָסט און קאָסטן נאָך?

— פאַרגעסט אָבער נישט, אין דער צייט, ווען אַלע נאָרמאַלע פעלקער האָבן עוואָלוּאירט אין משך פון יאָרהונדערטער, קומט אונדז אַצינד אויס דאָס אַלץ דורכצומאַכן אויפן שפּרונג, ממש אין געציילטע יאָרן. וואָס וועט איר מיר זאָגן, אַז ישראל וועט פאַרוואַנדלט ווערן אין אַן אַגראַר־לאַנד? — היינער, אייער, גרינסן, ציבעלעס, פּיעטרושקע, רעטעכער... — האָט ער האַרב געלאַכט — פאַר דער מדינה שטייט גאָר פאַר אַן אַנדער גורל, ווי איך חלומט זיך דאָרט אפשר אין די פאַרוואָרפענע קיבוצים, הינטער די הרי גלבוע, צי הינטערן חרמון. דאָס איז ווייט נישט, וואָס מען רופט היינט — רעאַל־פּאָליטיק...

— אויב אַזוי, נעם איך צווייפלען אין אונדזער גאַנצער אומאָפּהענגיקייט, אדוני. איר קענט נישט דעם אַרבעטס־מענטש אין לאַנד. פון אים איז אויסגעוואַקסן דער שומר, דער פּלמ״ח, די, וואָס האָבן דאָס לאַנד אַרויסגעריסן קודם כל פון ענגלישן אָקופּאַנט. אָבער ס׳איז נאָך נישט געענדיקט, זע איך... פאַלשע וועגן, צי ריכטיקע וועגן — מען דאַרף נעמען זאָכן אַזויווי זיי זענען. דער באָדן ביי אונדז איז האַרט און ביטער און פאַרסמט און שטומפּיק. ער גיט זיך נישט אַזוי לייכט אונטער דעם מענטש. דאָס ביסל וואַסער מוז מען נאָך כמעט אַלץ אַרויסרייסן מיט די ציין. די נאַטור ביי אונדז איז קאַרג צום מענטש, סיי ווען ס׳ברענט די זון, ווען דער חמסין גליט און סיי ווען עס גיסן די ווינטערדיקע שלאַקס־רעגנס; איז אויך דער מענטש דערפאַר שאַרסטקע. וואָס ער האָט אַלץ נישט אַדורכגעמאַכט אויף זיין הויט — דעם טערק, דעם אַראַבער, דעם ענגלענדער, דעם היימישן ציוניסטישן בעל־הגוף, די נייע, אַנגעלאָפענע באָנצן; מ׳האָט זיי אָבער פריער, ווען בלוט האָט זיך געגאָסן, נישט געזען. אַצינד — דער אַמעריקאַנער; זייערע פינצטערע אינטריגעס מיטן נאַפט, מיטן פּאַטאַש, די סטראַטעגישע וועגן און אַעראָדראָמען; זייערע פינצטערע אינטריגעס צווישן די שבטים, פעלקערשאַפטן און כנופיהס פון נאָענטן מזרח... דאָס אַלץ וועט, נאַטירלעך, אין אַ שיינעם פרימאָרגן צערינען ווי אַ רויך. פאַרבלייבן וועלן די אַרבעטס־מענטשן פון די קיבוצים, פון די משקים, פון די פאַרהאַוועטע און פאַרויכערטע פאָרשטעט אַרום חיפה. די לופט־מענטשן, די מנחם־

מענדלס, פון וועלכע מיר האָבן אַמאָל אַזוי נאַאיוו געמיינט צו אַנטלויפן, וועלן זיך ביגוואַלד מוזן איבערשמעלצן. ניין, ס'וועט זיי גאָרנישט העלפן. די פון רחוב לילינבלום, די פאַרשפעטיקטע, ווילדע, מיטלאַלטערלעכע יידן פון מאה־שערים, די סעקטעס, די קליקעס, די כנענים, די היימישע פאַשיסטן, וואָס פאָדערן „לעבנס־רוים" און רעדן אָפן וועגן וויסטע אַוואַנ־טורעס צו אַנעקסירן אַראַבישע לענדער...

ס'איז שווער געווען איינצוהאַלטן דעם שטראָם רייד ביי אָט דעם כלומרשט פאַרכמורעטן, איינפאַכן ייד.

— איר מוזט מודה זיין — זיי שאַקירן, די יידן מיט די קאָלאָניאַלע מאַניערן, די ציוויליזירטע אָריענטאַלישע שקלאַפן־טרייבער... פון וועמען פרעגט זיך, האָבן זיי עס דאָרט געירשנט? אַוודאי פון די ענגלענדער און פון די אַראַבישע בעלי־גופים און פעאָדאַלן; אָט די גוט־אָפּגעפרעסענע לייט, די פקידים, די אַרבעטס־אויפזעער מיטן שניידנדיקן אַראַבישן „יאַללאַ" (שנעלער) צווישן די ציינער; די אונטערנעמער, וואָס דרייען זיך פאַרן בנין, מיט די הענט אויפן רוקן, אין דער ברענענדיקער היץ, אין די קורצע כאַקי־הייזלעך, מיטן קאָלאָניאַלן הוט איבער די אויגן... ס'פעלט זיי נאָר דער סווישטש פון דער בייטש. דער דאָזיקער הוט שטרייכט עפּעס באַזונדערס אונטער זייער ברוטאַלקייט, זייערע פרעמדע, קאַלטע, גזלנישע פּנימער פון שוטרים. ווי אַנדערש זייערע פּנימער זענען פון די, וואָס שטייען אויפן בנין, ביי דער בעטאָן־מישערײ, ביים אויפהייבן זיך מיט די ציגל אויף די רושטאָוואַניעס; יענע זענען אויסגעמאָגערט, אָפּגעגאָסן פון שווייס, פאַרבראָנזט, ווי מומיעס. עס שרעקט אָפּ. צי זענען עס דיזעלבע יידן מיטן אייביק־דערשראָקענעם בליק?

דער פלוטעוואַטער אַוורעמעלע האָט אַ מאַך אַוועק געטון מיט דער האַנט, האָט עפּעס שטיל אַ זאָג געגעבן מיכלסאָנען אויפן אויער און האָט באַלד אַוועקגעפּאַטשט מיט ביידע לאַנגע פיס צווישן די געדיכט־באַזעצטע טישלעך. די אָוונט־געזעלשאַפט אין קליינעם באַר איזווירקלעך געווען אַ פאַרשידנאַרטיקע. בייטאָג, אויפן מיטל־דעק, האָט מען די אַלע מענטשן כמעט נישט אָנגעזען. די פלינקע קעלנער האָבן איבער קעפּ צודערלאַנגט געטראַנקען און געלאָזן זיך צאָלן אין אַלערליי וואַלוטעס. די פּליטן־מוזיק האָט געשפּילט. צווישן בופעט און צווישן די טישלעך האָט ווידער גע־ראַיעט זיך פון די שליחים, אָפיצירן, דאַמען, עטלעכע אומבאַקאַנטע אויס־לענדער און הויכע שיפס־לייט. פאַר מיכלסאָנס אויגן איז אַלץ אַוועקגע־שווומען. נאָך דעם יידס רייד, האָט ער איצט אַביסל אָנגעהויבן צו פאַר־שטיין די אייביקע צופלוסן און אָפּפלוסן פון לאַנד. ס'איז דאָרט ענג, ס'שטיקט, כאָטש די דורכזיכטיקע רחבות שפּרייט זיך ווייט פאַרן אויג.

ס'איז זיי דאָרט אַלעמען שווער צו לעבן מיט דער פּערספּעקטיוו, אַז זיי וועלן שוין קיינמאָל דאָס לענדל מער נישט פאַרלאָזן. ערגעץ־ווו מוז אַ טירל בלייבן אָפן. און צי איז עס אויך נישט ווידעראַמאָל — יידישע אינערציע? לויפן... וואַנדערן... כאָטש האָבן דאָס געפיל...

צו דער רעכטער האַנט ביי אים האָט דאָס סאָלדאַטיש־געזונטע מיידל מיט די פּלאַטין־לאָקן פון אונטער דער קעפּי, אין דער שיף־אוניפאָרם, גע־טרונקען קאָניאַק, ביים טישל דערלעבן, מיטן אַמעריקאַנער זשורנאַליסט אין די אַנגעבלאָזענע גאָלף־הויזן, מיטן פּאָטאָ־אַפּאַראַט אויף דער ברוסט. ער פאָרט ביז מאַרסיעל מיט אָט דעם שלעפּ־שיפל, האָט ער זי פאַרזי־כערט, בלויז צוליב איר שיינעם שמייכל... אַזוי האָט ער זי פּייערלעך פאַר־זיכערט. דער אַוויאַן אין לוד האָט שוין געוואַרט אויף אים. זי האָט געלאַכט מיט אַ ברייט מויל לאַנגע, ווייסע ציינער און האָט אים אויפן אָרט איינ־גערוימט אויפן אויער, אַז אַלע אַרום זאָלן הערן, אַז זי גלויבט אים קיין איין וואָרט נישט... דער ווינער ייד מיטן ציגאַר, מיט די וואַסערדיק־בלויע אויגן — ס'איז געווען תאווה אַרום זיין אונטערשטן געביס — האָט געגעבן נאָך אַ היפּשן שלוק ביר פון דער גרויסער קופליע און האָט שטאַרק גע־וואָלט וויסן ביי דער ווינער יידענע מיט די דיקלעכע פיס:

— וואַרום, פראַג איך אינען, פראַו לינדע, זינד זי נאָך איזראַעל גע־פאַרן?... אונד וואַרום פאַרן זי דען יעצט צוריק נאָך וויען?...

די יידענע איז אומגעריכט געוועזן אַביסל אין פאַרלעגנהייט. זי האָט געהאַלטן אין איין לאַכן מיט אַ רויט, אַפּאָפּלעקטיש פּנים, מיט פאַרגאָסענע קליינע, רויטע אויגן, האָט אַזש אַרויסגעקוויטשעט היסטעריש, האָט עפּעס געשטאַמלט, אַז מ'האָט קוים פאַרשטאַנען. געענטפערט דערפאַר האָט דער שויבערדיקער מאַן אין די ברילן איבער די רויטלעכע, אָנגעשטרענגטע פיש־אויגן:

— הער בידערמייער, זי ווייס עס אַליין נישט. קיינער, אייגנטלעך ווייס עס נישט. אַ בלינד געפיל פירט אונדז איבער לענדער און שטעט. מיר לייזן זיך אומעטום אויף. אויך — אין לאַנד פון אונדזערע ווייטע אבות, וועלכע קערן אונדז אַזוי אָן, ווי, למשל, די ווייטע הונען און פעלקער־וואַנדערער קערן זיך אָן די פעלקערשאַפטן, וועלכע באַוווינען היינט די ברעגן פון מיטעלן דונאי און אַרום די אַלפּן... וואָלט דאָרט, מיין ליבער הער בידערמייער, כאָטש געווען פּלאַץ פאַר די געיאָגטע פון אונדזער מידן דור.

— אַ־אַ־בער — קוואַטש!... — האָט אים דער ייד כסדר געוואָלט איבערייסן.

נאָר דער ווילדלעכער מענטש מיט די אויסגעשרויפטע פיש־אויגן איז נישט מיד געוואָרן אַריינצורעדן אין אים. די עטלעכע האָר אויף זיין פּלאַכן שאַרבן האָבן זיך געשויבערט און ס׳איז בפירוש געווען אין זיינע רייד עפּעס פון אַ משוגענעם נביא:

— דאָרט קאַכט, מיין ליבער הער בידערמייער, אַ נייע פעלקער־געמיש. אַוודאי וועט זיך דאָרט אַמאָל עפּעס אויסקאָכן; אַ געמיש, וואָס וועט אפשר גאָרנישט ענלעך זיין צו קיינעם פון די אַלע, וועלכע קומען פון אונדזערע אָפּשטאַם־לענדער. דערוויילן איז דאָרט אַ רווישיקער בינשטאָק, אַן אָנגעלויף פון פעלקערשאַפטן, פון ווייטער יידישער אָפּשטאַמונג קאָכט זיך איבער, ראַנגלט זיך ביטער, שטאַרבט; אין דער צייט, ווען אַנדערע וואַקסן אויף זייער טויטן גוף, גייען איבער אים אַריבער. דער נאַטירלע־כער אָפּקלויב וועט אפשר צייטווייליק לאָזן אויף דער איבערפלאַך די, וואָס האָבן מער אָרגאַנישן און סאָציאַלן אויסדויער. אָבער דאָס איז נאָך ווייט נישט דאָס פּנים פון יענער צוקונפטיקער יידישער רעפּובליק, אויף דעם שמאָלן לאַנד־פּאַס, ביי די מזרח־ברעגן פון מיטללענדישן ים...

ביים זייטיקן טישל האָט זיך נאָך אַלץ געהערט די קילע, אָבער איינ־געשפּאַרטע שטים פון דעם קיבוצניק, פון דוב כייקינען:

— פריער האָבן מיר געדינט דעם ענגלענדער, אַצינד דינען מיר דעם אַמעריקאַנער. עבדים היינו — קנעכט זענען מיר געווען און קנעכט זענען מיר פאַרבליבן...

דער וואָלטער־פּראָפיל ביים אַדוואָקאַט האָט אויפסניי געלאַכט ביטער, מיט די טויטע, קלאַפּנדיקע ציינער אין זיין מויל. ער האָט דאָ צום וויפלטן מאָל איינגעזען, אַז די ישראל־יידן זענען אָדער ביטערע עקשנים, אָדער ביטרע לייט; אָבער ער אַליין איז אויך נישט געווען דער גאַנצער נאַר. ער איז געווען פול מיט שלעכטע פאָרגעפילן, ס׳איז אַביסל אומעטיק געווען פון דעם אַלעמען. ער האָט געוווסט, אַז עס דערוואַרטן אים נישט קיין גליקן אין פּאַריז. אַן אומעטיק הויז. די קליענטעל צעלויפט זיך. אין דער טיר קלינגט זעלטן ווער. עס זענען אויפגעשטאַנען יינגערע און פלינקערע פון אים. נאָך יענעם טרויעריקן 16־טן יולי איז די פרוי מיטן יינגל מער נישט צוריקגעקומען. ס׳איז, נאָך אַלעמען, געווען עפּעס ענלעכס צווישן אים און מיכלסאָנען. און דאָך... אָט דער מיכלסאָן, אַ פלעגמאַטישער, אַ נאַרישלעכער, כלומרשט. דערפאַר גלויבט מען אים. אַמאָל, זעט אויס, שטעקט גאָר דער כוח דווקא נישט אין דער חכמה. ס׳איז קלאָר. מענטשן ציען זיך צוריק פון צופיל קלוגיטשקע. פויערישע חכמה, פאַרקערדט, ציט צו. ס׳איז אַ מין בלומען־האָניק פאַר בינען. אַנטקעגן וואָס איז עס געזאָגט

געוואָרן? טאָקע אַנטקעגן דער שכלדיקער, פאַרכאַפּנדיק־רעפּרעזענטאַ־טיווער טאַטיאַנאַ איסאַקאָווגאַ, וועלכע איז, דוכט זיך, מער נישט אַזוי יונג. ס׳איז נאַריש — פּונקט ווי זיי וואָלטן נאָך געווען עפּעס בחורימלעך, סטודענטן, וואָס ריוואַליזירן איבערן זעלבן מיידל נאַריש־פאַרליבט... אָבער איר פּאָזיציע... אירע איינפלוסן...

זיי זענען אַרויס. איבערן מיטל־דעק האָט געבלאָזן אַ שאַרפער, פּיכ־טער ווינט. אויפן מערבדיקן הימל־ראַנד איז פאַרבליבן אַ העלער פלעק. די דינע, פּייכטע קעלט, וואָס האָט געצויגן, האָט אומגעריכט אַ דערמאָן געגעבן אין אַ היימישער ווינטערדיקער לאַנדשאַפט פון זייער ווייטן אַמאָל — אַ פרי־צוגעפאַלענער ווינטער־אָוונט, ווען די ערשטע חנוכה־ליכטלעך שיינען אויף אין די נידעריקע פענצטער, אונטער איינגע־זונקענע, שניי־באַטורעמטע דעכלעך. ס׳איז פאַרגאַנגען אַ נאָגנדיקע היים־בענקשאַפט ווידער אַהין, פון וואַנען ס׳האָט אין משך פון אַזויפיל יאָרן געטריבן צו אַנטלויפן.

באַלד נאָכן אָוונט־ברויט האָט דער שיף־גבאי, אַ ייד מיט אַ ליפּאַגן כאַלאַטל, מיט אַ קליין, גרוי־געפלעקט בערדל, זיך עטלעכע מאָל זייטיק אַרומגעדרייט זייער טישל. ער האָט נישט באַלד געוואַגט צו פאַרבעטן זיי צום ערשטן חנוכה־ליכטל, וואָס איז גראָד אויסגעפאַלן דעם שבת־צונאַכטס, אינמיטן ים. ער איז פונדעסטוועגן אונטערגעקומען און זיי פאַרבעטן צום מנין אָפּצודאַווענען אַ וואָכעדיקן מעריב. דער אַדוואָקאַט האָט זיך באַלד העפלעך אָפּגעזאָגט, אין ריינסטן העברעאיש, מיט דער ספרדישער הברה. ער איז מיד, דער קאָפּ איז נישט דערביי. באַלד נאָכן מעריב מיטן קוים־צוזאַמענגעשלעפּטן מנין, נאָכן אָפּבענטשן ס׳ערשטע חנוכה־ליכטל, האָט זיך דער שיף־גבאי פאַרקייכט איבערן פולן בעכער כרמל־וויין און האָט פאַרבעטן די יידן צו שלש־סעודות. באַלד הינטער זיין רוקן זענען די יונגעלייט און מיידלעך, וואָס זענען צוריקגעפאָרן אין די דייטשע לאַגערן אַריין, נאָך אַלץ געשמאַק פאַרטון געווען אין דערדל. ס׳איז דאָרט געווען אַ פולער טיש מיט פונטן, פּיאַסטערס און כלערליי וואַלוטעס.

— זאָ וואָס... — האָט דאָס מיידל מיט די קרומע ברעמען־בויגנס, מיטן זייטיק־פאַרשטעקטן פּאַפּיראָסל, אויסגעלאַכט דעם פאַרטנער אירן — ביסט, גלויב מיר, יענער צעלייגער, איזאַקל... לבניה — אַ מאכל, ישראל — אַ מדינה, פּורים — אַ יום־טוב און דו — אַ דערדל־שפּילער...

די עטלעכע יידן ביים שלש־סעודות־טיש האָבן אָן רייד בייז אַריבער־געקוקט צו זיי; מיכלסאָן האָט זיך דער ערשטער אויפגעשטעלט. די פיס האָבן זיך געוויגט אונטער אים. ער האָט אַרומגענישטערט מיטן בליק

איבערן זאַל דעם אַדוואָקאַט און אים מער נישט געפונען. נאָך צוויי־דריי מעת־לעת וויגן זיך אויף דער שיף, האָט ער דאָס וויכטיקסטע נאָך אַלץ אַזויווי געהאַט פאַרגעסן צו דערציילן. ער האָט פאַרגעסן צו דערציילן, אַ שטייגער, אַז אויף דער שיף געפינט זיך, גאַנץ אומגעריכט, טאַטיאַנאַ איסאַקאָוונאַ. אַזאַ וויכטיקן ענין האָט מען, נאַטירלעך, נישט געקענט איבגאַנצן אויסבאַהאַלטן. אָבער וואָס, כ'מיין, איז דען די גראַטשקע, וואָס ?...

# 17

ערשט אויפן אַנדערן פאַרנאַכט, וואָס איז אויסגערונען מיטן בלייכן פאַסיקל אויפן האָריזאָנט, האָט זיך עס פלוצים אָנגעהויבן, דאָס אומגעריכט־דערוואַרטע, ווען מען דערנענטערט זיך לאַנגזאַם צו די קילע, ווינטערדיקע ברעגן פון אייראָפּע. וואָס אין משך פון דאָזיקן לאַנגן מעת־לעת איז אַלץ פאַרלאָפן זיך, איז דערנאָך ביי מיכלסאָנען אַליין פאָרגעקומען ווי אַ ווייטע, אומקלאָרע אויסדאַכטעניש. דער שאַרפער נעפּל האָט זיך אַראָפּגעלאָזן מיטן נאַכט־צופאַלן און האָט אַלע ווייטע און נאָנטע קאָנטורן פאַרווישט. דער רייסיקער ווינט האָט דערלאַנגט כוואַליעסוויז, ווי מיט אַ דינעם, שטעכיקן, אָפּגעקילטן דאַמף. ער האָט זיך קוים דערקריגן צום גליטשיקן מיטל־דעק, האָט געמוזט אַרונטערנעמען די ברילן, כדי עפּעס צו זען פאַר־זיך, אָנצוטאַפּן כאָטש אַ נאָענטן אָנלען. צו דער פאַרהאַקטער טיר פון באַר האָט ער זיך קוים דערקריגן.

פון נאָכמיטאָג אָן איז ער געלעגן פאַרטראָגן אויפן אויבערשטן בעטל; אָט איז ער געפאַלן אין אַן אָפּגרונט און אָט האָט עס אים אַ טראָג געטון ערגעץ אין דער הויך. ער האָט אָבער מער נישט געקענט איינליגן. ער איז געווען בלייך, די אויגן — אויסגעשרויפט. ס'האָט אים מיטאַמאָל אַ נעם־געטון די איבלעניש, ער האָט זיך איינגעהאַלטן מיט אַלע כוחות, איז קוים דערלאָפן צום מיטל־דעק און זיך סוף כל סוף, ווי אַלע אַנדערע, אַריבערגעבויגן די פאַרענטשע. ער האָט גאָרנישט געוואָלט עמיץ זאָל עס באַמערקן אויך. אין די עטלעכע טעג איז דער עולם ביים טיש אַלץ שיטערער געוואָרן, אָבער ער איז נאָך אַלץ פּינקטלעך געקומען צו אַלע דריי מאָלצייטן. ס'איז שוין אָבער נישט געווען וואָס פריער. ער האָט זיך געהאַלטן מונטער, אַפילו געלאַכט אין דער געזעלשאַפט פון די שטייפע יונגעלייט און די געציילטע דאַמען און איז איבער עפּעס שטאַרק צופרידן געווען, דערבליקנ־

דיק דאָ ערגעץ דעם אַדוואָקאַט; יענער, וואָס האָט דאָרט, איבער די זון־פאַרגאָסענע שדרות ראָטשילד, אויף רחוב אַלענבי, אַזוי ברייטלעך פאַראַדירט אין זיין ווייסן ספּאָרט־אַנצוג, איז דאָ אַרומגעגאַנגען בלייך און גרין, האָט מיט גרויסע, נישט־פאַרגינערישע אויגן אַ בליק געטון אויפן טיש מיט די באַטעמטע שפּייזן און האָט באַלד געמוזט אַרויס, איבערצובייגן זיך די שיף־פאַרענטשע. מיכלסאָן האָט זיך אָוונט־צייט ענדלעך געקליבן צו דערציילן אים פאַוואָליע, אַזוי, אגב אורחא, וועגן דעם גרויסן סיורפּריז, וועגן דער אומגעריכטער מיטפאָרערין — טאַטיאַנאַ איסאַקאָוונאַ. אָבער דעם זעלבן נאָכמיטאָג האָט עס אים אַליין אויף פּלוצים אַ נעם געטון. ס'איז פאָרט געווען אַביסל נישט אָנגענעם. מ'האָט אויך פונדעסטוועגן באַדאַרפט נאָך אַמאָל אַריינגיין צו איר, ווייזן זיך כאָטש, זען וואָס זי מאַכט.

שוין ביים איינשיפן זיך איז זי, אין דער לעצטער מינוט, אַראָפּגעקומען איינגאַנצן אַ צערודערטע און איז באַלד אַוועקגעפאַלן, פאַרצויגן די פאָרהענגלעך פון דער קאַבינע, ווו ס'איז געזעסן לעבן איר אַ קראַנקן־שוועסטער, און האָט קיינעם מער נישט געוואָלט זען. מילא, מיכלסאָנען — ער איז דאָך פונדעסטוועגן נישט איינגאַנצן קיין פרעמדער. זי איז געקומען אָנצופאָרן פון הר־הכרמל אין דער לעצטער רגע. נאָכן ערשטן מעת־לעת וויגן זיך אויפן וואַסער, איז זי אַביסל צו־זיך געקומען, אָבער זי האָט נאָך אַלץ אויסגעזען קרענקלעך־בלייך. ווי נאָר זי האָט אויפגעהויבן דעם שיינעם קאָפּ אירן, אַ פאַרצי געטון דאָס פאָרהענגל און דערזען די ווייטע רחבות, פאַרגאָסן אין לעבלעכער זון, האָט עס איר שוין אונטערגעהויבן; זי האָט שוין געוואָלט אויפרייסן זיך פון וויג־בעטל, געקליבן זיך אָוודאי צו באַווייזן זיך דאָ, אויפן מיטל־דעק, אין אירע קורצע, שמאָלע, איינגעצויגענע פאַריזער קליידלעך און בלוזקעלעך, אָדער אין אירע העלע הויזן, מיטן שאַרף פאַרוואָרפן אויף אירע אַקסלען. דאָס וואָלט איר געמאַכט נאָך יונגער און באַוועגלעכער, ווי אַ מיידעלע. זי האָט אָבער נישט געקענט מער, דער קאָפּ איז צוריקגעפאַלן אין דער קישן.

— ווען איר ווייסט, פריינט מיכלסאָן... — האָט זי דאָרט אָנגעהויבן און אירע אַקסלען האָבן אַ קורצן ציטער געטון, ווי אין האַלדז וואָלט איר שטעקן־געבליבן אַ שלוכץ.

דורך די האַלב־פאַרמאַכטע, בלייכע אויגן־לעדלעך האָט זיך דורכגעזיגן די לוילעכע זון, וואָס איז געפאַלן דורך די אוזאָרן פון די פאָרהענגלעך, באַוועגט פון ים־ווינט. זי איז, נאַטירלעך, געווען שטאַרק באַגייסטערט פונעם קורצן באַזוך אין לאַנד. זי האָט באַדויערט די זון, דעם פאַרכאַפּנדיקן אויסבליק פון אויבן, פון הר־הכרמל, אויף דער האַלב־רונדער בוכטע, ווייט אַראָפּ ביז עכו. די פאַרבן זענען לאַנגזאַם צוריקגעקומען אין

אירע באַקן אַריין, אָבער זי איז געווען זייער אָפּגעשוואַכט. טאַקע, ווער וואָלט דען געזאָגט, אַז די דאָזיקע פרוי איז שוין נאָנט צו די פופציק?

מיכלסאָן איז דאָ איינמאָל אַביסל אָפּגעזעסן און האָט אַלץ נישט געוואָגט צו פרעגן וועגן דעם מאָרגענען; ווייל אפשר — האָט ער אַלץ געמיינט — וועט ער דאָ אויך אומגעריכט אויסוואַקסן; ווער קען אים וויסן, דעם דאָ־זיקן? אָבער עפּעס האָט ער נישט אינגאַנצן פאַרשטאַנען, אירע אָפּגעריסענע רייד... דערנאָך, ווען זי האָט אים אַליין פאַרזיכערט, אַז נאָך מיט דריי טעג צוריק האָט מאָרגען פּלוצים געכאַפּט דעם אַוויאָן קיין ניו־יאָרק, האָט ער אַ מורמל געטון אין זיך אַריין, לייכטער אָפּגעאָטעמט. ס׳האָט זיך געוואָלט אַ רעד טון מיט איר אָן באַהעלטערלעך, מיט אָט דער פרוי, אַ צוגעלאָזענע און אַן אומצוטריטלעכע, דוכט זיך, אַן אָפענע רוסישע נשמה און — אַ פאַרבאָרגענע, אַ פאַרטייעטע, מיט אָן אַ שיעור טונקעלע סודות אין יעדן ראַפּינירטן אָפּגלאַנץ פון הינטער אירע לאַנגע וויעס. ווער איז זי? — האָט ער, נאָך אַלעמען, זיך אַליין אַ פרעג געגעבן — וואָס האָט איר געעברענגט צו אונדז אין יענע אויפגערודערטע טעג, באַלד נאָך דער באַ־פרייאונג, צו די פאַריזער אינסטיטוציעס?... און אַפילו איצט... דאָ... ס׳איז אפשר, אַז מען וויל, נאַריש געווען מיטן אויסבאַהאַלטן עס פאַר וואָלפערן, פאַר דעם כיטראַק, מיטן שיטער־באַזוימטן פליכל געלע קרייזעלעך. ווער עס קען אים נישט! מ׳האָט אַפילו נישט געקענט בייז זיין אויף אים אויך. מיט אים איז נאָר גוט געווען אין שותפות פון עפּעס אַ נישט־גלאַטיקן ענין... אַ שטייגער, מיטן מיידעלע דעמאָלט... ביי דער האַנט האָסטו אים אָבער קיינמאָל נישט געקענט כאַפּן.

און דאָ, זיצנדיק לעבן איר, האָט ער, פאַרבייגייענדיק אַפילו דערלויבט זיך צו דערמאָנען די נישט־ווייטע פאַרגאַנגענהייט, פאַריז. ער האָט נאָך אַלץ שטאַרק באַדויערט יענעם אויפדערנאַכט, ווען זי איז דעמאָלט אַזוי אייליק און אומגעריכט פאַרשוווּנדן פונעם פייערלעכן געדענק־אָוונט, פונעם אומפאַרגעסלעכן, זעלטענעם קאָנצערט פון דער געעלטערטער יידיש־רוסי־שער זינגערין. „געדענק־אָוונט" — אַזוי בפירוש איז געווען זיין אייגענע געלונגענע באַצייכענונג פון יענעם אומפאַרגעסלעכן קאָנצערט. זי איז ווידער, האָט זיך אים געדוכט, געווען אין זיין רשות, ווייט פון אַלע זיי־טיקע איינפלוסן און האַרץ־קלעמענישן. „מיר ווערן עלטער, נישט ייִנגער" — אַזוי האָט ער זיך דאָ לסוף אַרויסגעכאַפּט און ס׳האָט אים גלייך אויפן אָרט באַנג געטון.

— צי איז עס דען נישט געווען, מיין ליבע טאַניע — האָט ער זיך אַרויסגעכאַפּט — אַ גרוס פון אַן אונטערגעגאַנגענעם לעבן, פון אַ וועלט...

אָן שום ספק אַ וועלט, וואָס עקזיסטירט אפשר בלויז אין אונדזער קראַנקן דמיון...

אַזוי האָט ער זיך אַרויסגעכאַפּט; און זי האָט אַוועקגעמאַכט, זי האָט נישט געוואָלט הערן מער. און דאָ האָט זיך דער שטורעם אַריינגעריסן. ס'איז געווען ביי אים אַזאַ שוואַכקייט אין די הענט־ און פיס־געלענקען, אין גאַנצן מידן גוף; און דווקא ווייל ער האָט נאָך אַלץ געוואָלט איינהאַלטן אין זיך אַ ווייטע, יוגנטלעכע רירעוודיקייט. ווהין גייט מען? וואו טוט מען זיך אַהין? ער איז מיט וויגנדיקע טריט, שיכורע, אַריין אין קליינעם באַר אויפן מיטל־דעק און דער רייסיקער ווינט האָט באַלד הינטער אים שאַרף אַ פאַרהאַק געטון די טיר. די לעמפּ האָבן זיך געוויגט, די שטולן האָבן זיך געוויגט, אין דו רונדע ים־פענצטערלעך האָט אַלעמאָל אַ שמייס געטון דער וואַסער־שוים פון בערגלדיקן און טאָליקן ים־איבערפלאַך. די פרעמדע לייט, אין די לעדערנע קורטקעס, די שליחים, די פּקידים, וועלכע האָבן דאָרט רואיק געטרונקען ביים צינק, אויף די הויכע באַר־זעסלעך, האָבן אים פרעמד אַ באַקוק געגעבן, אַוועקגעדרייט די קעפּ. זיי האָבן געטרונקען וויסקי און ווי געניטע ים־לייט, מיטגעוויגט זיך אויף די צוגעפעסטיקטע שטולן. קיין אַנדערע „ציווילע" איז נישט געווען צו זען. וואו איז ער ערגעץ אַהינגעקומען, דער פּלוטעוואַטער יונגערמאַן? אַפילו זיין פריינטל, דעם טערקישן ייד בן־סימאָן, וואָס איז אַלעמאָל אומעטום אויסגעוואַקסן, האָט ער דאָ נישט געזען שטיין, ווי געוויינלעך, און ציען עפּעס אַ שאַרף געטראַנק דורך אַ שטרויעלע, פרעסנדיק אַלעמען אַרום זיך מיט די אויגן. וואו איז ער ערגעץ, דער כיטראַק, דער אַדוואָקאַט וואָלפער? צו איר טיר דאָרט איז נאָך געווען אַריבערצולויפן דעם אָפּגעדעקטן פּאַס, דעם שמאָלן דורכגאַנג צווישן דעם לייכט־טורעם און די רעטונג־שיפלעך. אָבער ער האָט אַלץ נישט געוואַגט; ווי אַ געהיימעניש וואָלט דאָרט געשוועבט, הינטערן ליכטיקן פאַרהענגל. און ס'האָט זיך אים מיטאַמאָל געגומען אויסדוכטן, אַז די פאַרשאָלטענע ים־רייזע וועט זיך שוין גאָרנישט אויסלאָזן, אַז זיי וועלן קיינמאָל צו קיין ברעג נישט דערשווימען; אַ פאַרשיכורטע שיף איבער שטורעמדיקע, פאַרלוירענע וואַסערן.

ער איז צוריק אַרויס אויפן מיטל־דעק. אין ווינט, וואָס האָט אַלץ ווילדער געהוילעט, געוואָרפן ווי אַ שפּענדל דאָס קליין־טאַנצאַזשיקע שיפל, האָט זיך אים, אין שיין פון די שאָטנדיקע לעמפּ, געדוכט מיטאַמאָל צו דערכאַפּן דעם אַדוואָקאַטס סילועט, פאַרבייאיילן און דערנאָך — אָפּשאָטענען זיך אויפן פאַרהענגל ביי איר; אַזוי האָט זיך אים אַ רגע אויסגעדוכט, איז געווען כמעט ווי זיכער; און אפשר איז עס גאָר געווען אַן אויסדוכטעניש? אפשר איז עס גאָר געווען איינער פון די פלינקע מאַטראָסן, וואָס זענען

נאָכאַנאַנד אַרויף און אַראָפּגעלאָפֿן דורך די פֿאַרצויגענע לייטערס, שטריק און באַריערן? אין רייסיקן ווינט, האָבן זיך דאָרט אַלץ געטראָגן זייערע הילכיקע איבערופֿן. די אייזערנע קלאַפּ־טירן, די בריקלעך, די באַריערן האָבן מעטאַלערן געקרעכצט, געזעגט, געסקריפּעט, אַזיווי געקריצט און געמאָלן מיט ריזיקע, שטאָלערנע ציינער; און אַפֿילו די מאַשינען־אָפּטיילונג, ערגעץ טיף אין די קעלערן פֿון דער שיף, האָט געאַרבעט מיט אַ פֿאַרדאָפּלטער קראַפֿט. אין די האַלב־טונקעלע קאָרידאָרן פֿון אַלע קלאַסן, ביז טיף אַראָפּ, האָט זיך אַלעמאָל אויפֿגעריסן אַן אַנדער טירל און אַ פּלעק, איז אַרויס, אין די אונטערוועש, אין אַ פּיזשאַמע, אַ שויבערדיקער; האַלטנדיק די האַנט פֿאַר־זיך, איז ער קוים דערלאָפֿן צו דער פֿאַרענטשע. אָבער אויפֿן אויבערשטן בריקל, אין סאַמע שטורעם, האָט זיך אַלץ רואיק געלויכטן דאָס ליולקעלע צווישן די ציינער פֿון קאַפּיטאַן, וויגנדיק זיך צוזאַמען מיטן שיפֿל אַרויף און אַראָפּ.

מיכלסאָן האָט זיך בלינד אָנגעהאַלטן אין די פֿאַרענטשעס, אין די טרעפּלעך. ער האָט זיך נאָך קיינמאָל נישט דערפֿילט אַזוי אַליין. „מען קען דאָך אַזוי אומקומען" — האָט ער נאָך באַוויזן אַ טראַכט צו טון אין אַנגסט. דאָס ליכטיקע פֿענצטערל טיף אַראָפּ פֿון ערשטע קלאַס האָט אים אַלץ געלאָקט און געבלענדט. אַהין, איז ער אַלץ געווען זיכער, איז דער סילועט וואָלפֿערס פֿאַרשוווּנדן; ער וואָלט געשווירן, אַז דאָס איז געווען נישט קיין אַנדערער, ווי ער. אַ רגע האָט ער זיך פֿאַרהאַלטן אין דער נישע, ביים פֿאַרדריי צום אויבער־דעק און האָט זיך שאַרף אַ דערמאָן געגעבן, אַז עפּעס האָט ער אים טאַקע אינגאַנצן, אַפֿילו קיין איין מאָל נישט, איבערגעפֿרעגט וועגן איר; ווי ער וואָלט טאַקע נישט אָנגעהויבן צו וויסן וועגן איר עקזיסטענץ אויף דער שיף. אָבער צי האָט ער טאַקע נישט געוווּסט, דער כיטראַק, וואָס פֿאַרנעמט זיך אין פֿאַריז מיט די אַלע טונקעלע געריכט־אַפּערעס? עפּעס גלויבט זיך פֿאָרט נישט. און אַ היץ איז אים אָנגעלאָפֿן איבערן גאַנצן לייב, דער ווינט האָט אים פֿאַרשלאָגן דעם אָטעם. אַפֿילו דאָ, הייסט עס, כיטרעוועט ער אים איבער. ער האָט שוין מער נישט געזען דעם וועג צוריק צו דער קאַבינע, נישט דעם וועג צום ליכטיקן שייבל דאָרט, ווו ס'איז געווען, האָט זיך אים ביז איצט אויסגעוויזן, נאָר זיין אייגענער סוד, מער קיינעמס נישט. ער האָט אויפֿגעציטערט, דערפֿילט מיטאַמאָל ווי עמיץ רירט אים אָן ביים אַקסל, ביי אַ פֿאַרשטייפֿטער האַנט; אין גרויסן גערודער פֿון אַלע נאַטור־עלעמענטן, פֿונעם מעטאַל פֿון דער שיף, האָט ער דערהערט, שרייט אים אַוורעמעלעס קול אין אויער אַריין מיט אַ מין אינעווייניקסט, פֿאַרבאָרגן לאַכן:

— ס'איז ער, פֿריינט מיכלסאָן... ס'איז טאַקע ער...

— פונוואַנען ?... איר האָט אים דען געזען ?... — האָט מיכלסאָנס שטים אַביסל אונטערגעציטערט.

און ער האָט זיך פּלוצים צוריקגעצויגן, ווי פאַרשעמט, פון דער אומ־געריכטקייט, מיט וועלכער אָט דער פלוטעוואַטער יונגערמאַן האָט זיך אַריינגעקריגן אין דער אָפּגעשלאָסנקייט פון זיין וועלט, פון זיין טראַכטן, פילן און שווערן איבערלעבן.

אַ פרעמדער. ווער ווייס וואָס נאָך פאַרא זאַכן ער שטויסט זיך אָן ? ווייל זינט ער איז פאַר עטלעכע יאָרן געוועזן זיין באַגלייטער קיין פוילן, אין די לאַגערן פון דייטשלאַנד, זיין שטענדיקער אַדיוטאַנט אין פאַריז אויף אַלע הסיפּות, נישט רעכענענדיק אין די פּאַר־אָקופּאַציע־ און אָקו־פּאַציע־יאָרן, האָט ער צופיל געוווּסט, דער יונגערמאַן; ער האָט אפשר גע־ווּוסט אַזוינס, וואָס ער האָט אַוודאי נישט באַדאַרפט צו וויסן. ער איז גע־וואָרן אַ מבין אויף אַ ליאַדע מינע זיינער. ס׳האָט אַביסל פאַרדראָסן. ער האָט זיך פּשוט פאַרשעמט. אָבער ס׳איז שוין געווען אַלצאיינס.

— זי פילט זיך דאָרט שלעכט, איר ווייסט... אַ פרוי אַליין... זי האָט דאָ קיינעם נישט... איר פאַרשטייט ? — האָט ער נאָך געפּרוווט זיך צו פאַרגלעטן די אומגעריכטיקייט און ער האָט שוין מער וואָלפערס נאָמען נישט געוואָלט דערמאָנען.

אָבער אָנקוקנדיק, אין קאַרגן שיין, אַוורעמעלען, האָט ער גלייך דער־כאַפּט, אַז יענער גלויבט אים אַ האָר נישט, אַז ער לאַכט אַריין אין זיך אַ גרויס געלעכטער.

ווער האָט דען געקענט וויסן וואָס פאַראַ שעה ס׳איז געווען. און אפשר איז די נאַכט שוין לאַנג געהאַט אַריבער. אָבער קיין זון איז נישט אויפ־געגאַנגען. קיין שום אָפּשטראַלונג. ס׳איז אַלץ געווען געדיכטער נעפּל און דורכן נעפּל האָט זיך מיטגעוויגט אַ קליינער, בלייכער פלעק אויפן שטרענג־פאַרשלאָסענעם הימל; מ׳האָט נישט געוווּסט צי ס׳איז אַ זון, אָדער אַ לבנה. אָבער דער ווינט האָט זיך אַביסל געלייגט, נאָר דער שטעכיקער, אָפּגע־קילטער דאַמף האָט צוריק פאַרטריבן אין די קאַרידאָרן אַריין, אונטער אַן אָפּדעכל, אַ ווענטל, פאַרטוליעט אין אויפגעשטעלטן קאָלנער.

און דעמאָלט האָט ער אים שטיל, ווי פאַרשולדיקט, אַ בעט געטון, דעם יונגערמאַן:

— טוט אַ קוק, כ׳בעט אייך... — האָט ער אים אַ שושקע געטון פאַר־שעמט — צי איז עס טאַקע ער... כ׳מיין, דער אַדוואָקאַט...

ער איז אַוועק, אַוורעמעלע, מיט אַ זייטן־שטעג, צו יענעם ליכטיקן

שייבל און אין זיין דאַרער, געהויקעטער פּלייצע, האָט זיך מיכלסאָנען אַ ווילע געדוכט, איז געלעגן דאָס גאַנצע, נישט־אויסגעשאָסענע געלעכ־טער. ס'איז שוין אַלצאיינס געווען. מ'האָט אים סוף כל סוף באַדאַרפט אַריינגעמען אין סוד אַריין. ער קען ברענגען נוצן. שוין אַ יאָר צענדליק ווי ער קען אים, דעם יונגערמאַן; עס דוכט זיך נאָר אפשר אַזוי אויס, אָבער ער איז ווייט נישט פון די פאַרשלאָפענע...

# 18

אומזיסט האָט ער, הייסט עס, וויגנדיק זיך אין די עטלעכע טעג אויפֿן אַלטן שיפֿל איבערן מיטללענדישן ים, אַזוי שטאַרק זיך געגריזשעט, דער ייד מיכלסאָן. ס'האָט נאָך פֿונדעסטוועגן אַזוי ווייט נישט געהאָלטן. פֿאַר־קערט. ער האָט זיך קודם פּשוט מחיה געווען מיטן פֿאַריזער דעצעמבער־נעפּל, וואָס איז געקראָכן אין האַלדז אַריין, צוריק דערפֿילט זיך אין דער היים. דער „גוישער" ניי־יאָר, וואָס האָט זיך באַלד אָנגערוקט, האָט גע־לאָקט מיט אַ באַזונדער מין פֿייערלעכקייט. נישט נאָר דאַנציקער אַליין האָט אים גאָר צוריק אָנגעהויבן באַמערקן — ווייל געווײַנלעך האָט ער אים דאָרט אין די קולואַרן אויסגעהערט מיט איין אויער און איז ווייטער געלאָפֿן, — נאָר אַריינגעבעטן אים צו זיך, הינטער די שווערע, דעמבענע טירן, געוואָלט הערן וואָס ער האָט צו דערציילן פֿון דער רייזע, איז מער נישט צוגעשטאַנען מיט זיינע אייביקע ביטערע אָנצוהערענישן, פֿאַרוואָרפֿן, איינגעוויקלט אין אַ סך זיסע, איידעלע רייד, ווי דעמאָלט, פֿאַר עטלעכע יאָרן, ווען ער האָט אים פּשוט אַרויסגעטריבן צו גיין לאָזן זיך אין אַזאַ ווייטער נסיעה, אין סאָמע ווינטער, ערגעץ אין די לאַגערן פֿון דייטשלאַנד, קיין פּוילן, מיט טונקעלע איניציאַטיוון און מיסיעס; איין גאָט ווייס, אַז ס'איז נישט געווען מער פֿאַר זיינע כּוחות. דאַנציקער, וועלכער איז נאָר־וואָס ווידער געקומען אָנצופֿליען מיטן אַוויאָן, צוריקקוועגס פֿון עפּעס אַ וויכטיקער שליחות אין אַמעריקע, איז דאָרט ברייטלעך געווען צעלייגט אין פֿאָטעל, פֿאַרוויקלט אין פֿאַרפֿומירטן רויך, און האָט דאָס מאָל צייט געהאַט צו זיצן און צו שמועסן מיט אים באריכות; ס'איז געווען אין די טעג פֿון ערב ניי־יאָר און מ'האָט זיך שוין באַצייטנס געפֿילט אַביסל יום־טובדיק אויפֿגעלייגט.

— איר געדענקט מיינע רייד ?... — איז ער, ווי אַלעמאָל, געווען פֿול

מיט טריאומף — ווי כ'האָב צו אייך דערמאָלט געטענהט: געוואַלד, מיכלסאָן, האָב איך צו אייך דערמאָלט געטענהט, אײלט זיך נישט אַזוי שטאַרק מיטן אַרויסטראָגן אורטיילן... כ'מיין, אַז איר זעט שוין אַצינד אַליין איין פון וואַנען די ריכטיקע הילף פאַר ישראל קען און וועט קומען... אַוודאי זענען נאָך דאָרט, כ'מיין ביי די אַמעריקאַנער, געוועזן קליינע אָפּהאַלטן... מען קען אַפילו זאָגן — שוועריקייטן...

דעם אמת געזאָגט, האָט מיכלסאָן גאָרנישט אָנגעהויבן צו געדענקען, אַז ער זאָל טאַקע האָבן געלאָזן פאַלן אַזעלכע מיני רייד; נאָר מילא, ס'האָט נישט געפּאַסט אים צו דערווידערן אין זיין פּלוצימדיקן עקסטאַז, כאַפּן אים פּשוט ביי אַ גראָבן ליגן, דעם צעקאָכטן ייד, וועלכער האָט אייביק געהאַט אַ פול מויל מיט פּאַראויסזאָגענישן, אַנצוהערענישן, טיפע מיינונגען. סוף כל סוף האָט מען אַלעמאָל זייטיק געקענט ביי אים עפּעס גע־ווויר ווערן וועגן דעם, וואָס קאָכט זיך דאָרט אינעווייניק, און דווקא זייער טשעקאַווע זאַכן; בפרט, אַז אומדירעקט איז מען אַלעמאָל אָפּהענגיק געווען פון אים. אָבער געפילט האָט ער באַלד, אַז ער וויל אויך דאָסמאָל ערגעץ־ווו דערפירן, אַז נישט סתם אַזוי האָט ער זיך צעלאָזן; און ס'האַרץ האָט זיך ווידער אין אים עפּעס געשראָקן: נייע לאַסטן, נייע אויפגאַבן, נייע קאָמ־פּליקאַציעס. זיי מיינען אַלע, אַז ס'איז אַזוי לייכט און איינפאַך אין יידישן פּאַריז. מען דאַרף זיך אונטערגאָרטלען. גענוג שרייען זיי שוין וועגן די אַלע געהיימע טרעפונגען פון פאָרשטייער פון דער יידישער אַגענץ מיט די פאָרשטייער פון מערב־דייטשלאַנד... וועגן די עולים־לאַגערן, די מעברות, ווו מענטשן גייען פּשוט אויס... גיי לייקן אַלץ אָפּ...

— אַוודאי — האָט מיכלסאָן געלאָזן פאַלן שטיל, אַזויווי פאַרשולדיקט — ס'קומט אויס, נישט אַנדערש, נאָר אָנצושפּאַרן זיך אויפן אַמעריקאַנער יידנטום... כאָטש צוריקגערעדט — די הילף זייערע, כ'מיין פון די סאָוויעטן אין דער „אָנו"... די געווער־טראַנספּאָרטן פון די פאָלקס־דעמאָקראַטיעס... מילא...

— בלויז אויפן יידנטום? — האָט יענער גאָרנישט דערהערט אַפילו זיינע רייד — איר וועט נאָך געוווּיר ווערן. שאַט, נעמט כאָטש אונדזערע היימישע פּריינט, וועלכע האָבן אַמאָל דאָרט געהאַלטן אין איין פאָדערן נאַציאָנאַל־קולטורעלע אויטאָנאָמיע ביי די אומות העולם, אין אייער אַזוי־גערופענעם גלות, אויך זיי האָבן זיך אַ נויג געטון. איר וואָלט באַדאַרפט הערן ווי זיי רעדן דאָרט היינט וועגן דער מדינה. יידיש אַהער, יידיש אַהין... וואָס טויגן מיר דאָרט די אַלע מעשיות... מען קומט אַדורך און פאַרטיק!...

יאָ, פון אַזעלכע רייד איז אים אויך אומגעריכט וואַרעמער געוואָרן.

מיכלסאָגנען. וואָס דאַרף מען מער? אַפילו זי אַליין, טאַניע, האָט אים צוריק אויפגענומען מיט אַלע אירע פֿאַרלאָקנדיקע שמייכלעך. זי האָט אים בפירוש אַריינגעוואָרפן אָנצוהערענישן, אַז ס'איז נאָר געווען אַן אויסדאַכטעניש מיט דעם וואָלפֿערן; און בכלל... פֿאַר וועמען זי איז שטרענג געווען, אָבער אים האָט זי אויפגענומען מיט גרויס חשיבות, אַז אין אַלע זיינע אויסגעקילטע אברים האָט זיך ממש אַריינגעגאָסן אַ פריש חיות. מיט איין וואָרט — ס'האָבן מיטאַמאָל געבלאָזן נייע ווינטן אין פאַריז. ס'איז געווען קלאָר: דורך אָט די אַלע ענג־פֿאַרבונדענע און ענג־פֿאַרקניפּטע קרייזן — פון נעפלדיקן פאַריז, אין דעצעמבער־רעגן, פון די אינסטיטוציעס און היימישע הייזער אין 16־טן אַראָנדיסמאַן, ביזן צופיל־זוניקן לענדל דאָרט, אַפילו ביזן הסתדרות־פירער בן־צבי, איז דער דייווי מאָרגען, אין משך פון די עטלעכע געציילטע וואָכן, טעג ממש, דאָ אַדורך, אויפגעבליצט, ווי אַ מין מעטעאָר, ווען ער איז פלוצים געקומען אָנצופליען מיטן טראַנס־אַטלאַנטישן אַוויאָן און איז דערנאָך, פונקט אַזוי פלוצים, פאַרשוווּנדן; אָבער דער ליכט־פּאַס, דער פייער־צייכן, איז ווייט און ברייט געפאַלן, אויסגעווירקט זיך מיט חדשים און אַפילו מיט אַ יאָר־אַנדערטהאַלבן דערנאָך; ווען געשעענישן, וואָס זענען נאָך פריער, אַזוי צו זאָגן, געווען אין עמבריאָן, וועגן וועלכע מ'האָט בלויז געקענט אָנען, האָבן זיך דערנאָך אַזוי קלאָר און דייטלעך באַוויזן אויף דער ליכטיקער שיין; סיי דאָרט, אין ישראל, סיי אין אַלע מעגלעכע קרייזן פון פאַריז, צווישן יידן און אַפילו צווישן נישט־יידן, דער עיקר אין די רעכט־סאָציאַליסטישע קרייזן. מ'האָט זיך טאַקע געקענט פרעגן: פון ווען אָן האָבן זיך עס די אַלע אַזוי שטאַרק אינטערעסירט מיט ישראל? די יידישקייט פון אַזאַ דייווי מאָרגען, אַ שטייגער, ווי פון אַ סך אַנדערע פון זיין שניט, האָט זיך גענומען אָנצייכענען ערשט אין די לעצטע פאָר יאָר, מיטן טומל אויף די אינטערנאַציאָנאַלע אַרענעס און אימפּרעזעס אַרום דעם אַנטשטיין פון מדינת ישראל. פריער, נאָך גאָרנישט לאַנג, ווען יידיש בלוט האָט זיך געגאָסן אין אייראָפּע, האָט מען זיי איבערהויפּט נישט געזען און נישט געהערט פון זיי. זייער פלוצים־דיקער אינטערעס אַליין האָט שוין געקענט וועקן געגנוג חשדים. טאַקע, נאָכוואָס פלוצים? און צי האָבן זיך די אַלע אָפּגעפרעמדטע יידן אַזוי שטאַרק איינגעשטעלט דעמאָלט, ווען דער גורל פון דער מדינה איז געהאָנגען אויף אַ האָר, אין יענע חדשים פון ביטערן, האַרטנעקיקן קאַמף, ווען אַמעריקע האָט נאָך אַלץ מאַנעווורירט, בלאָקירט מענטשן און געווער, געשפּילט אויף דער קאָרט פון נישט־אַריינמישן זיך? אויך דעמאָלט האָט מען זיי עפּעס, די אַלע, נישט געזען.

אָבער מער ווי אויף אַלעמען איז דער אָפּשיין פונעם ליכט־פּאַס,

פונעם פייער־צייכן, אומגעריכט געפאַלן אויף דער שכלדיק־מאַנסבילשער טאַטיאַנאַ איסאַקאָוונאַ. אַזוי האָט זיך אין מיכלסאָנס אויגן באַקומען. די קלוגע טאַניע איז מיטאַמאָל מער נישט געווען די זעלבע. קיינער האָט זי מער נישט דערקענט. ס'איז מער נישט אַזוי לייכט געווען אָנצוקומען צו איר. זי האָט געטריבן פון זיך. די פעסטע, דעמבענע טיר, היגטער וועל־כער זי איז געזעסן, איז מערנישט געווען צוטריטלעך פאַר אַלעמען. ס'זענען מער נישט געווען די פריערדיקע אָנגענעמע שמייכעלעך פאַר אַלעמען כמעט. זי האָט אין אויסגעקילטן פאַריזער דעצעמבער־נעפל פאַראַדירט אין אַ פאָר הויזן, די פריזור פאַרשוירן יינגלעריש, אונטערגעבונדן מיט אַ רויט, חנוודיק סטענגעלע, געריכערט פריי די אַמעריקאַנער סיגאַרעט־לעך, געבלאָזן פון זיך דעם רויך, אַליין געפירט דעם קליינעם, עלעגאַנטן וואָגן. אַפילו אירע נאַנטסטע האָבן עס געמוזט אָנערקענען. זיין זאָג מאַר־געגס אַנומלטן, ביי אַ פייערלעכער געלעגנהייט, אַז — „יעדער דאָלאַר מוז איצט אָנגעווענדט ווערן מיט אַ ציל", איז געווען ווי אַ סיגנאַל, ווי אַ פאַ־ראָל, אָנצוווענדן אומעטום און ביי יעדער געלעגנהייט. ס'האָט זיך אפשר נישט געהאַנדלט בלויז וועגן די אָרעמע סובסידיעס פאַר די קינדער־הייזער פון דערשאָסענע און דעפאָרטירטע, פאַר אַלערליי סובסידיעס פון די הילפס־געזעלשאַפטן, ווו מ'האָט פאַרקערט, נישט אויפגעהערט צו געבן, אָבער ווו מ'האָט בפירוש געפאָדערט תכלית. ס'איז געגאַנגען פיל ווייטער און וועגן מער וויכטיקערס. ס'האָט זיך קודם כל געהאַנדלט אין אַ טיפן ריס, אין שפאַלטונג, צעשטערונג פון אַלדאָס פאָזיטיווע, געמיינזאַמע, וואָס איז מיט אַזויפיל מי געשאַפן געוואָרן צווישן יידן אין פאַריז.

כאָטש ס'האָט אים דעמאָלט פאַרשאַפט נישט ווייניק עגמת־נפש, פאַר־דרוסן, האַרץ־ווייטיק, מיכלסאָנען, האָט ער אַצינד געהאַט אַ סך פאַר־געניגן אָנצוקוקן ווי זי פליט אָן מיטן קליינעם וואָגן, וועלכן זי אַליין האָט אַזוי געשיקט געקירעוועט צווישן גרעסטן גאַסן־טומל, פאַרשטאָפט פון הונדערטער אויטאָס. ער האָט נישט אויפגעהערט צו באַוווּנדערן די ענער־גיע פון אָט דער פרוי. זי איז נאָך אַלץ געווען פאַר אים רעטעניש; איר האַנדלען שטרענג, אַפילו בנוגע אייגענע, אַפילו בנוגע אים אַליין. אויך זי האָט שוין געקענט אַביסל זיין כאַראַקטער, געפאָדערט פון אים פעסט־קייט, מוט, ווילן, פאַרביסנקייט.

— מ'וואָלט באַדאַרפט, פריינט מיכלסאָן, אויפקלערן אין אייער צייַ־טונג די זאַך אַביסל געגויער... — האָט זי געפאָדערט — וועגן די דייטשע רעפּאַראַציעס, אַ שטייגער... ס'איז, איר פאַרשטייט, נישט קיין צייט צו שפּילן זיך אין ברוגזן, ווען דאָס הויז ברענט...

— איר מיינט טאַקע, מיין ליבע טאַניע, אַז ס'האַלט שוין דאָרט אַזוי ווייט? — איז ער אַליין געווען שטאַרק פאַרוווּנדערט, אומרואיק און איבער־ראַשט.

ער האָט זיך געווישט מיטן טיכעלע אַרום הויכן קאָלנער, איז געווען כמעט פאַרצווייפלט.

— וואָס, נאָך אַלעמען, קענען מיר וויסן? — האָט זי זיך זייער קלוג אויסגעדרייט פון אַזאַ אָפענער צודרינגלעכקייט — מיר דאַרפן אָבער פאָדערן פון זיך אַליין מער ווי פון אַנדערע; מיר דאַרפן פאַרשטיין אין וואָס פאַראַ וועלט מיר לעבן. פראַוועון סתם סענטימענטן איז מער נישט דער מאָמענט...

ער האָט זי ביז איצט גאָרנישט געקענט פאַר אַזאַ... קילע און באַ־דאַכטע; פאַר אַזאַ... יאָ, זי האָט אים, האָט ער דערפילט, גוט אַריינגענומען אין אירע הענט אַריין; און ס'האָט אים, דעם אמת געזאָגט, אַזוי שטאַרק נישט געאַרט אויך; — האַנדלען פעסט, די פשרהדיקייט, די צוויי־דייטיקע רייד — דאָס אַלץ איז גוט געווען, ווען די שפּיל איז נאָך נישט געווען אינגאַנצן קיין אָפענע. אָבער אַצינד?

זי האָט אים אַריינגעזעצט אין איר וואָגן, אַרומגעפירט אים האַלבע טעג, באַפוילן, אָנגעזאָגט, רעקאָמענדירט, געשטויסן, גערעדט אַפילו אין זיין נאָמען ווו מ'האָט באַדאַרפט, פאַרמאַסקירט זיך אין זיין געשטאַלט, אַרויסגענומען און אַריינגעלייגט אים ווערטער אין מויל אַריין, וועלכע ער, אין זיין פּאָזיציע, וואָלט אַזוי באַדאַרפט צו רעדן; ווי אַ שטייגער:

— מיר פאָדערן פון די דייטשן דאָס, וואָס קומט אונדז... מיר זענען אָרעם... מיר דאַרפן אויפבויען דאָס לאַנד... איינאָרדענען די עולים, וועלכע ראַטעווען זיך אַרויס דער עיקר פון די מזרח־לענדער, ווו מען ברענגט זיי אום אַלס יידן... שלח את עמי — שיק אַרויס מיין פאָלק...

מיט איין וואָרט...

אין די אַלע היימישע הייזער פון 16־טן אַראָנדיסמאַן איז מיכלסאָן סוף דעצעמבער פונקט געהאַט אַריינגעפאַלן צו די ניי־יאָר־פייערונגען. ביים אַלטיטשקן דירעקטאָר פון פּראָפּעסיאָנעלער אויסבילדונג, ביי גרי־גאָרי ביילינסן אין הויז, איז אַפילו אויפגעשטעלט געוואָרן אַ ניי־יאָר־בוים אין מיטלסטן גרויסן זאַל און ס'זענען אין דעם אָוונט אַראָפּגעקומען אַ סך געסט. די הויכע יידענע זיינע, בעלאַ אַבראַמאָוונאַ, איז אַרומגעלאָפן איבער די צימערן אַ פאַרפלאָמטע און אַ פאַרפאָרעטע. ביים הויז, פאַר די טרעפּ־לעך, האָט זיך אַלעמאָל אָפּגעשטעלט אַן אַנדער וואָגן און דער אַלטער גריגאָרי ביילינס איז ביי יעדן געררויש, ווי אַ ייִנגל, אונטערגעלאָפן מיט פלייסיקע טריטעלעך צום פענצטער און פאַרשאַר־געטון די גאַרדינען.

ער האָט צוגעקלעפּעט זיינע ראָזע בעקלעך צו דער פאַרלאָפענער שויב, געקוקט אונטער אַ האַנט־דעכעלע מיט זיינע קורצזיכטיקע, קליינע, רויטע אויגן אין בלויען דרויסן אַריין, ווו ס׳האָט געשאָטן אַ שטיל, ערב־ניי־יאָר שנייעלע.

— לעוו נאַאומאָוויטש און סאָפיאַ דאַווידאָוונאַ... — האָט ער אַלץ, ווי אַ ייִנגל, פריילעך געפּאַטשט מיט די הענט און איז אונטערגעשפּרונגען — דאַנציקער און טאַטיאַנאַ איסאַקאָוונאַ...

ווען ער האָט געמאָלדן וועגן די לעצטע צוויי, איז אין זאַל אומגעריכט אַביסל היימלעכער געוואָרן. מיכלסאָן, וואָס האָט אין די לעצטע פאָר יאָר אַלצאיינס מער כמעט נישט געהאַט קיין היים, זיך צוביסלעך געוואַלגערט אין אַלע היימישע הייזער צו מיטאָג און צו אָוונט־ברויט, האָט זיך אומ־רואיק אויסגעגלייכט און אַדורכגעשפּאַנט זיך צווישן אַלע ברייט־אויפ־געמאַכטע טירן פון די צימערן. שוין דעם גאַנצן נאָכמיטאָג זענען די שטובן געווען פאַרשמעקט מיט כלערליי יום־טובדיקע ריחות פון לאַטקעס, כרעמזלעך, בלינעס, פּיראָגעס, געפּרוירן זויער־קרויט, געפּעקלט פלייש, אויפּשניט און יונגע, „מאַלאָסאָלנע״ אוגערקעלעך. די פלעשלעך „וואָדקאַ״, אויסגעשטעלט אין אַ שטרענגער ריי, האָבן געפינקלט אויפן ווייסן סער־וויעט, נאָכנישט אויפגעקאָרקעוועטע. זיי האָבן נאָר געוואַרט אויף דער פעסטער דלאָניע, אויף דאַנציקערס האַריקע הענט, דער פּראָפּן זאָל אַ שפּרינג טון צום סופיט. אויסער דעם האָט מען זיך נאָך אין דעם פייער־לעכן אָוונט געריכט אויף די אמתע רוסישע געסט, זייער וויכטיקע, געהוי־בענע געסט פון אָפּגעקומענעם אַדל.

— ס׳פעלט נאָך, יעי באָגו, אַ געבראָטן חזירל מיט אַ מייערל אין פּיסקל... — האָט באַלד דאַנציקער, אַריינפאַלנדיק אַהער פון פראָסטיקן דרויסן, אַ צערויטלטער, מיט אַן אויפגעשטעלטן פוטער־קאַלנער, מיטן פיין־פאַרשניצטן קוטיעפאָוו־בערדל, וואָס ער האָט זיך לעצטנס געלאָזן וואַקסן, פאַרהילכט די שטובן מיט זיין אומגעווינלעכער הירזשעריי און האָט פאַר אַלעם באַשאָטן מיט קאָמפּלימענטן דער באַלעבאָסטע פון הויז — מיר וועלן דאָך גאָרנישט וויסן, בעלאַ אַבראַמאָוונאַ, ווי אַזוי אייך אָפּצודאַנקען פאַר אַזאַ מלכותדיקן טיש... — ער איז געוואָרן ליריש און זיינע ציגיינערישע אויסגעשרויפטע אויגן זענען שיעור נישט אַרויסגעשפּרונגען — באָזשע מאָי... „נאָוויגאָד״... סאַנקעס...

ביי מיכלסאָנען האָט געפלאַמט דער שטרענג־אויסגעגאָלטער קין. הינטער אים, אויף דער סאָפע, האָט ער, שוין באַלד נאָכן צווייטן גלעזל, ווי אין נעפל, דערכאַפּט עמיצנס פריילעכע, שושקענדיקע רייד:

—... איר ווייסט דען נישט?... אַך־אַך־אַך... נישטאָ שוין מער קיין גלח... נישטאָ שוין מער קיין מאָרגען... ווי אָן אַ קאָפּ דרייט זי זיך אַרום...

ער האָט זיך האַלב אומגעדרייט און באַלד אַוועקגעכאַפּט דעם בליק אינאַזייט, נישט צו לאָזן מערקן אַפילו קיין פאַרדאַכט, אַז ער האָט דאָ גאָר עפּעס געהערט. פון אים האָט זיך אָבער די ניכטערקייט קיינמאָל אַזוי לייכט נישט אָפּגעטון.

ס'האָט שוין געקענט זיין זייער שפּעט, אָבער די וויכטיקסטע געסט האָבן ערשט אָנגעהויבן אַריינצושיטן זיך. ס'איז געווען קורץ ערב דעם פייערלעכן מאָמענט פון אויסלעשן די ליכטער, פון צעקושן זיך, ביים באַגעגענען דאָס נייע יאָר, פּונקט צוועלף דעם זייגער. ער האָט נאָך באַוויזן צו דערכאַפּן, ווי די אָרעמע קרובה, סאָפיאַ דאַווידאָוונאַ, וואָס איז געווען אָנגעלענט הינטער אים אויפן באַרג קישנס פון דער קאַ־נאַפּע, האָט געבלאָזן איר אַריסטאָקראַטיש גוידערל, האָט זיך געווישט מיטן טיכעלע די פאַרטריקנטע ליפּן, ווי זי וואָלט דאָ, חלילה, גאָרנישט געהערט, וואָס איר שכנה, אַ קליין ווייבל מיט אַ גיך־מאָלנדיק פּיסקל, אַ לאַכערקע, האָט איר דאָרט איינגערוימט; ווייל ס'האָט זיך איר אַלץ געדוכט, אַז מיכלסאָן האָט זייטיק יאָ עפּעס דערכאַפּט פון זייערע האַלב־שיכורלעכע רייד, אין אַ מאָמענט, אמת, ווען מען פילט זיך שוין מער נישט און מען ברענגט אַרויס פאַרן מויל דאָס, וואָס געוויינלעך ווערט עס גערעדט שטיל, מער אויפן ווונק, מיט האַלבע שמייכעלעך און מיט ווייטע אָנצוהערענישן.

דאָ, אין דער אַטמאָספער פון פלעשער, סיגאַרעטן־רויך, האַלב־שיכור־לעכע געסט, פאַר האַלבער נאַכט, אין פייערלעכן ניי־יאָר־אָוונט, האָט מען וועגן דעם געקענט אין האַלבן שפּאַס אַ רעד טון צווישן זיך. אָבער מיכלסאָן איז נאָך נישט געווען אַזוי שטאַרק שיכור, ווי זיי האָבן געמיינט. ער האָט נישקשה גוט געהערט, דערכאַפּט און געמאַכט זיך נישט הערנדיק. צי האָט ער דען אַליין נישט געוווּסט און פאַרשטאַנען וועגן וועמען ס'איז די שושקעריי? נאָר גאָרנישט, ס'איז שטאַרקער געווען פון אים אינגאַנצן. אין די לעצטע עטלעכע יאָר האָט דער עלנט אַרויסגעשריגן פון דעם ייד, אַז ס'איז באַלד שווער געווען אויסצובאַהאַלטן אַזויפיל פאַר אַ זייטיק אויג. טאַטיאַנאַ איסאַקאָוונאַס יינגלעריש־פאַרשווירענע האָר מיטן חנוודיק־אונ־טערגעבונדענעם סטענגעלע האָט ער געזען אין נעפּל אין אַלע ליכטיקע טירן, אין אַלע שפּיגלען, אומעטום איז זי אויסגעוואַקסן, אומעטום האָט ער געזען נאָר איר, נאָר טאַניען, מער קיינעם נישט. די רייד... ער האָט עס סיי־ווי געוווּסט, אַז הינטער זיינע פּלייצעס פּליאָטקעווועט מען שוין צוביסלעך... איבערהויפּט די ווייבער...

— באַגלייט מיך, פריינט מיכלסאָן — האָט זי געלאַכט שיין און האַלב־שיכורלעך, ווען דער עולם האָט זיך שפּעט נאָך האַלבער נאַכט אָנגעהויבן פונאַנדערצוקריכן — כ'האָב מורא, אַז כ'וועל איינע אַליין מער נישט טרעפן דעם וועג אַהיים...

— נו, מילא... — האָט ער, שטייענדיק אין קאָרידאָר, הינטער אַלע־מען, זי אָנגענומען לייכט, קאַוואַלעריש אונטערן אָרעם און אַראָפּגעפירט זי די צוויי־דריי טרעפּלעך. זי האָט באַלד אַ לויף געטון צום וואָגן, פלינקער ווי אַלעמאָל אַ לאָז געגעבן דעם אָנצינדער, אַפילו רעכט נישט צעזעגנט זיך מיט די איבעריקע, וואָס האָבן נאָך, טומלענדיק הויך, אַרויסגעשאָטן זיך דורך דער פּאַראַדנער טיר, און אַ בעט געטון ביי אים דערלעבן:

— פּאַרקלאַפּט דאָס טירל.

ער האָט עס באַלד דערפילט, אַז זי וויל היינט זיין מיט אים אַליין, ווייל געוויינלעך שלעפּן זיך ביי אַזאַ געלעגנהייט מיט נאָך געסט. זיי האָבן זיך אַפילו נישט אומגעקוקט ווי דער אַדוואָקאַט וואַלפער איז נאָך דאָרט שטיינגעבליבן אויף די טרעפּלעך, דעם הוט פאַרוקט אינאַזייט, דער שאַל צעפלויגן, אין נישט־צוגעקנעפּלטן מאַנטל. זיי זענען געפלויגן איבערן וואָכעדיק־וואַכן פּאַריז, איבער וועלכן ס'האָט נאָך געהויערט די שיכורע ניי־יאָר־נאַכט, כאָטש ס'האָט שוין באַלד גענומען אויפטויכן דער אויסגע־קילטער, נעפּלדיקער פרימאָרגן פון 1־טן יאַנואַר.

— טאַניע — האָט ער לסוף אַ בעט געטון זייער דערשראָקן און היי־מיש — אַביסל לאַנגזאַמער, כ'בעט אייך.

— לאָזט מיר נאָר דובלירן... — האָט זי, ווי אין עפּעס אַן אַזאַרט, אויסגעזען צו זיין פאַרטראָגן, נישט צו דערהערן אַפילו זיינע רייד. זי האָט פלינק געקירעוועט די מאַשין און אים דערביי אויפגעקלערט אַ גאַנצע טעאָריע וועגן דער געשיקטקייט צו פירן דעם וואָגן, אָן ריזיקע. אין דער מיט פון דעם אַלעמען איז טאַקע סוף כל סוף געווען אַ קליינער צוזאַמענשטויס, צום גליק, נישט קיין געפערלעכער. פון הינטן האָט מען זיך שוין הילכיק געזידלט, די טירלעך האָבן געקלאַפּט, די אויטאָ־טרויבן האָבן זיך געריסן, אָבער קיין פּאָליס איז אין ערגעץ נישט געווען צו זען. דאָס ערשטע מאָל האָט ער דערהערט, ווי זי האָט זיך צוריקגעזידלט גראָב, דווקא אין אַמעריקאַניש, ווי די באַיעס פון דער מ.פּי. מיט די ווייסע קאַסקן, וועלכע פליען הפקרדיק אַרום איבער פּאַריז מיט זייערע דזשיפּס. זי האָט אַ פּאַרקלאַפּ געטון יענעם הינטער דער נאָז דאָס טירל און איז ווייטער אַוועקגעפלויגן איבער דער אַוועני שאַנז עליזיי. די אַוואַנטורע האָט אים אויסגעקוקט אַביסל יינגלעריש. אַזעלכע זאַכן געשעען געוויינלעך אין פּאַריז מיט יונגעלייט, ווען נישט די פּאָרכט פאַר אַן אמתער קאַטאַסטראָפע,

וואָלט ער אַ בעלן געווען צו וויסן מיט וואָס אַזאַ פּיל־צוזאָגנדיקע נאַכט פון שיכורן און וואַך־זיין וועט זיך פאַרענדיקן. ער האָט טאַקע אַלץ גע־לאָזן טון מיט זיך, ווי אַ לייכט, פאַרפירעריש מיידל. ער האָט שוין מער גאָרנישט געוואָלט אַזויפיל אַריינקלערן אויך...

ווען זיי האָבן זיך אויפגעכאַפּט ביי איר אין דער קליינער, אָנגעוואָר־פענער דירה, איז שוין ווידער געווען אָוונט. אַ ראָז בעט־לעמפּל האָט גרעל געברענט ביי אים צוקאָפּנס. זי איז געזעסן צו אים שאַרף אויסגעדרייט מיט דער פּלייצע און האָט גערויכערט. אַ פּעטער שאָטן האָט זיך געוויגט אויפן סופיט. ערשט איצט האָט ער גישט־ווילנדיק באַמערקט, אַז זי האָט שפּיציקע אַקסלען, אַביסל אַן איינגעפאַלענע ברוסט; ער האָט גאָר מורא געהאַט צו באַגעגענען זיך מיט איר בליק; און ער האָט זיך פונדעסטוועגן דערפילט נישט וויניקער נאַריש, ווי אַמאָל, מיט לאַנגע, יאָרן צוריק, אוודאי מיט אַ יאָר פערציק צוריק, ערגעץ אויף אַ מאַנסאַרדע אין דער פּראָנצויזישער שווייץ, דוכט זיך, אַז טאַקע אין זשענעוו, צווישן יענע ראָ־מאַנטישע, יונגע קורסיסטקעס, אָנגעפּאַרענע פון אַלע עקן פוילן און רוס־לאַנד — זיסע, נעפּלדיקע רעמיניסצענצן פון וייטן אַמאָל...

פון דעמאָלט אָן האָט זיך עס אָנגעהויבן, דאָס שטילע אונטערשמייכלען און דאָס אונטערמורמלען, אין די אַלע אינסטיטוציעס און אין די היימישע הייזער פון 16־טן אַראָנדיסמאַן. מ'האָט זיך נאָר געפרעגט מיט חידוש, מ'האָט זיך געהאַלטן אין פרעגן:

— טאַקע, ווי אַזוי קומט די קאַץ איבערן וואַסער ?...

אין סאָפּיאַ דאַווידאָווגאַ, די אָרעמע סאָפּיע, וואָס איז דאָרט צווישן אַלעמען באַטראַכט געוואָרן, אין די ביוראָען און אין די הייזער, ווי אַ מין אָרעמע קרובה, האָט קלוג געשמייכלט און, ווי געוויינלעך, צוגעשוויגן.

מאַלע וואָס מענטשן האָבן שוין אַלץ דערנאָך אונטערגעטראָגן. אַנדערע ווידער האָבן ממש געזען דערין סימבאָלישס פאַר דער ניי־אויפגעקומע־נער פּלוטאָקראַטיע אין יידישן פּאַריז, אין דעם מאָדנעם שידוך צווישן דער מאַנסבילש־שכלדיקער טאַטיאַנאַ איסאַקאָוונאַ און דעם געעלטערטן ייד, דעם עסקן, חיים מיכלסאָן.

# 19

ס׳איז אפשר טאַקע נישט געווען אַזוי איינפאַך, ווי ס׳רעדט זיך אָפּ. אָט דער פּשוטער ייִד, מיט די אָפּגעהאָרעוועטע הענט, פונעם קיבוץ אין אויבערשטן גליל, וועלכער איז מיטגעקומען מיט זיי אויף דער שיף, האָט עס אים אויף טריט און שריט נישט געלאָזן פאַרגעסן. ס׳איז דאָ, פאַרשטייט זיך, נישט איינמאָל אויסגעקומען אָנצוטרעפן זיך פּנים אל פּנים אין די אינסטיטוציעס, אין די אַמטן, אויף די פאַרזאַמלונגען. אַן מען רעדט זיך פונאַנדער מיט אַ מענטש, דערדערט מען זיך פאָרט אַמאָל צו עפּעס; ס׳הייסט — דעמאָלט, אין די עטלעכע לאַנגווייליקע און אומרואיקע טעג און נעכט אויפן אַלטן, טרייסלענדיקן שלעפּ־שיפל אינמיטן ים. אַזוי, איז, הייסט עס, אָט דער פּראָסטלעכער, פאַרהאַרטעוועטער ייִד, ווייזט זיך גאָר אַרויס, טאַקע אַ לייבלעכער ברודער פון יענעם עקזאַלטירטן יונגערמאַן, פון וואָלף כייקין. מיכלסאָן האָט נאָר אונטערגעברומט אין די וואָנסן אַריין און אים גאָרנישט באַלד געזאָגט אַפילו, אַז ער קען אים גראָד, דעם ברודער זיינעם, אַז ער קען אים דווקא אַביסעלע בענטער... טאַקע, צי האָט ער דען באַלד אַלץ געקענט דערציילן?... די געשיכטע, וואָס איז זיך דאָ פאַר עטלעכע יאָרן געהאַט פאַרלאָפן מיטן מיידעלע... אַ גאַנץ אומאָנגענעמע געשיכטע... און דאָס צוזאַמענטרעפן זיך מיט דעם וואָלף כייקינען אין די קולואַרן פון מיניסטעריום, מיט די דעלעגאַציעס, וואָס זענען אַוועק פּראָטעסטירן צו־ליבן באַפרייען דעם פּעטען־מיניסטער פאַר ייִדישע ענינים...

דאָס באַפרייען דורך אַ מיניסטער פון ווייטער ייִדישער אָפּשטאַמונג דעם געוועזענעם קאָמיסאַר איבער ייִדישע ענינים אין דער פּעטען־רע־גירונג האָט דעמאָלט אַרויסגערופן אַלעמענס ביטערן פּראָטעסט און באַ־אומרואיקונג. עס זענען פאַרופן געוואָרן מיטינגען, עס זענען געגאַנגען דעלעגאַציעס צום פּרעזידענט, צו די מיניסטאָרן; עס איז געגאַנגען אַ

דעלעגאַציע פון די קינדער־הייזער, די יתומים, וואָס זייערע עלטערן זענען דעפּאָרטירט און דערשאָסן געוואָרן; ס'איז געגאַנגען אַ דעלעגאַציע פון ווידערשטענדלער, געוועזענע פּראָנט־קעמפער, געוועזענע געפאַנגענע. אין די קאָרידאָרן האָבן זיי זיך פונקט צונויפגעטראָפן מיט מיכלסאָנען און מיט נאָך עטלעכע יידן פון זיין שניט.

פון וואַלפן אַליין איז געקומען דער פאָרשלאָג, אַז ס'וואָלט געווען גלייכער צום מיניסטער זאָל אַריינגיין אַ געאייניקטע דעלעגאַציע פון אַלע געליטענע יידן. אין גרויסן פאָדער־זאַל, הינטער די שטרענג־אָפּגעשלאָסענע טירן, איז וואָלף אַוועק גלייך צו מיכלסאָנען:

— אויב מיר האָבן זיך שוין דאָ יאָ צוזאַמענגעטראָפן — האָט ער אים אָפן און פשוט געזאָגט — טאָ לאָמיר אַריינגיין צום מיניסטער און אַ געאייניקטער דעלעגאַציע, אין נאָמען פון אַלע יידן. נאָכמער, איר קענט אַפילו אויסוויילן איינעם פון אייער דעלעגאַציע, וואָס זאָל רעדן אין אַלעמענס נאָמען.

מיכלסאָן האָט אַרונטערגעלאָזן די שטים, נישט געפונען באַלד די ווערטער.

— גוט — האָט ער געזאָגט — מיר וועלן זיך באַראַטן וועגן דעם ענין. און מיט אַ מינוט צען שפּעטער איז געפאַלן זיין ענטפער:

— מיר וועלן אָננעמען אייער פאָרשלאָג מיטן תנאי, אויב איר וועט פּראָטעסטירן פאַר פאַרפאַלגן ציוניסטן, וועלכע ווילן עולה זיין קיין ישראל פון די פאָלקס־דעמאָקראַטיעס...

וועגן דעם איז אים אויסגעקומען צו דערמאָנען זיך און מיכלסאָנען איז פּלוצים אַרויפגעקומען אויפן רעיון אַ גאַנצע פאַרשווערונג ממש. ווי אומגעריכט זיי שפּאַרן אָבער אומעטום אָן. מפ"ם כלומרשט; און אַפילו אין דעם איז ער זיך אויך נישט מודה, דער ייד. און ס'זענען אים נאָכאַמאָל אויפגעגאַנגען דעם יידס הייסע רייד דעמאָלט, אין באַר, אויפן מיטל־דעק, אין דער חנוכה־נאַכט, ווען אין דרויסן האָט זיך געריסן דער ווינט, ווען ס'האָט זיך פאַרנומען אויפן שטורעם, ווען ס'האָט געוואָרפן דאָס אַלטע שיפל ווי אַ שפּענדל, אַ נאַכט — אַ קאָשמאַר.

ווי שיקט זיך עס אָבער — אַזאַ סאָרט ייד, אַ שליח פון אַ קיבוץ, אין „רויטן" יידישן פּאַריז, ווו די געפאַר לויערט אויף טריט און שריט? ווי שייך, וועט ער נישט אָנשפּאַרן ביים ברודער זיינעם, ביי זיי דאָרט? ס'איז אַביסל נישט אָנגענעם געווען דער גאַנצער פּלאָנטער. צופיל, הייסט עס, ווייסן זיי. אָבער — ס'איז שוין אַלצאיינס, נישטאָ איצט מער קיין באַהעלטערלעך, ווי דאַנציקער אַליין האָט זיך געהאַט אויסגעדריקט, ווי טאַניע האָט עס אַנומלטן, אויף איר אופן, אַזוי קלוג אַ זאָג געטון.

צווישן די עטלעכע שליחים קיין אויסלאַנד, וואָס זענען איינגעשטאַנען אין דעם אַלטן, רוישיקן האָטעל, פול באַזעצט מיט אַלערליי אַנגעלאָפענע יידן, ביים רעפּובליק־פּלאַץ, האָט זיך דער פּראָסטלעכער קיבוץ־ייד, דוב כייקין, טאַקע אויסגעטיילט מיט זיינע באַזונדערע גענג און מיט זיין פאַר־מוחטער אָפּגעשלאָסנקייט. אַ מענטש דרייט זיך אַרום שוין וואָכנלאַנג אין דער שיינער שטאָט פּאַריז און האָט נאָך אין ערגעץ פון די באַרימטע, פּי־קאַנטע ערטעלעך אַפילו נישט אַריינגעשמעקט, איז נאָך קיין איין מאָל נישט געווען, לאָמיר זאָגן, אין „פּאַלי בערזשער״, אין „קאָסינאָ דע פּאַרי״, אַפילו נישט אין „לוווער״. ס׳האָט אים אויך גאָרנישט געצויגן צו גיין אָנ־קוקן דעם אייפל־טורעם, כאָטש צו אַזאַ ריזיקן גמאַך פון שטאָל און אייזן, וואָס האָט שוין צו טון מיט איזשיניערישע אויסרעכענונגען, מיט וווּנדער פון דער טעכניק, האָט עס אים שוין, דוכט זיך, יאָ באַדאַרפט פּאַראינטערע־סירן צו גיין זען.

— ווייסעך... — האָט ער, שמייכלענדיק צוריקגעהאַלטן, מיט אָפּגעע־דעקטע ציינער פון אונטערן דאַשיק, אָוועקגעמאַכט — מ׳האָט זיך שוין אַמאָל גענוג אָנגעלייענט וועגן די אַלע גרויס־שטאָטישע געבייען. ס׳וועט נישט אַנטלויפן... נישט דערפון בין איך איבעראַשט.

כאָטש צייט האָט ער געהאַט גענוג. אויפן ווינטער־אַלטוואַרג־יאַריד, וואָס האָט זיך געשטעלט אויף די זייטיקע, שטילערע בולוואַרן אַרום פּלאַץ רע־פּובליק, איז ער דערפאַר יעדן טאָג לאַנג אַרומגעקראָכן, געזוכט, געגישטערט צווישן דעם אַלטוואַרג. ער האָט זיך געווינלעך אויפגעהויבן זייער פרי, ווי זיין טבע, און איז אָוועק שעהן־לאַנג אַהין נישטערן. זייער טשעקאָווע זאַכן האָט ער דאָרט אויסגעפונען.

— קויפסט גאָרנישט אַהיים עפּעס פאַר דיין ווייבל, פאַר דיין שנור, פאַר דיין זון? — האָבן זיי אים דאָרט אַלע געפרעגט מיט חידוש.

— וואָס זאָל איך זיי דען קויפן?

— כ׳ווייס, אָט האָבן זיך אַלע איינגעקויפט פולע וואַליזעס מיט קליי־דער, זייגערלעך, פינגערלעך, שאַלעכלעך... שמאָכטעס...

— זיי וועלן זיך אויסצירן אין דעם און אַלע אין קיבוץ וועלן זיי מקנא זיין. ס׳איז נישט רעכט אַזוי. אויב קויפן — איז פאַר אַלעמען.

ער האָט זיך בעסער געפרייט מיט זיינע מציאות, וואָס ער האָט דאָרט יעדן טאָג איינגעהאַנדלט פאַר אַ קליינע פאַר פראַנק אויפן אַלטוואַרג־יאַריד. יעדן טאָג האָט ער פון דאָרט געבראַנגט אָנצושלעפּן נייע, זעלטענע מציאות. און ס׳האָט אים כסדר געצויגן אַהין. נעמט, דוכט זיך, אַזאַ געווינלעכע זאַך, ווי אַ באַרשט מיט אַזאַ מין זאַק, אַ שוואָם, וואָס זאַפּט איין דאָס גאַנצע וואַסער, נאָכן אויסוואַשן די פּאָדלאָגע. וויפל ענערגיע, האָט ער זיך געפרייט,

דאָס קען איינשפּאָרן. ס'איז אים אויך געפעלן געוואָרן דער וואַסער־קראַן, וואָס רינט נאָר דעמאָלט, ווען מען גיט אים אַ קוועטש, נישט ווען מען דרייט אים אויף און אַ סך וואַסער גייט לאיבוד. דאָס קען איינשפּאָרן וואַסער; און איינשפּאָרן אַביסל וואַסער אין לאַנד, איז אַלעמאָל אַן ענין.

שטענדיק, פאַרנאַכט, האָבן די יונגעלייט, די שליחים, וואָס האָבן דאָ אויף אַלץ אויפגעריסן מויל און אויערן, אַרויסגעלאָזן זיך מיט אַ מאָד־נעם אומרו איבער דער שטאָט. די היגע, די פּאַריזער, האָבן זיי שוין אַלע־מאָל געהאַט צו פירן אין ביז גאָר טשעקאַווע ערטעלעך. עס זענען אַלעמאָל געווען צווישן זיי שטילע געלעכטערן און רעדערייען, איבערהויפּט צווישן די יונגעלייט.

— מיר דוכט זיך, חביבי, אַז איר גיט דאָ אויס די פּאָר פּיאַסטער אויף גאָלע נאַרישקייטן... — האָט ער געדעדט צו זיי פון אונטערן דאַשיק, דוב — געדענקט, אַז אונדזערס אַ גראָשן איז אַ טייערער, אַ שווער־פאַרהאָרע־וועטער גראָשן...

זיי האָבן זיך גאַנץ שיין אויסגעלאַכט פון אים, די יונגעלייט. נישט אַלע טאָג, האָבן זיי געזאָגט, לאָזט מען זיך אַראָפּ אין אַזאַ גאָלדן שטעטל, ווי פּאַריז. נישקשה, האָבן זיי געלאַכט, קהל וועט פון דעם נישט אָרעמער ווערן...

און זיי זענען נאָך אַרויס מיט טענות צו די גרויסע, די קאַרפּן־קעפּ, די שליחים, די פריש־געבאַקענע דיפּלאָמאַטן, וואָס זיצן דאָ אַרום דער שיסל, אַז זיי גיבן אויס אַ קליין ביסעלע מער ווי זיי און זיי לאָזן זיך מער קאָסטן אויפן חשבון פון דער מדינה...

מיכלסאָן האָט גאַנץ ריכטיק באַקלערט — דוב האָט טאַקע אָנגע־שפּאַרט ביים ברודער זיינעם, ביי וואָלפן; אָבער דווקא אין די לעצטע עטלעכע וואָכן איז אים, וואָלפן, פּשוט שווער געווען צו דערכאַפּן אין אַ רואיקער מינוט, אַזוי פאַרפּאַרעט און בערוועז איז ער געווען. ס'איז גאָר קיינמאָל נישט געווען אין זיין טבע צו זיין אַזוי שטאַרק צעקאָכט. ער האָט שוין אַצינד פאַרמאָגט אַ קליינע, באַשיידענע היים, אַ שטילע פרוי, אַ האַלב־אונטערגעוואַקסן מיידעלע פון אַ יאָר דרייצן־פערצן. דאָס מיידעלע האָט נאָך אַלץ מורא געהאַט אויפצוהייבן די אויגן פאַר אַ פרעמדן מענטש, געהאַלטן זיך אין די ווינקעלעך. ס'איז געווען אַ דורכגעליטענע געזעצטקייט אין וואָלפס אַלע זיינע באַוועגונגען, די שלייפן־ווינקלען האָבן זיך שוין געגרויט. די ברידער, וואָס האָבן זיך אַ יאָר עטלעכע־און־צוואַנציק אַוודאי נישט געזען, זענען געזעסן ביים אָוונטיקן טיש, פּאַוואָליע געזופּט דעם שטאַרק־פאַרבריטן, אַראָמאַטישן טיי, ווי אַמאָל, אין זייער אַלטער היים דאָרט, פאַרוויקלט אין אַ וואָלקן פּאַפּיראָסן־רויך.

זיי האָבן, פונקט ווי דער טאַטע זייערער, אהרן־לייב, דער אייביקער שווייגער, צוגעשוויגן, גערעדט אָפּגעריסענע רייד, און זיך גוט פאַרשטאַנען, נישט אַרויסברענגענדיק קיין איבעריק וואָרט.

— ביי אונדז אין דער משפחה — האָט מען דאָרט פאַוואָליע געלאָזן פאַלן,ביים טיש — הייסט מען שוין אַזוי: וואָלף, דוב, לייב, שעפּסל, זאַלקע...

און ס'האָט דאָרט אומגעריכט אַ ווייע געטון מיט אַלט־אויסגעוועבטע ריחות פון דער ווייטער היים אין ווייסרוסלאַנד. אַלע קנייטשעלעך פון זיין זון־און־ווינט־צעאַקערט פּנים, ביי דובן, האָבן שטיל אויפגעלויכטן.

— בראַטאַקל — האָט ער אים לסוף געקלאַפּט אין דער פּלייצע זייער פריילעך, ווי מען פלעגט עס אַמאָל טון ביי זיי דאָרט, אין די שטעטלעך פון ווייס־רוסלאַנד, מיט אַ פויערל, וואָס איז געקומען אונטערקאָווען אַ „בולאַנע" פערדל — מיר זענען אפשר, נאָך אַלעמען, געגאַנגען צו די זעלבע צילן, נאָר מיט פאַרשיידענע וועגן, אומוועגן און סטעזשקעלעך... אַלע בלאָנדזשען מער צוביסלעך. ס'איז די בלאָנדזשעניש פון אַ מענטש, אַ זוכער. דער ציניקער, דער היפּאָקריט, בלאָנדזשעט נישט. מיר האָבן זיי, מיין איך, אויף אונדזערע וועגןביידע גענוג אָנגעטראָפן. ייד און מענטש באַדאַרף, לויט מיר נאָך, קלינגען ווי איינס און דאָס זעלבע. שוין אונדזערע אוראַלטע נביאים האָבן זיך צו דעם דערטראַכט. דאָס גרעסטע אומגליק אָבער איז, וואָס מיר זענען נאָך אַלץ אַ פּראָבלעם, דאָ און דאָרט און אומעטום. אַ הויקער; אָן אבר, וועלכן מען פילט צופיל, טוט וויי. צי מיינסטו אָבער נישט, אַז מיטן גאַנג צום נייעם מענטש, וועלן מיר דערווייל צעריבן ווערן צווישן די מיל־שטיינער פון דער געשיכטע? — האָט ער האַרב געוואָלט וויסן.

וואָלף האָט דערווייל פאַרצויגן אַ ניי סיגאַרעטל.

— נעם און באַטראַכט — האָט וואָלף געבלאָזן פאַר־זיך דעם רויך אויפן פאַרלאָשענעם שוועבעלע — ווי נביאותדיק ממש סטאַלין האָט עס געזען; דער פרידלעכער, קעגנזייטיקער איינפלוס צווישן קליינע און גרויסע פעלקער און קולטורן, די געמיינזאַמע שפּראַך פונעם מענטש, דער סינטעז פון אַלדאָס שענסטע פון אַלע מענטשלעכע ווערטן.

— מיט איין וואָרט — באחרית הימים... — האָט דוב אַנטפּלעקט זיינע ברייטע, געזונטע ציינער — נו, מילא, מהיכי־תיתי. ס'איז נאָך אָבער אַביסעלע צו לאַנג צו וואַרטן... דערווייל דאַרפן מיר דאָך אויך לעבן... מיר זענען שוין גענוג געשטאָרבן אין די קרעמאַטאָריעס און גאַז־קאַמערן פון דער געשיכטע.

— זע, ווי אַלע געזונטע נאַציאָנאַלע שטרעבונגען זענען סוף כל סוף דערגאַנגען צום סאָציאַלן פּראָגרעס — האָט וואָלף גערעדט מיט האַרץ — נעם, אַ שטייגער, די פעלקער דאָרט, כ'מיין, טאַקע פון אונדזער היימלאַנד.

ס'האָט זיך נאָך אַלץ נישט געקלעפּט אין זיין מוח; ער איז אָבער פונדעסטוועגן שטאַרק געווען גערירט, דוב, וואָס וואָלף, זיין ברודער וואָלף, וועלכער שלאָגט זיך שוין לאַנגע יאָרן פאַר דער גאַנצער וועלט, איז פּלוצים אַריינגעטון מיט אַזאַ ברען אין דער הילף־אַרבעט פאַר די עולים פון די מעברות לעבן תל־אביב און חיפה. זיי זענען דאָרט אין די סוף־דעצעמבער־רעגנס פאַרפלייצט געוואָרן, אַ מבול האָט זיך אַראָפּגעלאָזן איבער די טאָלן, פאַרשווענקט און אַוועקגעטראָגן די ביידלעך אין ווינט. אַהער, קיין פּאַריז, האָבן געהאַלטן אין איין אָנקומען אַלאַרמירנדיקע ידיעות. זיי האָבן גערופן און געבעטן הילף, זיי זענען געבליבן אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ, נאַקעט און באָרוועס. ס'האָט אים שוין אַליין אויך אונטערגעהויבן, ער האָט יאָ געוווסט וואָס דאָס הייסט און ווי דאָרט זעט אויס. אין דער סוכנות, אין קאָנסולאַט, אין די פאַרשידענע אינסטיטוציעס, ווו אים איז כמעט יעדן טאָג אויסגעקומען צו באַגעגענען מיכלסאָנען, האָט ער אין אים אַריינגערעדט מיט גרויס זאָרג, נישט אָנהייבנדיק נאָך צו פאַרשטיין.

— פאַרוואָס, זאָגט מיר, מאַכט איר אַן אַזעלכע גראַטשקעס? — האָט ער געוואָלט וויסן — די יידן דאָ ווילן מיטן גאַנצן האַרצן העלפן. איך זאָג עס אייך.

— פון וואָס פאַראַ יידן רעדט איר? — האָט מיכלסאָן פּלוצים אויסגעשטעלט אויף אים אַ פּאָר פאַרבלאָזע סאָווע־אויגן פון אונטער די צו־גרויסע ברילן — וואָס פאַרשטייט איר דען בכלל אין אונדזערע פאַריזער עניִנים, רב ייד?... איך זע, אַז אייער ברודער... זיינע רייד... רעדן קענען זיי דאָרט אַלע שיין...

אַזוי האָט ער אים געוואָלט אָפּפּטרן און האָט זיך דאָרט קוים אַרויסגעדרייט פון אים.

— וואָס טוט זיך דאָ ביי אייך אין פּאַריז? — איז דוב געווען אויפגעבראַכט און איז נישט אָפּגעשטאַנען אַזוי לייכט — ווען כ'זע עס נישט אַלץ צו מיט מיינע אויגן, וואָלט איך נאָך אַלץ געמיינט, כ'וויס... ס'איז אפשר טאַקע פּראָפּאַגאַנדע... ווען זיי וויסן עס דאָרט ביי אונדז...

— אויף אייך וווּנדערט מיר אַביסל — האָט אים נאָך מיכלסאָן געפּרוווט צו באַרואיקן — איר, אַ פּיאָנער, אַ חלוץ, וואָס האָט געהאָלפן אויסטריקענען און אויפבויען דעם עמק... אַדורך אַלע פייערן... איר גלויבט זיי אויך, יענע לייט?...

און ס׳האָט אים באַלד פאַרדראָסן, מיכלסאָנען, וואָס ער האָט זיך גאָר אַזויפיל אַרויסגעכאַפּט. ס׳האָט זיך אָנגערוקט, האָט ער געפילט, אַ ניי אומ־גליק, ווי עפּעס אַ בייזער ליץ וואָלט אים דאָ אויפסניי אונטערגעשטעלט אַ פּיסל; און ווידעראַמאָל — יענע לייט. ווייניק איז ער אויסגעשטאַנען אין לאַנד בעתן קורצן באַזוך? די קילע אויפנאַמעס... די צווידייטיקע רייד... צי ווייסן זיי דען נישט אַלץ, וואָס אין פּאַריז טוט זיך אָפּ? דורך די אַלערליי לייט, וואָס דרייען זיך דאָ אַרום. ער איז דאָרט אין זייערע אויגן אָן עובר־בטל, נישט געגוג פלינק, אומפּעאיק. נישט אומזיסט האָבן זיי פון דאָרט געגומען אַראָפּשיקן פאַרשידענע לייט, שליחים, אַרויסהעלפערס. זיי האָבן געפּרוּווט אויסטאָפּן דעם באָדן אין פּאַריז, אַרומקוקן זיך. לאַנג האָבן זיי זיך דאָ אָבער סיי־ווי נישט געהאַלטן. זיי האָבן דאָ גאָרנישט אָנגעהויבן צו פאַרשטיין און האָבן זיך באַצייטנס אָפּגעטראָגן.

טאַניע אַליין איז אין פרי־אָנגעפּאַלענעם, ווינטערדיקן פאַרנאַכט גע־קומען אָנצופליען אין איר וואָגן נאָך אים. זי איז אַריין, נישט אָנקלאַפּנדיק אַפּילו, אויסגעסטראָיעט אין אירע הויזן פון אונטערן איינגעצויגענעם פוטער־זשאַקעט, מיטן פאַרביקן טיכל וווילעריש פאַרבונדן אין אַ שלייף.

— דאַנציקער וויל מיט דיר דרינגענדיק עפּעס אַדורכשמועסן.

— נאָכוואָס דאַרף ער מיר? — האָט ער זיך אויפגעכאַפּט צערודערט און צעשטרייט געגומען זוכן די ברילן אויפן שטערן.

— מסתמא דאַרף ער דיר... — איז געווען כמעט באַפעל אין איר טאָן.

זי איז געזעסן לעבן אים ביים רעדל, געקירעוועט אין געדיכטן, אָוונ־טיקן פאַרקער און האָט כמעט נישט אויסגערעדט צו אים קיין וואָרט. ווי זי וואָלט אים נאָך אַלץ געווען אַ פרעמדע. אַ קאַלטער שווייס האָט געקלעפּט אויף אים. ס׳איז אַלצאיינס קיין לעבן נישט, האָט ער אַ קלער געטון, סיי ווי פליאָטקעווען שוין מענטשן צוביסלעך הינטער זיין רוקן. אַלע האָבן זיי אָבער געוווּסט מער פון אים, און ער איז בלינד געווען. זיי רופן אַפילו אָן נעמען — דער, יענער, און אויך דאַנציקער... ער ווייס עס. טאַקע, ווי איז ער פאַרקראָכן אויף זיינע עלטערען יאָרן?

הינטער די שווערע, דעמבענע טירן האָט שוין דאָרט דאַנציקער גע־מאַכט געוואַלדן. „ער איז אַ טויגעניכטס, אייער מיכלסאָן... — האָט ער געגוואַלדעוועט — אַבי איך האָב געמיינט... ער דרייט זיך אַרום ביי אייך אין פאַריז פונקט ווי אַ העלפאַנט אין אַ פאַרצעליי־געשעפט... ווו ער קערט זיך, מוז עפּעס צעבראָכן ווערן“...

אָבער אויפגענומען האָט ער אים דאָסמאָל דווקא זייער רואיק, איידל און באַזאַכט, ווי קיינמאָל גאָרנישט. ער האָט אים געבעטן זיצן, איז אַליין אַוועק צולענען פעסטער די טיר, האָט זיך פאַרוויקלט אין רויך פון זיינע

אַראָמאַטישע סיגאַרעטן און דורכן רויך האָבן מאַט געלויכטן זיינע אַרויס־געזעצטע, שווערע, ציגיינערישע אַפּלען.

— טאַניע ליידט... — האָט ער אָנגעהויבן שטיל און זייער פאָרזיכ־טיק — זי איז אַ פרוי... כ׳באַדאַרף עס אייך נישט צו זאָגן... שוין לאַנגע יאָרן, אַז מיר קענען זיך... ס׳הייסט — האָט ער צוריקגעכאַפּט — אַז מען וויל, גאָרנישט אַזוי לאַנג, אייגנטלעך... פון די מלחמה־יאָרן אָן... זי האָט, זאָלט איר וויסן, אַ סך אויסגעשטעלט אויף אייך, פריינט מיכלסאָן...

— טאָ וואָסזשע פאַר אַ שייכות ?... — האָט מיכלסאָן נישט באַלד פאַרשטאַנען, ווייל ס׳האָט אים שוין געבריט, ס׳האָט אים אונטערגעהויבן.

— אַ סעקונדע, פריינט מיכלסאָן... ס׳האָט אפשר אַ שייכות, אַ גאָר גרויסן שייכות. איר מוזט זיין אַביסל ענערגישער. די לייט דאָרט טריאומ־פירן צופיל אין אייער יידישן פּאַריז. דאָס וואָלט איך זיך קיינמאָל אין מיין לעבן נישט פאָרגעשטעלט. איר דאַרפט אַלץ טון, אַז זייער אַקציע זאָל דורכפאַלן... כ׳וויל פון גאָרנישט וויסן! — איז ער לסוף ברוטאַל אַרויסגעשפּרונגען — איר הערט ?

און ער האָט האַסטיק, אַ נידעריקער, אַן אָנגעגאָסענער, אַוועקגעע־קייקלט זיך אין דער טיף פון צימער, אומגעדרייט צו אים מיטן רוקן, אַ סימן, אַז ס׳איז געענדיקט, ער קען שוין גיין. מיכלסאָן האָט נישט באַלד געטראָפן די טיר צום אַרויסגאַנג. רעדער האָבן זיך אים געדרייט פאַר די אויגן. ער האָט מיט ציטערדיקע פינגער אָנגעקלאַפּט אין אַ זייטיקער טיר, צו טאַניען. זי האָט גראָד מיט אַלע אירע שמייכעלעך געהאַלטן אין מיטן אַריינרעדן צו עמיצן אין טעלעפאָן־טרייבל און האָט זיך אַ לאַנגע רגע אַפילו נישט אומגעקוקט, ווי ער שטייט אַזוי אויף דער שוועל.

— טאַניע... — האָט ער פאַרשולדיקט אויפגעהויבן אויף איר אַ פּאָר אומעטיקע אויגן, פאַרלאָפן אין נעפּל — פאַרשטיי, טאַניע...

— כ׳בין באַשעפטיקט! — האָט זי אַפילו נישט אומגעדרייט דעם קאָפּ, איז געווען האַרט ווי אַ שטיין — גיי, מירן שוין רעדן!...

ער האָט זיך שוין באַצייטנס געשראָקן פאַר אירע רייד. אין דער טי־פער, ווינטערדיקער אַלייע האָט ער לאַנג געשטאָלפּערט מיט זיין שירעם־שטאָק ביז צו דער מעטראָ מיט די צעשוואומענע פייערן. ער האָט באַ־קלערט, אַז ער האָט אַפילו נישט וואָהין צוריקצוגיין; ס׳איז יאָ אַ היים און נישט קיין היים. גרעל קאָפע־ליכט פון הינטער פאַרהאַנגען האָט אים אַ בלענד געטון. די גרויסע מוזיק־קאַפייען אין 16־טן אַראָנדיסמאָן זענען פון אַ באַזונדערן מין. ס׳איז נישט די פאָלקסטימלעכע רווישיקייט פון מאָנ־מאַרטר, אַפילו נישט דער גרויס־שטאָטישער, אינטערנאַציאָנאַלער, קאָס־מאָפּאָליטישער שימער פון „קאַפע דע לאַ פּעי״, אַרום דער אָפּעראַ, אַרום

מאַדלען. דאָ זיצן מערסטנס סאָלידע בירגער. אַלץ איז דאָ סאָליד. גע־טרונקען צופיל האָט ער קיינמאָל נישט, ס'איז נישט זיין טבע, דאָקטוירים האָבן פאַרווערט, אָבער ס'וואָלט נישט געשאַדט, האָט ער אַ קלער געטון, זיך איינמאָל כאָטש צו פאַרשיכורן, ווי מען פאַרשיכורט אַמאָל צאָן־ווייטיק. ער איז אַריין, אַוועקגעזעצט זיך אין ווייטסטן ווינקל ביי אַ טישל און האָט בדעה געהאַט אומבאַדינגט צו באַשטעלן עפּעס שאַרפס, וואָס זאָל אים אַ ברי טון אינעווייניק, וואָס זאָל אים מיט איין מאָל פאַרגיסן דעם מוח און אַריינוואַרפן אין אַ טראַנס, אין אַ פאַרגעסונג. מיט אָט דער קילער ניכ־טערקייט, האָט ער דערפילט, וועט ער דאָ פון זינען אַראָפּ. „אַלטער נאַר — האָט ער צו זיך אַליין אַ סך מאָל איבערגעחזרט — וווהין ביסטו דען, אויף דיינע עלטערע יאָרן, פאַרקראָכן? טאַקע, וווהין?". און ווען דער גאַרסאָן איז מיט אונטערטעניקע שריט אונטערגעקומען און געפרעגט אים וואָס ער באַשטעלט, האָט זיך עס, ער ווייס גאָרנישט ווי אַזוי, אַראָפּגע־גליטשט פון זיינע ליפּן:

— אַ קאַפּע־קרעם, נאָר גוט וואַרעם...

דער גאַרסאָן האָט עפּעס אַ מורמל געטון אונטער דער נאָז; ס'איז, דוכט זיך, געווען שמייכל אין דער טיף פון זיין קילער, שטרענגער, גלאַ־טיק־אויסגעגאָלטער גרימאַסע, און ער האָט אַוועקגעאיילט.

אָבער אַזוי, אַפילו אָן דעם וואַרעמען רויש פון שאַרפן געטראַנק אין זיינע אברים, איז אין דעם אָוונט דער פּלאַן ביי אים געווען אַ פאַרטיקער: ער וועט שיקן, האָט ער באַקלערט, צו זיי דאָרט קיין ירושלים אַ טעלע־גראַמע; און נישט בלויז אַ טעלעגראַמע. ער וועט גיין אַהין און וועט זיי דאָרט לאָזן ווייזן ווער וועמען ס'וועט איבערשטייגן אין כיטרעקייט — אויב עס גייט שוין יאָ אין דעם. דאָס איז געווען דער גליקלעכסטער איינ־פאַל. מ'האָט סיי־ווי נישט געקענט אַנדערש — ער האָט זיך אַליין געמוזט מטריח זיין צו זיי דאָרט, טאַקע דעם זעלבן אָוונט, ווען ס'איז פאַררופן געוואָרן די גרויסע פאָלקס־פאַרזאַמלונג. ער איז געקומען מיט זיין שירעם־שטאָק אין האַנט און מיט אַלע זיינע אויסגעפּרוווטע פשרה־שמייכעלעך. ער איז געווען אַזוי שטאַרק איבעראַשט און צעטומלט, אַז ער האָט זיך אַפילו נישט באַלד געכאַפּט, אַז דער פאָרזיצער איז געווען טאַקע דער זעלבער, וואָלף כייקין, און אַז דאָס האָט ער אים אַליין נאָכדעם צוגעטיילט דאָס וואָרט פון דער נידעריקער טריבונע אין לאַנגן, קאַלטן, אַרומגע־שיילטן זאַל, היפּש אָנגעפּילט מיט עולם.

דוב אַליין איז אין דעם אָוונט אויך געקומען צוזעצן זיך צווישן די פאַרזאַמלטע יידן פון די לאַנדסמאַנשאַפטן, און אויסהערן וואָס די פּשוטע יידן האָבן דאָרט מיט אַזויפיל איינפאַכער, פּראַקטישער און ברידערלעכער

זאָרג גערעדט און באַקלערט ווי אַזוי צו אָרגאַניזירן די הילף פֿאַר די געליטענע פֿון די מעברות, פֿון דיביידלעך אין בלאָטע, אין ווינט און אין שמייסנדיקן רעגן. ער קען דאָך יאָ זייער שווער לעבן. ס'איז אים דער עיקר געפֿעלן געוואָרן דער פֿאָרשלאַג, וואָס איז דורך אַלעמען אונטער־געהאַלטן געוואָרן, וועגן דער דירעקטער הילף, נישט דורך די אָפֿיציעלע אינסטיטוציעס. וואָס, ער קען זיי נישט? אָט די יידן, מוז מען זאָגן, כאָטש פֿון דער ווייטן, זענען זיי גאָרנישט אַזוי פֿאַרבלענדט און נאַריש. זיי פֿאַר־שטייען, נאָך ווי!

— מען רופֿט אונדז אָן „הפֿקר־יונגען״... — האָט וואָלף גערעדט צום עולם — צי וואָלטן מיר דען נישט געווען קיין „הפֿקר־יונגען״, ווען מיר נעמען נישט אונטער די הילפֿס־אַקציע? אונדזער ענטפֿער אָבער איז אַ פֿאָלקסטימלעכער און אַ דירעקטער. אונדזער ישוב איז נישט קיין מעלק־קו. מיר ווילן העלפֿן און קאָנטראָלירן — אַזוי האָט ער גערעדט, וואָלף.

און ער האָט פֿאָרגעשלאָגן צו פּראָקלאַמירן אַ הילפֿס־אַקציע, שאַפֿן אַ פֿאָלקס־קאָמיטעט צו צוויי מאַן פֿון יעדער לאַנדסמאַנשאַפֿט און אַן עפֿנט־לעכע קאָנטראָל.

אין דובס אויערן האָבן פֿונדעסטוועגן וואָלפֿס רייד געקלונגען אַביסל מאָדנע. לויט אים קומט אויס, ס'דרינגט, הייסט עס, אַרויס פֿון זיינע רייד, אַז ישראל איז — ישראל און ציוניזם — ציוניזם, צוויי באַזונדערע זאַכן. דאָס האָט אים פֿונדעסטוועגן צום ערשטן מאָל אַ קלונג געטון מאָדנע־ביי און — האָט זיך פֿאָרט געלייגט אויפֿן שכל. טאַקע, נאָך אַלעמען...

ס'האָט זיך אויפֿגעשטעלט אַ ייד פֿון דער לאַנדסמאַנשאַפֿט „די קינדער פֿון קליין־אַלעקסאַנדער״, אַ חשובער ייד, אַן הדרת־פּנים, אַ גרייז, מיט אַ קליין קאָמעץ־בערדל און מיט אַ בריל.

— ברידער און שוועסטער! — האָט ער אויסגערופֿן פֿייערלעך — איר דערמאָנט זיך אַוודאי דעם קאָמיטעט פֿון פֿאַר עטלעכע יאָרן צו זאַמלען געלט פֿאַר דער „הגנה״ און וועגן דעם, אַז מיר האָבן קיינמאָל נישט גע־ווּסט ווּהין די געלטער זענען אַהינגעקומען, זענען דאָרט ערגעץ פֿאַר־פֿאַלן געוואָרן. אויף וואָס פֿאַראַ צוועקן, פֿרעגט זיך, זענען זיי געגאַנגען, אין וועמענס טיפֿע קעשענעס זענען זיי אַריינגעפֿאַלן? מ'האָט אונדז נאָכ־דעם אַפֿילו נישט געוואָלט אויפֿנעמען אויך, ווען מיר האָבן געפֿאָדערט אַ דין־וחשבון. דעריבער זאָג איך: מיר וועלן דאָסמאָל אַליין טראָגן די הילף, דירעקט צו די געליטענע!

— גאַנץ ריכטיק! — האָט מען פֿאַראַמאָל געענטפֿערט פֿון אָנגערוי־כערטן זאַל.

מיכלסאָן איז געזעסן ווי אויף הייסע קוילן. דוכט זיך דיזעלבע יידן, ער קען זיי נישט פון היינט. זייערע רייד, מאָדנע... ער האָט זיך קוים דער־וואַרט מען זאָל אים צוטיילן דאָס וואָרט.

— כ'בין געקומען — האָט ער גלייך פאַרזיכערט מיט אַ חנדל — מיט די פרידלעכסטע כוונות; און ווען מ'האָט מיר אָנגעמאַכט אַ שרעק, האָב איך געענטפערט, אַז דאָס זענען „יידישע גזלנים". מען האָט רעכט צו קריטיקירן די יידישע אַגענץ, והראיה, ציוניסטן האָבן קריטיקירט. זאָל אָבער זיין אחדות. מען קען נישט זיין צופרידן, אָבער העלפן דאַרף מען...

די פּנימער זענען פאַר זיינע אויגן צעשווומען געוואָרן. מיט אָט די יידן, האָט זיך אים געדוכט, וואָלט ער שוין אפשר דורכגעקומען, נאָר דער יונגערמאַן דאָ באַלד הינטער זיין רוקן, וואָס האָט אים שוין, ביי אַן אַנדער געלעגנהייט, געהערט רעדן אַזעלכע זיסע ריידעלעך... ווי ער וואָלט, ווי מען זאָגט, אָנגעטראָטן אויף אַ קאַטשערע און איצט שפּרינגט זי אים צוריק אין פּנים אַריין. ער האָט זיך נישט פאַרגעשטעלט, אַז אָט דער יונגערמאַן, וואָלף כייקין, זאָל אים נאָך אַמאָל אַנטקעגנקומען, אַז אויך ער זאָל שטיין אין דער מיט פון זיין וועג.

מען ווייסט נישט ווי אַזוי דאַנציקערס זאָג איז צו זיי דערגאַנגען, נאָר דער סאָסיעטע־עולם האָט טאַקע געשמועסט צוביסלעך, אַז מיכלסאָן דרייט זיך אַרום אין פאַריז, ווי אַ העלפאַנט אין אַ פאַרצעליי־געשעפט; אַז ווו ער טוט זיך אַ ריר, פאַלט און ברעכט זיך. די פּשוטע יידן האָבן נאָך אַפילו אַ מינוט געגלויבט; אָבער ווען מ'איז מיט עטלעכע טעג שפּעטער געוויר געוואָרן וועגן דער טעלעגראַמע, וואָס ער, מיכלסאָן, האָט, קומענדיק צו דער זעלבער צייט מיט אַזעלכע שיינע ריידעלעך, געשיקט צו דער יידישער אַגענץ אין ירושלים, האָבן זיי זיך שטאַרק אויפגערעגט. „שיקט אַ טעלע־גראַמע — האָט זיך דאָרט געשריבן — צו פאַראורטיילן די אַקציע פון די קאָמוניסטן"... די פּשוטע יידן, וואָס זענען געגאַנגען פון טיר צו טיר צו־נויפנעמען עסנוואַרג, קליידער און געלט, האָבן זיך עס בשום־אופן נישט געקענט צוגלויבן.

— טאָ צו וואָסזשע — האָבן זיי געטענהט — האָט ער אַליין געדרשנט אַזעלכע זיסע ריידעלעך וועגן אחדות, העלפן, געמיינזאַמע אַקציע וכדומה?... טאָ וואָסזשע שרייען זיי אַזוי וועגן העלפן ישראל און אַז מען קומט מיט הילף, שטערן זיי נאָך...

אַלע האָבן אָבער געהאַפט, אַז די יידישע אַגענץ וועט כאָטש האַלטן וואָרט, אַז די אָפּמאַכן וועגן צוטיילן דאָרט די הילף דירעקט צו די געלי־טענע, וועט אַדורך ווי ס'איז געוועזן אָפּגערעדט און אונטערגעחתמעט.

# 20

ס׳האָט זיך שוין אַזוי געמאַכט, אַז די אָפּגעפונענע ברידער האָבן זיך גאָר אין די לעצטע פּאָר טעג כמעט ווי נישט געזען, מ׳האָט נישט קיין צייט געהאַט; וואָלף איז כסדר אַרומגעלאָפן, איז געווען שטאַרק פאַרפאַרעט מיט די אונטערהאַנדלונגען, מיט די טראַנספּאָרטן, מיט די דעלעגאַטן, וואָס האָבן זיך גענומען קלייבן אין וועג אַריין. ס׳איז אים נישט געווען צו דער־קענען, ער האָט געברענט און געקאָכט.

— כאַפּסטו זיך שוין אַליין אַראָפּ אַהין — האָט אים נאָך דאָרט דוב קוים אָנגעפּאַקט אין אַ הייסער מינוט — לאָז כאָטש אויסרעדן צו זיך אַ וואָרט... דוכט זיך, אַז איך קען דיר אויך דינען מיט אַן עצה וועגן די לייט פון דער סוכנות... וועגן אונדזערע היימישע באָנצן און ביוראָקראַטן...

ער איז אַליין אויך צוביסלעך פאַריאָגט געווען מיט זיינע אייגענע איינקויפן און קאָפּ־פאַרדרייעניש, מיט די אַמטן און מיט די אינסטיטוציעס אין 16־טן אַראָנדיסמאַן. זיי האָבן זיך שוין אָבער דאָרטן אַלע געהיטן פאַר אָט דעם אַביסל אָנגעכמורעטן קיבוץ־ייד, וואָס האָט זיך דאָ אַרומגעדרייט אין פּאַריז און אַזויווי נישט־ווילנדיק צופיל אַריינגעקוקט אין זייערע ענינים. מ׳האָט שוין גערעדט צו אים האַלבע רייד; מיכלסאָן אַליין האָט אים שאַרף אויסגעמיטן. דאָס גרויסע פייער, וואָס האָט זיך דאָ אומגעריכט אָנגעצונדן און וואָס האָט אים דערנאָך געזאָלט פירן אויף גאָר אַנדערע וועגן, האָט שוין געברענט אין אים און געזאָטן. אומגעריכט איז ער דאָ, הייסט עס, אַריינגעפאַלן אין אַ נייעם פּלאָנטער.

ווייניק האָט ער נאָך געהאַט צו טון מיט די אַלע אין דער היים ביי זיך; אפּנים, עפּעס חזרט זיך דאָ אומעטום איבער דאָס זעלבע, האָט ער שווער באַקלערט, דוב; צי איז עס טאַקע אַלץ, פרעגט זיך, צופעליק? ער האָט נישט געקענט רוען. ס׳האָט זיך דאָ שוין אומעטום געקאָכט און גע־

טומלט צווישן יידן; נישט דווקא מיט מיכלסאַנס טעלעגראַמע, נאָר מיט די טרויעריקע אונטערהאַנדלונגען, וואָס זענען דאָרט ערגעץ, אין די היג־טערקוליסן, אָנגעגאַנגען מיט דער באַן־רעגירונג, כאָטש מ'האָט געלייקנט, מ'האָט שאַרף געלייקנט. ס'איז פשוט געווען אַ חרפה און אַ שאַנדע. אין לאַנד דאָרט, אין ישראל, האָבן די ציימונגען איבערגעגעבן, האָט איינער אַ גראַטעוועטער ייד פון די לאַגערן, עפנטלעך דערקלערט, אַז אויב דאָס זאָל זיך טאַקע אַרויסווייזן פאַר ריכטיק, באַדאַרף מען אויפצוגיין צום הר ציון און באַגיין אַ קאָלעקטיוון זעלבסטמאָרד. זיי האָבן נאָך דאָ געפּרוווט אָפּצולייקענען, פאַרשמירן, פאַרגלעטן, נאָר די קלאַנגען האָבן זיך אַלץ עקשנותדיקער געטראָגן. בפרט, אַז דאָס אַלץ האָט געהאַט אַזאַ נאָענטע שייכות צו זיין היים, פאַר וועלכער ער האָט אַוועקגעגעבן מער ווי אַ האַלב לעבן. ער האָט נאָר געוואָרט מיט אומגעדולד, אַז די עטלעכע וואָכן זאָלן אַדורכלויפן און וואָלף זאָל זיך צוריקקערן פון דאָרט. דאָס האַרץ איז ווידער שווער געווען, ס'איז אַפילו נישט געווען פאַר וועמען צו לאָזן פאַלן אַ וואָרט; ער האָט זיך דאָ דערפילט איזאָלירט, אַפילו צווישן די אייגענע חברים. ער איז אָבער געווען דער ערשטער, וואָס האָט אַ האָר נישט גע־גלויבט אין זייערע פייערלעכע צוזאָגן; ער האָט זיי געקענט דאָרט, די ביוראָקראַטן פון דער יידישער אַגענץ און די הסתדרות־לייט.

אין משך פון אַ דריי־פיר וואָכן האָט זיך דאָרט וואָלף אַרומגעשלעפּט, צוזאַמען מיט דער דעלעגאַציע פון די פּאַריזער לאַנדסמאַנשאַפטן, איבער באַנען, שיפן, אויטאָס, געטאָפּטשעט אין די טיפע בלאָטעס איבער די פאַר־גאָסענע עולים־לאַגערן. אָנגעהויבן האָט זיך עס מיטן דערנעענטערן זיך פון דעם אַלטן שיפל „ארצה" צו די ברעגן פון לאַנד. אויפגענומען האָט זיין אַן אָפיציעלער פאָרשטייער פון דער יידישער אַגענץ, עפּעס איינער אַ גאָלדשטיין. יענער האָט נאַטירלעך אַלצדינג פייערלעך באַלד צוגעזאָגט. וואָלף האָט אים נאָר געבעטן מען זאָל באַצייטנס זען צוצוטרעטן צו דער פּראַקטישער אַרבעט. יענער האָט זיך אַביסל געקווענקלט, געהויבן מיט די פּלייצעס, אויסגעדריקט פאַרזיכטיק זיין אומגלויבן אַזוי שנעל דורכ־צופירן די פאַרטיילונג פון די זאַכן, האָט זיי באַלד איבערגעגעבן אַן אַנ־דערן און אַליין האָט מען אים שוין מער פאַר די אויגן נישט אָנגעקוקט. די 47 קאַסטנס קליידונג און עסוואַרג, וואָס זענען מיטגעקומען מיט זיי פון פּאַריז, זענען, ביז וואָס־ווען, געבליבן ליגן אין חיפה'ער צאָלט־אַמט. זענען די דעלעגאַטן דערווייל אַליין אַראָפּגעפאָרן אַ קוק טון אין דער מעברה נהריה — אַ גרויסער לאַגער פון אַ 1500 משפחות — געטאָפּטשעט אין די בלאָטעס צווישן די פאַרגאָסענע ביידלעך; אומעטום — מרה־שחורהדיקע פּנימער, אָפּגעשליסענע פרויען מיט פּיצלעך קינדער אויף

די הענט; אויגן, אויגן, פייער־גליענדיקע אויגן. דערנענטערנדיק זיך צו די בײדלעך, זענען זיי גאָר פּלוצים באַפאַלן געוואָרן מיט פיינטלעכע אויס־רופן, ווייל מ׳האָט זיי דאָרט אָנגענומען פאַר מענטשן פון דער אַגענץ; שוין לאַנג, אַז מ׳האָט זיי צוגעזאָגט וווינונגען. די לייט האָבן דאָ טאַקע דערפאַר מורא געהאַט צו קומען. דערנאָך, ווען זיי זענען געוויר געוואָרן, זענען זיי אויפסניי אַרויס מיט טענות. אַלע האָבן זיי כאָטש פאַרלאַנגט, אַז מען זאָל זיי די זאַכן באַלד אויפן אָרט צעטיילן, ווייל די לייט פון ועד, האָבן זיי דערציילט, פאָדערן מען זאָל זיי צוצאָלן און אויך באַקליידונגס־פונקטן פאָדערן זיי; זיי האָבן מער נישט קיין צוטרוי. די פון ועד און דער מנהל האָבן זיך ווידער געהאַלטן קיל, האָבן געטענהט, אַז זיי האַלטן נישט פון אַזאַ מין פאָרם פון פאַרטיילן; נאָר גאָרנישט, זיי זענען גרייט, האָבן זיי געזאָגט, דורכצופירן דעם אָפּמאַך...

— ווען פאָרט איר אַוועק? — האָבן זיי דער עיקר זייטיק געוואָלט וויסן ביי די דעלעגאַטן.

— ווען איר וועט אונדז דערלויבן! — האָט וואָלף, אַביסל צו האַסטיק, זיי געענטפערט, אַז זיי האָבן באַלד פאַרשטאַנען.

דערנאָך זענען די דעלעגאַטן אַרויסגעפאָרן אין די מעברות פון כּפר־סבא, מגדיאל און פּתח־תקוה. דאָרט, אין פּתח־תקוה, האָבן זיך 6 טויזנט מענטשן געוואַלגערט אין די ברעזענטענע ביידלעך, וואָס זענען געווען האַלב־אַראָפּגעטראָגן, אומגעלייגט, געפלאַטערט אין ווינט. מ׳האָט זיך אויך געאיילט פאַרצושטעלן זיי עפּעס אַ צייטווייליקן קאָמיטעט פון 5 מאַן — איראַקער, פּערסער און טוניסער יידן. דאָס זענען, ווי ס׳האָט זיך אַרויס־געוויזן, אין דער אמתן געווען צופעליקע, וואָס זענען גראָד געקומען אין ועד אַריין וועגן פערזענלעכע אינטערוועצן. דער לאַגער איז געהיטן גע־וואָרן פון מיליטער. לויט דער אַסיסטענטין פון דער סאָציאַלער קאָמיסיע, זענען די אַלע, וואָס האָבן זיך געקלאָגט, קאָמוניסטן, אָבער קיין פּאָליטישע דיסקרימינאַציעס קומען דאָרט נישט פאָר...

דערווייל איז מיטן אַרויסבאַקומען די קאַסטנס פון צאָל־אַמט אין חיפה אויך נישט אַזוי לייכט אָנגעקומען. פון די 47 קאַסטנס האָט איינער גע־פעלט, אַ קאַסטן מיט 100 קילאָ שאָקאָלאַד איז ערגעץ פאַרלוירן געגאַנגען.

— גנבות — האָבן זיי דאָרט קאַלטבלוטיק דערקלערט — געשעען גאַנץ אָפט ביי אונדז... מסתמא איז שוין אַזוי דער מזל פון די קינדער אין די מעברות... אויב דער קאַסטן וועט נישט געפונען ווערן, איז אַ סימן, אַז די קינדער האָבן נישט קיין מזל...

— אונדזער פאָלקס־קאָמיטעט אין פּאַריז האָט ספּעציעל געטראַכט

וועגן די קינדער! — האָט זיך וואָלף שוין אויפגערעגט — איר שטעלט זיך פֿאָר... אונדזער באַריכט?...

זיי האָבן זיך אַוועקגעדרייט, אויסגעלאַכט זיך פון אַזעלכע נאַאיווע רייד.

פון דער אַגענץ איז קיינער מיט זיי קיין נהריה נישט מיטגעפאָרן. דאָרט האָבן זיי שוין געטראָפן אַן אַנדער מנהל, נישט דעם זעלבן ווי פריער. ער איז, האָט ער געזאָגט, אַ פאַרטרעטער פון יענעם. מען האָט קוים אָפּגעזוכט די צווי סאָציאַלע שוועסטער, אביבה און דינה, איין איראַקער ייד פון אַן אָרטיקן קאָמיטעט, וואָס זאָל האָבן עקזיסטירט. ס'איז באַשטימט געוואָרן, אַז די צווי אַסיסטענטן וועלן צושטעלן די רשימה און צומאָרגנס באַלד אינדערפרי וועט זיך אָנהייבן די פאַרטיילונג. אינדערפרי איז דער פלאַץ פאַרן לאַגער שוין געווען שוואַרץ פון מענטשן. אָבער קיינער פון דער לייטונג, נישט די סאָציאַלע שוועסטער און אויך נישט די פון קאָמיטעט, איז נישט געווען צו זען. אין דער ביוראָ האָט עפּעס אַ סעקרעטאַרל זיי אָפּגעפּטרט קורץ און גלייכגילטיק:

— ס'איז נישט אונדזער זאַך... זיי ווילן טיילן, זאָלן זיי טיילן...

אינצווישן איז אָנגעקומען די אַסיסטענטין דינה און האָט געזאָגט, אַז זי וועט צוהעלפן די פאַרטיילונג פון די זאַכן. אויפן וועג איז איר אָבער אַנטקעגנגעקומען די אַנדערע, אביבה, זיי האָבן שטיל גערעדט צווישן זיך און זענען ביידע פאַרשוווּנדן.

אויפן פלאַץ זענען דערווייל די לייט פון לאַגער געוואָרן אומגעדולדיק, זיי האָבן זיך דערוווּסט אָפּגענאַרט; מ'האָט זיי געזאָגט, אַז מען האָט פון פּאַריז געבראַכט זאַכן, מען וועט פונאַנדערטיילן. ס'האָט זיך באַוויזן דער פריערדיקער יונגערמאַן פון קאָמיטעט.

— זיי ווילן נישט — מאַכט ער — איר זאָלט בייזיין ביים פאַרטיילן.

— פאַרוואָס? — האָט וואָלף נישט פאַרשטאַנען — מיר האָבן דאָך אין פּאַריז אַזוי אָפּגעמאַכט.

— מיר ווייסן נישט וואָס איר האָט אָפּגעמאַכט אין פּאַריז. דאָ פירן מיר זיך אַזוי...

געזען, אַז די מענטשן טרעטן אָבער נישט אָפּ, אַז די דעלעגאַציע רירט זיך נישט פון אָרט, איז אויפן פלאַץ גופא אויסגעקליבן געוואָרן אַ קאָמיטעט צו איין פאַרשטייער פון יעדער אָפּשטאַמונג, וועלכע קענען גוט זייערע מענטשן און זייערע נויטן: איין פוילישער, איין רומענישע פרוי, איין איראַקערין און איינע פון צפון־אַפריקע. ס'איז נאָך אָבער נישט געווען געענדיקט. ס'האָט זיך ווידער אָנגעהויבן אַ צרה. ס'האָט זיך צוגעשטעלט די סאָציאַלע שוועסטער און געמאָלדן, אַז זיי אָנערקענען נישט די

רשימה פון באַדערפטיקע, אויסער די פון איר ליסטע. ס'האָט גאָרנישט געהאָלפן. מ'האָט די זאַכן געמוזט איבערלאָזן, נישט אויפגעפּאַקט.

מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער האָט די „זשערוזאַלעם פּאָסט״ געמאָלדן, אַז די עולים פון לאַגער אין נהריה האָבן צעשלאָגן די אַסיסטענטן און די פּאָליציי. די עולים האָבן זיך אַריינגעריסן אין מאַגאַזין און אַליין פאַנאַנדערגעטיילט די זאַכן.

די רעשט זאַכן זענען פאַרבליבן אין מאַגאַזין פון דער יידישער אַגענץ אין תל־אביב. אָבער איין קאַסטן איז אינגאַנצן געווען צעבראָכן, דער קאַסטן מיט די ליילעכער, און ס'האָבן געפעלט 24 שטיק נייע ליילעכער, וואָס דער פאָלקס־קאָמיטעט אין פּאַריז האָט ספּעציעל איינגעקויפט.

ביים אָפּפאָר, אין פּאָרט פון חיפה, האָבן די דעלעגאַטן ווידער באַגעגנט דעם פאַראַנטוואָרטלעכן פון דער יידישער אַגענץ, דעם גאָלדשטיין. ער איז גאָרנישט געווען איבעראַשט אויך. ער האָט זיך דאָרט פאַרענטפערט און זיך באַלד אָוועקגעדרייט.

אַזוי האָט עס אויסגעלאָזן מיט די אָפּמאַכן און מיט די פייערלעכע צוזאָגן. איצט האָבן אַלע שוין פאַרשטאַנען מיכלסאָנס בוימלדיקע, שיינע ריידעלעך; די ביוראָקראַטיע, די פאַרטיי־פּאָליטיק, האָבן נישט צוגעלאָזן, אַז די זאַכן זאָלן אָנקומען דירעקט צו די געליטענע. אויף דער באַריכט־פאַרזאַמלונג אין פּאַריז האָט וואָלף פעסטגעשטעלט, אַז די יידישע אַגענץ איז לכתחילה געווען קעגן דער אַקציע; צוליב דעם האָט מיכלסאָן געשיקט די טעלעגראַמע קיין ירושלים. אומעטום האָט זיך טאַקע באַלד באַשטעטיקט וועגן בפירושן אונטערהאַנדלען מיט די באָן־נאַצים. אין יידישן פּאַריז זענען געווען מיטינגען, פּראָטעסטן. ס'האָט זיך אויפגעהויבן אַ גרויס געשריי פון אַלע יידן, וואָס האָבן זיך געראַטעוועט פון די מאָרד־לאַגערן, וואָס האָבן פאַרלוירן זייערע משפחות.

אין די צענטראַלע הילפס־קאָמיטעטן פון 16־טן אַראָנדיסמאַן האָט מען מיכלסאָנען ווידער עקסטרע אַרויסגערופן.

— ווער איז ער דאָרט, דער יונגערמאַן? — האָט דאַנציקער שטאַרק געוואָלט וויסן — וואָס טומלט ער דאָ אַזוי אַרום?... און אַלץ אויף אייערע שוואַכע פּלייצעס, פריינט מיכלסאָן... זאָל ער גיין אַהין, הינטערן „אייזערנעם פאָרהאַנג״, פון וואַנען זיי האָבן אים אַהערגעשיקט... מיר לעבן נאָך דאָ דערווייל, גאָט צו דאַנקען, אין אַ דעמאָקראַטיש לאַנד... — און ער האָט אַזיווי אָפּגעזיפצט — גאָט צו דאַנקען...

אַזוי אויפגערעגט, אָבער פאַרטייעט, האָט ער אים שוין לאַנג נישט געזען, דאַנציקערן. ער האָט געוווּסט, מיכלסאָן, וואָס דאָס הייסט, וואָס

אַזעלכע ווערטער באַדייטן. מ'האָט שוין דאָ געזען לעצטנס אַזעלכע זאַכן מיט פוילישע קוילן־גרעבער, למשל, וואָס מ'האָט זיי פאַרשיקט ערגעץ אין קאָרסיקע און פטור... פאַרמאַכט זיי ס'מויל...

— פון וואַנען, וויל איך וויסן, ציען זיי חיונה? — האָט דאַנציקער, אַזוי פאַרמוחט ווי ער איז געווען, פלוצים אויסגעשטעלט אויף אים אַ פּאָר גזלנישע אויגן — ווער האַלט זיי אויס? ווער גיט זיי דאָס רעכט זיך אַרומצודרייען דאָ?... כ'פאַרשטיי איבערהויפּט נישט...

— די פּאָלקס־זאַמלונגען — האָט מיכלסאָן געפּרוווט אַריינשטעלן אַ וואָרט — די פּאַריזער יידן... מיר האָבן אויך אַזוי געשריגן, אָבער געוווסט האָבן מיר...

— ניין — די באָלשעוויקעס... — האָט ער געקלאַפּט אין טיש אַריין — די געהיימע פאָנדן פון קאָמינפאָרם... מיר קענען דאָס לידל...

און מיכלסאָן האָט זיך ווידער אַרומגעדרייט אויס־מענטש. וואָס מען לייגט אַלץ נישט אַרויף אויף זיינע אַלטע, שוואַכע פּלייצעס. פאַרפאַלן, מ'האָט געמוזט עפּעס אויסגעפינען; גאָט באַהיט, ער וואָלט גאָרנישט גע־טאָרט ווייזן זיך פאַר טאַניען... ס'איז אים אַזוי אויך נישט געווען וואָס מקנא צו זיין...

וואָכן און חדשים האָבן די בלעטלעך געהאַלטן אין איין שיטן אויף וואַלפן פעך און שוועבל. מ'האָט זיך אָנדערציילט וועגן אים ווילד־אויסגע־טראַכטע זאַכן און דער עיקר, אַז ער, ווי די אַלע סאָרט לייט, דינען פּאַק־טיש אַ פרעמדער מלוכה, אַז זיי זענען אַגענטן פון פרעמדע אינטערעסן און — וואָס אין דער קאָרט. קיין מער פּאַסיקערן ווי אַוורעמעלען האָבן זיי דאָרט גאָרנישט געקענט צוטראַכטן און אויסגעפינען. ס'איז גוט, אַוורע־מעלע — ער קען מיט זיין נאַריש, פלוטעוואַטע מויל פון טויט לעבעדיק מאַכן, ער קען פאַרשרייען אַ וועלט; אַזוי, מיט זיין פלוטעוואַטע, נאַריש לאַכן, אַרויסשטעלנדיק די שיטערע ציין, קען ער זיי דאָרט אַלעמען איבער־כיטרעווען און מען וועט אים נאָך גלויבן אויך; אפשר נישט אַלע, אָבער מען וועט אים גלויבן.

— ווען מיר האָבן זיך געוואַלגערט אין די תפיסות... — האָט ער דאָרט, אויף די פאַרזאַמלונגען, געמאַכט געוואַלדן — ווען מיר האָבן געקעמפט קעגן נאַצישן שונא פאַרן פאַרגאָסענעם בלוט פון אונדזערע זעקס מיליאָן ברידער און שוועסטער... ווו, פרעג איך, זענען זיי געווען דעמאָלט, די דאָזיקע?...

טאַקע, ווו איז ער געווען? — האָט מען ביי אים באַדאַרפט אַ פרעג טון.

אָבער אַוורעמעלע האָט נאָך, אויסער אַלעם, געדראָט מיט רעוועלאַ־ציעס, מיט אויפדעקן וויכטיקע סודות. מיכלסאָן האָט געמאַכט אַ פּרוּב פּנימל, אויסהערנדיק אַוורעמעלעס געוואַלדן:

— וואָס ווילט איר, וואָס? דאָס איז, פאַרשטייט איר מיך, אַ מענטש, וואָס קומט פון זייערע רייען... איינער פון די בלינדע פאַרפירטע, וואָס זענען זעעוודיק געוואָרן... אין ווען דאָס נאַציאָנאַלע געוויסן פון אַ ייד האָט זיך ענדלעך דערוועקט...

ער האָט זיך אָבער אַ רגע דערשראָקן פאַר זיינע אייגענע רייד, ס'האָט זיך אים מיטאַמאָל קלאָר אויסגעוויזן, אַז פון דעם מענטש, פון וואָלף כיי־קינען, שטראַלט אַרויס אַ גרויסע מאָראַלישע ריינקייט; כאָטש ער איז, ווי ס'האָט זיך אים געדוכט, פאַרפירט פון פרעמדע, נישט־יידישע אידייען. אָבער אַפילו אין דעם, האָט זיך אים אין דער מינוט געדוכט, אַז ער נישט גאַנץ זיכער... יידישע אידייען... נאָך אַלעמען... אין אים ליגט דער פרימיטיוו פון געזונטע יידן, וואָס זענען די באַזע פון אַ פאָלק. אָבער מ'האָט אים פונדעסטוועגן געמוזט באַקעמפן, אַזוי האָט אומבאַדינגט געפאָ־דערט דער מאָמענט. נישטאָ קיין סענטימענטן. ער האָט אים געמוזט איבערגעבן אין די הענט אַריין פון אַזאַ מין אַוורעמעלע.

אַפילו ראָזעט איז פּלוצים פון ערגעץ קאַפּויער געקומען, אַראָפּגעג־יאָוועט זיך, איז הענדום־פּענדום געקומען צולויפן.

— כ'האָב עפּעס געהערט, אַוורעמעלע — האָט זי אויסגעשטעלט אויף אים אירע גרינע, כיטרע אויגן און אַזויווי אָפּזיפצנדיק — אַז דו לייגסט איין וועלטן... וואָלף... נאָך אַלץ דער זעלבער וואָלף...

ווי האָט ער דען געקענט בייז זיין אויף איר פאַר דעם אַלעם, וואָס איז זיך דאָרט אַמאָל געהאַט פאַרלאָפן; זי האָט נאָר באַדאַרפט אַ רעד טון מיט איר הייזעריקלעך, פאַרנאַשט קול און אַ שפּיל טון מיטן פוקסישן שמייכעלע אין אירע גרינע אויגן, וואָס זענען נאָך אַלץ שיין און שלעכט געוועזן, זי זאָל אים מאַכן אַפּהענטיק, ווי געליימט.

— נאָך אַלעמען, ראָזעט — האָט ער זיך, אפשר גאָרנישט נאַריש, אָפּגערופן, אַוורעמעלע — איז ער אונדזביידן געשטאַנען אין וועג, וואָלף... אַפילו צווישן מיר און דיר איז ער געשטאַנען. דו ווייסט עס אַליין, ראָזעט... ס'איז שוין טאַקע באַלד ווי זיי זאָגן דאָרט — מיר אויף איין זייט באַריקאַדע און ער — קעגנאיבער אונדז. אָדער מיר, אָדער זיי, פאַרשטייסט?

זי האָט עס פאַרשטאַנען, ראָזעט, זי האָט עס שוין פון לאַנג פאַרשטאַ־נען; נאָך אפשר פריער פון אים איז זי געקומען צום שכל. אַפילו מיט אירע אַלע וויבערישע חנדלעך האָט זי יענעם אָבער נישט געקענט ביי־קומען. ס'איז שוין מער נישט געווען די זעלבע ראָזעט, ניין. ווי די פריע

עלטער וואָלט זיך מיטאַמאָל געלייגט אויף איר; כאָטש זי איז געווען אָנ־געטון שרייענדיקער ווי אַלעמאָל, אָבער דער שמייכל אין אירע גרינע אויגן, צווישן דער קוים־אָנזעעוודיקער נעץ קנייטשלעך, וואָס האָט זיך פאַר דער צייט געלייגט, איז מער נישט געווען דער זעלבער. מסתמא איז איר דאָרטן מיטן מעסיע ווייל אויך נישט געווען וואָס מקנא צו זיין...

און פאַרוואָס לייקענען, אַז אין אַוורעמעלען האָבן נאָך אַלץ געטליעט די אַלטע פאַרדרוסן, צוליבן הויז, צוליב ראָזעטן? קיין סך האָט ער זיך אָבער נישט אויסגעלערנט פאַר דער צייט — ער האָט נאָך וואָלפן אַלץ באַטראַכט ווי אַ נאַאיוון מענטש און אינעווייניק, אין זיך, אים אַפילו באַ־דויערט; אין עפּעס אַ קינד דאָרט איז אים געגאַנגען... אין דער צייט, ווען ראָזעט איז געלעגן ביי זיינע פיס. וואָס, ער וויס עס דען נישט? פאַר אים האָט זי עס אין יענע טעג נישט געקענט אויסבאַהאַלטן. פון הינטער ווענט און פון הינטער טירן האָט ער אַלץ דערשנאַפּט. נישקשה, ער האָט זי נאָר באַדאַרפט איין מאָל אָנקוקן, ראָזעטן; און וואָס מער זי האָט זיך דאָרט געהאַלטן אין איין פאַרענטפערן, אין איין שיטן אויף וואָלפן פּעך און שוועבל מיט איר גיך־מאָלנדיק פּיסקל, אַלץ מער האָט זי זיך פאַר אים פאַראַטן. פאַר וואָלפן האָט ער אינעווייניק ביי זיך פאָרט געמוזט דרך־ארץ האָבן. ער האָט אים אָבער צו דער גלייכער צייט פיינט געהאַט, געהאַסט. דער מענטש איז אים ווירקלעך געשטאַנען אין וועג. ווייל נאָך אַלע יאָרן נאָכלויפן ראָזעטן, האָט ער זיך אַליין מיטאַמאָל דערזען ווי אַן אָפּגעריסענער נאַר. ווער ווייסט... ווען ער איז נישט אין דער מיט, וואָלף... און נישט בלויז דערפאַר...

אָבער דאָס אַלץ האָט מען דאָך אין דער עפּנטלעכקייט נישט געקענט זאָגן. פאַר דער עפּנטלעכקייט האָט עס געהייסן — אָט די פּרעמדע, אַנטי־נאַציאָנאַלע עלעמענטן אינעם יידישן קערפּער און גייסט... מיט איין וואָרט...

פון ראָזעטן, פונעם הויז אין יענע אַלטע געסעלעך דאָרט, איז שוין, פאַרשטייט זיך, לאַנג מער קיין זכר נישט פאַרבליבן, קיין שפּור נישט. אַלץ פון דעם הויז איז אויספאַרקויפט און אויסגערוימט געוואָרן, ביזן לעצטן; אויף דעם טאַטנס אַלטע זינגער־מאַשינדל איז אויפגעלאָדן געוואָרן אויף שמעלץ, צוזאַמען מיט נאָך אַלטוואַרג, אויפן וואָגן פון אַן אָפּגעשלי־סענעם ייד, וואָס איז אַרומגעגאַנגען אויפקויפן איבעריקע שמאַטעס, כלים און חפצים, וואָס פאַרוואַלגערן זיך אין די הייזער. אַנדערע שכנים האָבן שוין דאָרט פון לאַנג געוווינט. אַזוי זענען פאַרווישט געוואָרן די לעצטע שפּורן פון אַ רוישיק יידיש הויז. כאָטש מוטערל זשאַנאַ, די הויז־וועכטע־רין, איז נאָך, ווי אַמאָל, געזעסן אויף יענער זייט שויב, הינטערן געלן פאַרהענגל, אין טונקעלן שטיבל הינטער דער טרעפּ; געזעסן פון פאַרנט,

פאַרן טויערל, מיטן פאַרגעלטן, צעשיטן „מיזעראַבל" פון וויקטאָר הוגאָ, אָדער ביים היכן ברעטאָן אין דער קעגנאיבערדיקער קאַפע, ווו מען קריגט אויך קוילן און האָלץ.

איין וואָלפן זענען באַך אַלץ נאָכגעגאַנגען די נאָכווייענישן פון יענעם אַלטן, רעשיקן, איינגעפונדעוועטן יידישן הויז. ער האָט זיך נישט איין מאָל אַריינגעטראַכט אין די פאַר יאָר און האָט איינגעפונען, אַז דאָס אַלץ פאַרלאָפענע איז אפשר גאָרנישט געווען קיין צופעליקייט; דאָס זענען, באַך אַלעמען, געווען די גרענעץ־ליניעס, די קען־צייכנס פון ביטערן געראַנגל צווישן זיך גופא, צווישן צוויי וועלטן פון איין צעריסן, אויסגעקוילעט פאָלק, די וועלט פון נעכטן און די וועלט פון מאָרגן.

# 21

ס'איז אָבער לייכט געווען צו מערקן לעצטנס, ווי דער אייביקער, פּרוכטלאָזער פּראָזן־געפּעכט צווישן די אַלע לעבלעכע סאָציאַליסטישע גרופּירונגען האָט זיך ביסלעכווייז געגומען אָפּקילן, ווי אַן אָפּגעזעצטער דאַמף, אויסוועפּן, ווי אַ רויך. די סיטואַציע אַליין האָט עס אָן שום ספק געפּאָדערט; ס'איז געווען דער רעאַליזם פון דער שעה. כאָטש ביז גאָר סאַמע לעצטנס, אַפילו ביי אַזאַ פייערלעכן היסטאָרישן מאָמענט, ווי דאָס אַנטשטיין פון דער יידישער מדינה, האָט מען נאָך אין די אַלע קרייזן פון סאָציאַליסטן, יידישיסטן אויסגעלאַכט אין די הויפּנס דער נאַציאָנאַלער היים, געשטעלט זיך אַפילו אָפן אויף דער זייט פון ענגלישן פּרעמיער בעווין, ווען ער האָט אַזוי פאַרביסן אַנגעפירט מיטן קאַמף קעגן דער יידישער באַפרייאונג־מלחמה; זיי האָבן זיך נאָך אָבער אַלץ שטאָל און אייזן געהאַלטן ביי יענעם גאַנצן אויסגעוועפּטן, פאַרעלטערטן קאָמפּלעקס פון פּרינציפּן, טעזן און אונטער־טעזן וועגן נאַציאָנאַל־קולטורעלער אויטאָנאָמיע, וכדומה. אָבער זינט ווען ס'האָט זיך טאַקע געהאַנדלט אין געמיינזאַמע אַקציעס קעגן „יענע לייט” פון צד שכנגד, איז נאָך אַזאַ אינטימע, ממש משפּחהדיקע נאָענטקייט צווישן די אַלע קרייזן נישט געווען צו זען. ס'איז געווען אַ מין נאָענטקייט פון צונויפגעטריבענע שעפּסן ערב אַ שטורעם; ס'איז געווען די שרעק און די אַנגסט פון דער סטאַדע; כאָטש דאָס זענען גיכער געווען וועלף אין שעפּסן־פעלן, ווי שעפּסן.

דער געמיינזאַמער באָדן איז ווידער געווען — די אומשולדיקע הילפס־אינסטיטוציעס, ווי מ'האָט זיך זינט יאָרן גאַנץ גוט פאַרשטענדיקט, ווו די פאָנד־ און געלט־אינטערעסן זענען זיך גאַנץ גוט צונויפגעפאַלן. מיט קליינע, נישטיקע רעדאַקציע־אויסבעסערונגען, האָט מען זיך אַלעמאָל לייכט געקענט אונטערשרייבן אויף געמיינזאַמע דעקלאַראַציעס, רעדן

פון געמיינזאַמע טריבונעס. געלעגנהייטן פאַר אַזעלכע מיני אינטימע צונויפטרעפן זענען לעצטנס געווען אַ סך — די וואַלן אין לאַנד, די געמיינזאַמע פּלאַטפאָרמעס צו רופן יידן זיי זאָלן גיין שטימען פאַר די סאָציאַליסטן; אָבער דער עיקר — דאָס אָפטע באַוויזן זיך פון די חשובע אַמעריקאַנער יידן אין פּאַריז אויף זייער דורכרייזע. און דאַסמאָל איז עס ווידער געווען דייווי מאָרגען, דער מאַכער אין די ניו־יאָרקער באַקלייד־סינדיקאַטן, דער שליח פון „יידישן אַרבעטער־קאָמיטעט״. ער האָט זיך דאָ פון צייט צו צייט אָפּגעשטעלט אינגאַנצן אויף אַ צוויי־דריי טעג. די לייט האָבן נישט געררוט. דער שטח פון רוים און צייט איז קליין געוואָרן פאַר זיי — זיי האָבן געפּרישטיקט אין ניו־יאָרק און געגעסן אָוונט־ברויט אין פּאַריז; איבערהויפּט טאַקע ביי גריגאָרי ביילּיסן, ביים אַלטן דירעקטאָר פון פּראָפעסיאָנעלער אויסבילדונג, אינעם הויז ביי דער שטאַרק־גאַסטפריינטלעכער בעלאַ אַבראַמאָוונאַ, וואָס איר טיש איז אַלעמאָל געשטאַנען גרייט פאַר געסט, אָנגעשטעלט פון שענסטן און פון בעסטן. די אינטימע צוזאַמענטרעפן אין דעם הויז זענען שוין מיט דער צייט געוואָרן אַ שטיקל טראַדיציע.

אין דער עפנטלעכקייט, אין די מאָגערע יידישע בלעטלעך, וואָס זענען אויסגעהאַלטן געוואָרן דורך אומבאַקאַנטע פאָנדן, דער טיראַזש זייערער איז געווען אַ קליינער און זיי זענען פונאַנדערגעשיקט געוואָרן כמעט האַלב־אומזיסט, האָט מען זיך נאָך גאַנץ פיין באַקעמפט; מ׳האָט אויסגענוצט אַלע אַמאָליקע פּאַרעלטערטע עפּיטעטן, אָבער עפּעס אַנדערש איז געווען ווען מ׳האָט זיך דאָ ברייטלעך אַוועקגעזעצט ביים זעלבן טיש, אין דער זעלבער אָנגערויכערטער, אַביסל פייערלעכער אַטמאָספער. מ׳האָט אַפילו גוטמוטיק אַליין געשפּאַסט דערפון, וואָס דער האָט דאָרט יענעם נעכטן, אָדער אייערנעכטן גאַנץ שאַרף און בייסיק אַריינגעזאָגט אין אַ לייט־אַרטיקל.

— כ׳האָב אייך גוט אַריינגעזאָגט, אַ?... — האָט מען, דריקנדיק זיך וואַרעם די הענט, געפרעגט אין געלעכטער איינער ביים אַנדערן — איר האָט זיך טאַקע געפילט אַזוי שטאַרק געטראָפן, פריינט מיכלסאָן?

— וויס איך... ווער קוקט זיך דען אום? איר מיינט טאַקע?...

— ס׳איז נישט די שעה פון קריגן זיך און פון צעשפּליטערן די כוחות, מיינע פריינט — האָט דאַנציקער, לאַכנדיק ברייט, אַלעמען געוואָלט איינגעמען.

ביי מיכלסאָנען, וועלכער איז גראָד מיט אַ טאָג פריער אַרויסגעטרעטן צוזאַמען מיט אַ יידישן מיניסטער, איינער פון די ראָטשילד־מקורבים, אויפן טראַדיציאָנעלן פּרייטיק־צונאַכטס, אינעם שאַרף־באַלויכטענעם זאַל אויפן רעפּובליק, האָבן זיך נאָך געפּלאָנטערט אַ פּאָר שטאַרקע פראַזן;

ער האָט זיי דאָרט מיט זיין רודף־שלומדיקער פשרות, מיט זיין קילער פּאַטעטיק, וועלכע האָט שוין קיינעם מער נישט געריירט, אַ וואָרף געטון צום שיטערלעכן עולם: „איינצוהאַלטן די דעמאָקראַטיע — האָט ער אויס־געפירט פייערלעך — זענען אונדז אַלע כוחות נויטיק, געאייניקט און שטאַנדהאַפטיק צו שטעלן זיך קעגן די טאָטאַליטערע אידייען, פון וואַנען זיי זאָלן נישט קומען"... ער האָט עס אים אָבער פאַרגעסן איינצורוימען, דאַנציקערן, אַז ביי דער געלעגנהייט האָט ער שוין געכאַפּט אַ שמועס מיטן מיניסטער אַליין מכוח דעם און יענעם; וועגן דעם, אַ שטייגער, וואָס זיי צעפּויקן דאָרט איצט אַזוי שטאַרק אין די בלעטער זייערע, אין די אַפּישן, וואָס הענגען אויף אַלע מויערן פון פּאַריז, וועגן דעם יונגערמאַן, דעם ווידערשטענדלער, דעם פּראָנט־קעמפער, וועלכן מען וויל אויסווייזן פון פראַנקרייך צוליבן מאָדנע אַרגומענטן, נאָך אַלעמען — אַז ער איז כלומרשט נישט געווען אַסימילירט מיט דער פראַנצויזישער נאַציע, אין דער צייט ווען דער מענטש האָט זיך געשלאָגן קעגן אָקופּאַנט ביזן לעצטן טאָג... ס'איז פונדעסטוועגן געווען אַ ביסל מאָדנע — דער זעלבער מיניסטער, אַ ייד, אַ קרוב למלכות, האָט אַזוי שיין געדרשנט צו די יידן און האָט אַפילו פּאַטעטיש אויסגערופן:

— מיט איניקע טעג צוריק, בעת איך האָב בייגעוווינט אַ מיטינג פון די פעטעניסטן, מיטן אַדוואָקאַט איזאָרני, פּעטענס הייסער פּאַרטיידי־קער, בראש, האָב איך טיפער דערפילט, אַז איך בין אַ ייד...

אין דער צייט, ווען דער דעקרעט וועגן באַגנעדיקן דעם אַלטן פּאַ־רעטער פּעטען איז, נישט אָן זיין וויסן, נאַטירלעך, געווען צוגעגרייט פון פריער און איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן טאַקע אין זעלבן אָוונט, באַלד נאָך די וואַלן.

אין זעלבן אָוונט... און מיכלסאָן האָט געפילט, ווי עס שורשעט לייכט אין קעשענע ביי אים דאָס פריש־באַדרוקטע פּאַפּיר פון דער אָוונט־צייטונג מיט דער מאָדנער ידיעה. אָבער צו דעם סאָציאַליסטישן מלוכה־מאַן פון וויטער יידישער אָפּשטאַמונג האָבן זיי דאָ אַלע צוביסלעך געהאַט אַ שייכות. ס'איז געווען אַ פאַמיליאַרישקייט, וואָס האָט זיך געקניפּט און געבונדן מיט די היגע אינסטיטוציעס, מיט די קרובים אין אַמעריקע, מיט דייווי מאַר־גענען דער עיקר, דעם חשובן גאַסט, וועלכער האָט זיך דאָ לעצטנס אָפּט באַוויזן. ער איז דאָ ברייטלעך געווען צעזעצט און ס'איז געווען אין דער מינע זיינער עפּעס פון אַ באַלעבאָס, וואָס איז דאָ אַראָפּגעקומען „מאַכן אַביסל אָרדענונג".

— כ'בין אַ יידישער סאָציאַליסט — האָט ער זיך אָפּגערופן, ווי מיט באַליידיקונג און געקרענקטקייט — און דערפאַר מוז דאָס שטאַרק שאָקירן,

ווען מען קומט אין דעמאָקראַטישע לענדער און מען באַמערקט נאָך דאָרט, אַז די קאָמוניסטן האָבן אַזעלכע איינפלוסן אויף יידן... ס'איז באמת נישט צו פאַרשטיין... זייערע מעטאָדן... מילא, איך באַדאַרף עס אייך נישט צו זאָגן... אויב דער סאָציאַליזם דאַרף נאָר אויף אַזאַ אופן קומען צו דער מאַכט, זאָל ער שוין בעסער לגמרי נישט קומען...

ס'איז טאַקע אויך געווען אַרום טיש די רייד וועגן דעם יונגערמאַן, וועגן זייער ענערגישער, אָבער דורכגעפאַלענער הילפס־אַקציע פאַר די געליטענע פון די פאַרפלייצונגען אין ישראל, צוליב זיין, מיכלסאָנס, אַ כיטרן שריט; וועגן זייערע איינפלוסן ביי די וואַלן. אַפילו דאַנציקער אַליין האָט אַ פינטל געטון מיט אַ שווער, ציגיינעריש־אַרויסגעזעצט אויג און האָט זיך מיטאַמאָל דערפילט אומבאַקוועם. ער האָט זיך געווישט מיט אַ סערוועטל די דיקלעכע ליפּן אונטערן שאַרפן, אויסגעגאָלטן וואָנסעלע, אַ גלעט געטון פון אויבן אַראָפּ דאָס פאַרשניצטע קוטיעפּאָוו־בערדל, אַ זופּ געגעבן פון אַ גלעזל לעבן אים און ווייט אָפּגערוקט עס פון זיך מיט ענערגיע.

— מען דאַרף, זאָג איך — האָט ער זיך, ממש אַן אויפגעקאָכטער, געכאַפּט צום פּעקל „קאַמעל" — די שעדיקער פון דער יידישער זאַך פאַר־טרייבן פון דער יידישער גאַס... און אַן רחמנות...

טאַניע, אַ פאַרפלאַמטע, אַזויווי אַ יונגער־געוואָרענע, איז ווידער גע־ווען ביי דער זייט פון דייווי מאַרגענען. מיט זיין באַווייזן זיך דאָ, האָט זי מיטאַמאָל אַראָפּגעוואָרפן די הויזן, די איינגעשטייפטע ספּאָרט־וועסט, דאָס פויעריש־פאַרביקע קאָפּ־טיכל און זיך ווידער געצירט אין אירע פאַר־כאַפּנדיקע טואַלעטן. זי איז אָבער מער נישט געווען די זעלבע. אַלע האָבן מיטאַמאָל באַמערקט אירע קנייטשן, די פריזור, דורכגעוואָרפן מיט גרויע פּאַסמעס. זי האָט מאַרגענען געבערענגט צופירן פון אַעראָדראָם, איז מיט אים אַרומגעפלויגן איבער דער שטאָט. ער האָט זי משפחהדיק גערופן „טרודי" און זי אים היימישלעך — „דייווי".

ער האָט שוין מער גאָרנישט געוואָלט אַזויפיל אַריינקלערן, מיכלסאָן. ס'האָט זיך שוין דערנאָך אַזוי באַקומען, אַז איר קליינע, אינטים־איינגע־אָרדנטע וווינונג, ערגעץ אַרום שאַנז עליזיי, האָט זי די גאַנצע צייט גאָר־נישט געהאַט אויפגעגעבן, נאָכדעם ווי זי איז זיך צונויפגעגאַנגען מיט מיכלסאָנען. קורץ — ס'איז מער נישט געווען קיין אָרט פאַר אים דאָרט. „אַ פלאַטאָנישע ליבע, יעי באָגו"... — האָט מען אָפן געוואָרפן צוויי־דיי־טיקע שמייכעלעך הינטער זייערע פּלייצעס. דער געעלטערטער ייד איז סוף כל סוף צוריק אַוועק צו זיין אַמאָליקער פאַרשטויבטער, אָפּגעלאָזע־נער דירה, געלאָזן זיך צוריק באַדינען פון דער אַלטער פרוי, איז אָונט־

צייט צוריק געזעסן אין גרינעם, אָפּגעבליאַקעוועטן שלאָפראָק, אין די שטעק־לאַטשן, אין טיפן, אויסגעריבענעם לעדערנעם פאָטעל און האָט זיך אין די שבת־אָוונטן, ווי אַמאָל, אויסגעשמועסט דורכן טעלעפאָן מיט הייִמישן אַדוואָקאַט וואָלפער.

— ס'איז, אויף מיין וואָרט, מער נישט צו פאַרשטיין, פריינט וואָלפער, אין וואָס פאַראַ צייטן מיר לעבן עס... אַז דער היינט איז אַ בולטע אָפּלייקענונג פונעם נעכטן... און וואָס וועט נאָך מאָרגן זיין ?...

— ס'וועט זיין... ס'וועט זיין... ס'וועט גוט זיין... — איז דער אַדוואָקאָט אַלעמאָל פאַרבליבן דער געשווירענער אָפּטימיסט — די וועלט גייט נאָך נישט אונטער, פריינט מיכלסאָן.

אים איז ווייל געווען, וואָלפערן, ער האָט זיך אַזוי שיין געקענט רעדן. ער איז זיך געזעסן אין זיין אויסגעוואַרעמטער היים, אין נחת און אין כבוד און אין פרנסה. ס'האָט אים חלילה גאָרנישט געפעלט זינט ווען ער האָט חתונה געהאַט צום אַנדערן מאָל און זינט ווען ער איז געוואָרן זייער אָנגעזען ביי דאַנציקערן, אין די אַלע קאָמיטעטן, מער נאָך ווי זיי אַלע. ס'איז אַפילו לייכט געווען אַרויסצופילן פון זיינע פאַרשטיקטע געלעכטערלעך, אַז ער באַדויערט גאָרנישט אַזוי שטאַרק דער פאַרכאַפּנדיק־רעפּרעזענטאַטיווער טאַטיאַנאַ איסאַקאָוונאַ, אויף אַ האָר נישט. והראיה...

— דער יונגערמאַן דאָרט... כ'מיין דער וואָלף כייקין אייערער, לאָזט זיך ווידער הערן... — איז וואָלפער אויף יענער זייט דראָט געווען שטאַרק פאַראינטריגירט.

ס'איז פונקט געווען עפּעס אַן ענין, האָט זיך אים אויסגעוויזן, אין כאַראַקטער פון זיינע עסקימלעך. אַ שאָד, אַ שאָד. ער האָט אָבער געהערט, אַז גרעסערע אַדוואָקאַטן ווי ער פאַרנעמען זיך שוין אַצינד דערמיט, און נישט נאָר אַדוואָקאַטן, אינסטיטוציעס, פראַנצויזישע אינסטיטוציעס.

— וואָס ווייסט איר ? וואָס ווייסט איר ?... — האָט מיכלסאָן געקלאָגט

— כ'האָב שוין קיין קאָפּ נישט... פון אַלע זייטן קומט מען מיט טענות נאָר צו מיר, דווקא צו מיר... באשר, די אַלע סאָציאַליסטן, הערט איר, די קרובי למלכות...

ער האָט עס נאָר אַזוי אַ זאָג געטון, אָבער דער אמת איז פאָרט געווען — אַט די וויכטיקע און איינפלוסרייכע אָנשפּאַרן אין די אַלע גליטשיקע סאָציאַליסטישע קרייזן און ספערן, וווּ מ'איז ברייטלעך געווען צעזעצט, צוזאַמען מיט די אַלע אַנדערע לייט — ביזן עקסטרעם־רעכטן פליגל — אין די מיניסטעריומס, אין די אַלע הויכע אַמטן, האָבן, זעט אויס, אַוודאי שטאַרק צוגעאיילט דעם גאַנץ איינפאַכן ענין; אַן איינפאַכער ענין, אין גרונט, אַ פּראָצעדור, וואָס איז לעצטנס שטאַרק פּראַקטיצירט געוואָרן אין די אַלע

קרייזן בנוגע אומבאַקוועמע און אומגעווונטשענע אויסלענדער, איבער־הויפּט שפּאַניער, פּאָליאַקן, מעגן זיי אַפילו זיין מענטשן מיט אויסערגע־וויינלעכע פאַרדינסטן פאַרן לאַנד, האָבן געקעמפט קעגן נאַצי פאַר דער באַפרייאונג פון לאַנד, זענען געשטאַנען אין שאָטן פון תליות און עקזע־קוציע־פעלטאָנען. אַזוי איז דער גאַנצער טומל אַרום וואָלף כייקין אויך סוף כל סוף דערגאַנגען אַהין, וווּ מ׳האָט באַדאַרפט.

ווייל ס׳איז צוערשט אַזוי געווען: דורך אַ קליין, ציכטיק, בלוי קאָנ־ווערטל, גיכער אַ ראַנדעווו־בריוול, אין ראָזן פלאַטער, צו אַ מיידל, איז וואָלף אַרויסגערופן געוואָרן אינעם מאַסיוון, פילשטאָקיקן גמאַך, אויפן שיינעם, אַלטן סיטע־אינדזל, ערגעץ אינעם וואַלד ביוראָען אויף די שטאָקן, פאַרבלאָנדזשעט צו ווערן. ס׳איז דאָרט אומשולדיק געווען אָנגעגעבן, אַז מען רופט אים אַרויס פינקטלעך 10 אינדערפרי צוצושטעלן זיך אין דער און דער ביוראָ, אויף דעם און דעם שטאָק, וועגן צוגאָב־אינפאָרמאַציעס. נישט מער.

נאָכדעם ווי וואָלף האָט דעמאָלט צוריק אַרויסגעריסן ס׳בלייכע, איבער־געשראָקענע, מיידעלע מאַדלען פון זייערע אַלעמענס גזלנישע הענט אַרויס, האָט אים אויף אַ שטיקל צייט דאָס געוויסן קעגנאיבער מירלען אויפגע־הערט צו פייניקן; ווייל ער האָט זיך עס די גאַנצע צייט, שוין בלויז קעגנ־איבער מירלען, נישט געקענט שענקען. און דעמאָלט האָט ער אויך איינ־מאָל צוריק געהאַט אַ פאַרלאַנג אויפצובויען אַ היים, אַ שטילע היים פאַרן קינד. ער איז אַליין אויך מיד געווען. די דערציערין העלען, וואָס ער האָט זי באַגעגנט אין די יתומים־הייזער מיט אַזאַ איינפאַכער איבערגעגעבנקייט פאַרנעמען זיך דאָרט מיט די אָפּגעראַטעוועטע יידישע קינדער, איז אים שטיל און באַשיידן געקומען צוהעלפן. ס׳איז געווען אַ פשוט, דורכגעליטן מיידל, מער־ווייניק אין זיין עלטער. זי איז וואָלפן נאָכגעגאַנגען אָן איבע־ריקע רייד, מיט שטילע טריט און מיטן דורכגעליטענעם געפיל אַריינ־צוברענגען אַ ביסל היימישע געמיטלעכקייט צווישן דער קליינער, פאַר־יתומטער משפחה. דאָס האָט זי אים טאַקע געהאָלפן אויפזוכן און איינאָרדענען דאָס שטילע ווינקל זייערס, האָט אַריינגעלייגט איר גאַנצע צערטלעכקייט, איר גאַנץ געדולד וואַרעמער צו מאַכן די היים. אויך די קליינע האָט זיך צו איר גיך צוגעבונדן. ס׳איז צוריק געווען אַ קליינע, אויסגעוואַרעמטע נעסט, וווהין אומצוקערן זיך, נאָך אַ טאָג האָרעוואַניע און אַרומלויפעניש, אין אָוונט. ס׳איז צוריק געווען עפּעס אַ זין אין אַלעם. דאָ האָט וואָלף אויסגערוט זיינע נערוון, וואָס האָבן דורך אַלע יאָרן אַזוי סאָליד אויסגעהאַלטן. אַפילו דער דינער שמייכל זיינער איז צוריקגעקומען. אין אַ געוויסן מאָמענט האָט ער אָבער דערפילט די מידקייט אין אַלע זיינע

ביינער, כאַטש דאָס בלוט האָט נאָכאַנאַנד געקאָכט און געזידט; ס'איז נאָך אַלץ געווען אַזויפיל צו טון, איינצורייסן, זען אָפּצוראַטעווען, אַז די אַלע אויסוווּרפן, וואָס האָבן זיך אויפסניי אַרומגעדרייט אויף דער פריי, זאָלן נאָך אַמאָל נישט די וועלט אַריינוואַרפן אין אַן אומגליק אַריין. וואָס, מ'האָט דען נישט געזען ווהין זיי פירן?

טאַקע דעמאָלט האָט ער דאָ איינמאָל אויך אַ טראַכט געטון, אַז ס'וואָלט אפשר גאָרנישט קרום געווען צו בעטן נאַטוראַליזירט צו ווערן. פאַרוואָס, נאָך אַלעמען, נישט? ער איז סוף כל סוף געקומען צום פשוטן געדאַנק איינצוואָרצלען זיך דאָ, לעבן ווי אַלע מענטשן, אַז ס'הפקרע לעבן זאָל אים מער נישט טראָגן ערגעץ אין דער וועלט אַריין. ס'איז נאָך געווען אין די ערשטע פּאָר יאָר, ווען די גאַנצע פאַרפּלאָנטערטע פּראָצעדור איז דורכגעפירט געוואָרן פאַרהעלטנישמעסיק שנעל. די אַדמיניסטראַציע איז נאָך דעמאָלט נישט געווען אינגאַנצן אָפּגעריייניקט פון די רעפּובליקאַנישע עלעמענטן. אָבער ווער זאָל זיך עס געווען ריכטן?

אין יענעם שיינעם פרימאָרגן האָט זיך וואָלף געטראָגן איבער די פריילינגדיקע בריקן פון דער סען מיט מאָדנע פאָרגעפילן, און, דעם אמת געזאָגט, מיט אַ קליין ביסעלע פּלאַטער. וויפל מאָל ער האָט זיך פשוט אויסגעלאַכט, דערמאָנענדיק זיך אין יענע פאַר־מלחמהדיקע יאָרן, ווען ס'איז די מענטשן פון זיין עמיגראַנטישן דור יעדע פאַר וואָכן אויסגעקומען צו לויפן אַהער, אויפן טרויעריק־באַרימטן 5־טן שטאָק, צו פאַרלענגערן דאָס פאַרפּאַטשקעטע שטיקל פּאַפּיר, איז צו אים פונדעסטוועגן דער פּלאַטער צוריקגעקומען. פאַרפאַלן, מען דערפילט זיך אַלעמאָל פאַרט אַזוי שוואַך, אַזוי הפקר, און ס'פאַרכאַפּט אַזאַ הוילקייט אַרום האַרצן, ווען מען גייט דאָ אַרום מיטן באַוווסטזיין, אַז דאָס איינאָטעמען אָט די בלויע רחבות אַרום די בריקן פון דער שיינער סען, וואָס שווענקט אין די נידער די אַלטע היסטאָרישע געביידעס, איז אין גרונט נאָך אַלץ אָפּהענגיק פון עפּעס אַ שטויביקער מלוכה־ביוראָ. אין די דאָזיקע ביוראָען איז מען אָבער אַלעמאָל אָנגעצויגן, פול מיט אייביקע פאַרדאַכטן און אָנצוהערענישן, מיט ביטול פאַר אַזאַ, וועלכער איז מיט יאָרן צוריק איינמאָל אַנטלאָפן פון זיין ברעגענדיקער היים, איז געקומען זוכן אַ מקום־מקלט אינעם לאַנד, וואָס האָט אויפגעשריבן אויף איר פאַן די דעקלאַראַציע פון מענטשן־רעכט. דער אַנטרונענער האָט זיך דערווייל צוגעבונדן און ליב באַקומען דאָס פאָלק, די לאַנדשאַפט, די קולטור, האָט זיך דאָ געשלאָגן פאַר יעדן שטיין, ווען דער נאַצי האָט דאָ האַרט געטרעטן איבערן ברוק, ביז דער ווינט פון באַפרייאונג, האָט ענדלעך אָנגעווייעט. ווי די געשיכטע, נאָך אַלעמען, קריכט און שלעפּט זיך, האָט וואָלף באַטראַכט. דאָרט, אין זייערע לענדער, ווו מ'האָט אַזויפיל

געלערנט, שטודירט און אַריינגעטייטשט די וועלט־היסטאָרישע רעוואָלו־ציעס, וואָס האָבן זיך דאָ אַמאָל אָפּגעשפּילט, צווישן אָט די אַלטע ווענט און מויערן, אויף אָט די ברוקן, האָט מען שוין באַלד לאַנג געהאַט פאַר־געסן די נישט־לאַנג־געוועזענע פינצטערע רעזשימען. ס'וואָלט שוין אפשר לאַנג צייט געווען אויך דאָ...

מיט אַזאַ געפיל, איז וואָלפן מיטאַמאָל לייכטער געוואָרן אויפן האַרצן, ווען ער איז מיט אַ פעסטערן טראָט, וואָס האָט אָפּגעהילכט אין דער רוים־לײדיקייט, אַדורך דעם הויכן, געוועלבטן טויער, איז פאַרביי די שוואַרצע קעטשלעך מיט די קראַטן, צעשטעלט אין מיטן הויף, און האָט זיך אויפ־געהויבן מיט די מאַסיווע טרעפּ. ער האָט זיך גאָרנישט פאַרוואָס צו שרעקן. ער האָט אפשר געטון פאַר פראַנקרייך פיל מער, ווי אָט דער באַאַמטער, וואָס וועט אים באַלד זייטיק באַטראַכטן, קוקן אין דעם באַרג פּאַפּירלעך אַריין פון זיין קאַרטאָטעקע, קוקן מיט פאַרדאַכט אויף אים. ס'איז אים אַ רגע אויפגעקומען די תפיסה־צעלע אין לילאַ. דער קליי־נער מעכאַניקער פון די באַן־וואַרשטאַטן, פּיער לעמואַן, און די הייסע רייד זיינע אַנומלטן: „נישט די־אָ, וואָס זענען אין גרונט פרעמד דעם פאָלק, נאָר דו ביסט ביי מיר אַ טייל פון דער פאַריזער לאַנדשאַפט... ווי דער בוים אין טיולערי־פאַרק, ווי די באַנק אויפן בולוואַר בעלוויל"...

אַ זייטיקע טיר, אַ שטילע ביוראָ אָן באַזונדערע אויפשריפטן אויף דער מילך־שויב, אַ גאַנץ העפלעכער „אַריין". עס האָט געקענט זיין אַ מענטש אין די פופציקער, מיט אַ דורכשניטלעך פּנים פון אַ גרויען באַ־אַמטן, וועלכע לאָזן זיך אָבער אומעטום דערקענען מיט עפּעס אַ באַזונ־דערקייט. אַ גרויקייט אין די שלייפן און אַ שאַרפע, דורכדרינגלעכע ברילן. ער קוקט פאַרטון אין ציכטיקן בלויען קאָנווערטל, גלייכגילטיק כמעט מישט ער אַ שטויס מיט פּאַפּירן אויפן נאַקעטן טיש און רעדט צו וואָלפן, אָנווייזנדיק אים אַ בענקל דערלעבן, די סאַמע העפלעכסטע רייד:

— מיר באַדויערן שטאַרק... ס'איז, ווי איר זעט, אַ מיניסטעריעלע דעציזיע... די נאַטוראַליזאַציע איז אייך צוריקגעצויגן געוואָרן לויטן פּאַ־ראַגראַף...

— צי קען מען וויסן פאַרוואָס? — האָט זיך וואָלף דווקא אין דעם מאָמענט אַ האָר נישט פאַרלוירן, ווײלע אַלע אַלטע כעסן זענען צוריקגע־קומען, האָבן אים אַ שפּאַר געטון אין די שלייפן, אין האַלדז אַריין. ער האָט עס פונדעסטוועגן געוואָלט וויסן.

— איר וואָלט עס אפשר אַליין באַדאַרפט צו וויסן... — האָט אים דאָס קילע, גלייכגילטיקע פּנים פונעם באַאַמטן אָנגעקוקט אומדורכדרינג־

לעך, פאַרשלאָסן, כאָטש נישט אָן אַ לייכטן, קוים באַמערקבאַרן שמייכל, מסתמא פון העפלעכקייט וועגן.

— איך קען זיך באמת נישט דערמאָנען צו האָבן געטון עפּעס שלעכטס קעגן פראַנקרייך... וואָס איז מיר אַזוי טייער געוואָרן דווקא אין די יאָרן פון קאַמף מיטן שונא...

— עס ווענדט זיך נאָר ווי אַזוי מען פאַסט עס אויף — גוטס און שלעכטס טון... — האָט אים נאָך יענער צוגעוואָרפן — ס'ווענדט זיך...

סיי ווי זענען די דיסקוסיעס דאָ נישט געווען אויפן אָרט און — איבע־ריק. ווי אַ ווינט האָט עס וואָלפן אַראָפּגעטראָגן פון אַלע שטיגן. ס'איז גע־ווען קלאָר, פון וואַנען און וווהין די אַלע פעדים ציען זיך. צי איז ער דען נישט דעמאָלט נאָך געווען ווי אַ פליג אין שפּינגעוועב ביי די־אָ? — האָט ער זיך דערמאָנט. ער האָט זיך געכאַפּט, אַז אָנשטאָט אַראָפּצוגיין אין דער מעטראָ, טראָגט ער זיך ווילד איבער די ליכטיקע, רחבותדיקע בריקן פון דער סען; פון צייט צו צייט דרייט אַ פאַרבייגייער אויס דעם קאָפּ און קוקט אים מאָדנע נאָך. „וואָלף — האָט ער זיך אַליין געזאָגט — זיי נישט צע־קאָכט. האָסט אָפּגעלעבט אַזויפיל יאָרן, איבערגעלעבט אַזויפיל נסיונות און ווערסט איבעראַשט פון אַ קליינער געמיינקייט פון ציניקער, פון מענטשן, וואָס זייער פּיצל נשמה איז — האַנדל, געשעפטלעך, מיט איין וואָרט — אַן אַוורעמעלע... און צי איז ער דען אַליין? בלויז ער?"...

אין דעם הויז, ווו ס'האָט געקלאַפּט דער פּולס פון די יידישע פאָלקס־אָרגאַניזאַציעס, צווישן די ווידערשטענדלער און קאָמבאַטאַנטן, צווישן די דעפּאָרטירטע און קריגס־געפאַנגענע, צווישן די חברים פון טאָג־טעגלעכן קאַמף, האָט מען נאָך ביז דעמאָלט אפשר אויף אַזויפיל נישט געוווסט, וואָס וואָלף איז אַלץ אויסגעשטאַנען ביים אָפּגעפינען זיין קינד, דאָס אַוועק־געראַבטע מיידעלע. ווען ער איז אָבער אין יענעם טאָג געקומען דער־ציילן, אַז מ'האָט אים צוריקגעצויגן די נאַטוראַליזאַציע און אַז מען וועט אים אַרויסשיקן פון לאַנד, האָט זיך פּיער לעמואַן, דער סעקרעטאַר פון דער סעקציע, אויפגעריסן אַ צעקאָכטער:

— אַצינד געהערסטו מער נישט צו זיך אַליין. דאָס זענען מער נישט קיין פּריוואַטע אָנגעלעגנהייטן. אָ, מען מיינט דאָ נישט בלויז דיר — האָט ער מאָדנע אויסגעצויגן די לעצטע ווערטער — מען מיינט אונדז אַלעמען...

און ער האָט זיך באַלד אויפן אָרט אַ וואָרף געטון צום טעלעפאָן. דאָס טרייבל האָט אַזש געציטערט אין זיין בלייכער האַנט פון אויפרעגונג.

# 22

הינטער די ווענט פֿונעם אַלטן הויז — האָט זיך וואָלפֿן אַלץ אויסגעדוכט — שוימט און גיסט זיך אַ צעבושעוועטער ים; אַלע טויבע געהילכן פֿון דער שטאָט טראָגן זיך פֿאַרביי הינטער זיין פֿענצטער. די שויבן ציטערן. די פֿאַרשטיקטע גערוישן שלאָגן זיך אָן ביז הינטער זיין טיר; די טיר איז נישט פֿאַריגלט; זיין אומרואיקער בליק פֿאַלט אַהין, ביי אַ ליאַדע מינדסטן שאָרך אויף די שטאָקן אינעם אַלטן הויז. ער האָט זיך אין די לאַנגע טעג און נעכט, זינט ווען ער זיצט אָפּגעשפּאַרט ביי זיך אין שטוב, שוין צוביסלעך אויסגעלערנט אונטערצושיידן דעם באַזונדערן גאַנג פֿון די שכנים אַרויף און אַראָפּ איבער די שטיגן, דעם גאַנג פֿון אַ פֿרעמדן — אַזוי דין איז זיין וואַך געהער אָנגעשפּיצט. ער וואַרט אויפֿן פֿרעמדן קלאַפּ אין דער טיר, וואָס דאַרף געוויינלעך קומען, און — ער קומט נישט. די לייט, וואָס טוען מורמלענדיק, אַזויווי פֿאַרשעמט, האַלב אַ הייב־אונטער די קלאַפּע, דרייען זיך, ווייסט ער, אָפּט אַרום דעם הויז...

אַפֿילו צום מיידעלע מאַדלען האָט זיך אומגעריכט איבערגעגעבן דער דינער פֿלאַטער זיינער. די קליינע איז, ווי אַ העזעלע, געוואָרן אָנגעשפּיצט צו אַ ליאַדע שאָרך אינעם אַלטן הויז, איבערהויפּט אין די לאַנגע אָוונטן. פֿאַרן קינד האָט דער עיקר ווײ געטון; אָט דער פֿלאַטער איז דאָך — האָט ער זיך דערמאָנט — דעם קינד נאָכגעגאַנגען כּמעט פֿון געבוירן אָן. מ׳האָט פּשוט באַדאַרפֿט זען אויסצוהיטן די נערוון פֿון דער קליינער. צי האָט מען עס אָבער געקענט אויסבאַהאַלטן? דער קראַנקער, פֿייכטער גלאַנץ הינטער די פֿאַרשאָטנטע וויעס פֿונעם מיידעלע האָט אים נאָכאַנאַנד דערמאָנט, איז אים אומפֿאַרגעסלעך נאָכגעגאַנגען — מירל... ווי ווייט דאָס אַלץ איז שוין געווען...

— וואָס ווילן זיי פֿון אונדז? פֿאַרוואָס פֿאַרפֿאָלגן זיי אונדז כּסדר?

— איז די קליינע צו און אַרומגענומען זיין קרעפּטיקן, ברוינלעכן האַלדז מיט אירע פּולע, וואַרעמע הענטלעך. אַ קראַנקע וואַרעמקייט, האָט ער געפילט, שלאָגט פון אירע אומרואיקע פינגער; דאָס קינד האָט אים אָנגעקוקט מיט גרויסע, פייכטע, פאַרשטענדיקע אויגן, און האָט עס געוואָלט וויסן.

וואָס האָט ער דען געהאַט צו ענטפערן דעם קינד? ער האָט געשמייכלט מילד, ווי אַמאָל; ער האָט אַרויסגענומען די האַנט פינגער פון זיין שויבערדיקן, גרוי־ווערנדיקן קאָפּ האָר און האָט מיטאַמאָל אַראָפּגעלאָזן די אויגן אַקעגן דורכדרינגלעכן, צופיל־פאַרשטייענדיקן בליק פון דער קליינער. טאַקע, וואָס זאָגט מען דעם קינד?

— זיי ווילן, מאַדלען, ס'זאָל ווידער זיין מלחמה... דו הערסט? דאָס ווילן זיי...

דערמיט, האָט זיך אים אין דער רגע אויסגעוויזן, איז אַלץ געווען געזאָגט; אָבער נאָך נישט אַלץ, און ס'איז אים אַזויווי שטיינגעבליבן אַ קנויל אין האַלדז. אָבער די קליינע האָט, דוכט זיך, שוין פאַרשטאַנען דעם ווייטן צוזאַמענהאַנג פון זאַכן און געשעענישן, זי האָט, דוכט זיך, שוין אַלץ פאַרשטאַנען. זי האָט זיך צוזאַמען מיט דער מומע העלען אין יענעם אָוונט לאַנג געקליבן צו גיין אויפן מיטינג, וואָס איז גערופן געוואָרן פון פאַראייניקטן קאָמיטעט צו באַשיצן די אויסלענדער, וועלכע האָבן געקעמפט פאַרן לאַנד און געהאָלפן באַפרייען עס פון נאַצישן יאָך. מ'האָט אָבער געזען, אַז עפּעס וואַרגט איר נאָך, דער קליינער. זי האָט אָנגעטאָן דעם קינדערישן בערעט אין אַ זייט פון בלאָנדלעכן קאָפּ לאָקן, נישט באַוויזן צו פאַרשפּיליען דאָס בלויע, אויסגעוואַקסענע מאַנטעלע און איז צוויי מאָל צוריקגעלאָפן פון דער טיר. מ'האָט געזען, אַז זי שרעקט זיך אַוועקצוגיין, אַז אפשר זעט זי שוין דעם פאָטער צום סאַמע לעצטן מאָל, ווי דעמאָלט, ווי אַמאָל. ס'איז געווען דער שטומער פאַרכט, וואָס האָט נאָכאַנאַנד באַגלייט דעם קינד.

אַלט און יונג איז אין יענעם אָוונט געקומען אָנפילן דעם לאַנגן, נידעריקן זאַל אַרום די סען־ברעגן, ווו ס'איז פאַררופן געוואָרן דער מיטינג פון פראַנצויזישן פאַראייניקטן קאָמיטעט, פון די געוועזענע יידישע פראָנט־קעמפער, צו פאַרטיידיקן די אויסלענדער. ס'איז געווען איינער פון די דראַסטישע פאַלן, וואָס האָבן לעצטנס אויפגערודערט די עפנטלעכקייט, נאָכדעם ווי מ'האָט שפּאַנישע, אַרמענישע און פוילישע ווידערשטענדלער, מיט גרויסע פאַרדינסטן, אין קאַמף קעגן אָקופּאַנט, מענטשן, וואָס זענען געשטאַנען אין שאָטן פון דער תליה, פון עקזעקוציע־פּעלעטאָנען, פאַרשיקט ערגעץ אויף דעם אינזל קאָרסיקע, אָדער אין אַ פאַרשיקונגס־

וווינאָרט, און מ׳האָט אַ לאַנגע צייט אַפילו נישט געוווסט ווו זיי זענען אַהינגעקומען. ס׳האָט זיך געהאַנדלט נישט בלויז אין וואָלפן. ס׳האָט זיך געהאַנדלט אין דעם צוגאָב־אַרטיקל, אין געזעץ־פּראָיעקט 111, וואָס איז לעצטנס, דורך די רעכטע דעפּוטאַטן, אַריינגעטראָגן געוואָרן אין פּאַרלאַמענט צו דער אָפּשטימונג. דאָס אַרטיקל 111 האָט פאָרגעזען צוצונעמען די נאַטוראַליזאַציע ביי אויסלענדער דורך אַ ליאַדע אַדמיניסטראַטיוון אַמט, פאַר אַ ליאַדע גאָרנישט.

עס זענען געקומען באַקאַנטע אַדוואָקאַטן, ס׳איז געקומען אַ גענעראַל פון די ווידערשטאַנד־גרופּן, אין ציוויל. ס׳איז געקומען אַ גייסטלעכער. עמיץ האָט פּלוצים צווישן געדיכטן עולם אַ נעם געטון דאָס פאַרפלאָמטע מיידעלע מאַדלען פאַרן הענטל און האָט זי צוגעפירט ביז צו דער טריבונע. דער זאַל קעפּ האָט זיך אַ וויג געטון. מ׳האָט זיך אויפגעשטעלט בעסער צו זען. זי אַליין האָט אָבער מער גאָרנישט געזען, דאָס מיידעלע. זי האָט געפילט די הייסע טרערן, וואָס זענען איר מיטאַמאָל אָנגעלאָפן אין האַלדז און אַראָפּגערונען איבערן פאַרפלאָמטן בעקל. וועגן איר טאַטן וואָלף, האָט זי געהערט, האָט מען גערעדט. מ׳האָט דערציילט, ווי ער האָט זיך העלדיש און אומדערשראָקן געשלאָגן קעגן די נאַציס, ווי אַזוי מ׳האָט איר מאַמען איינמאָל אַוועקגעפירט פון דער היים אַהין, פון וואַנען מען קערט זיך שוין מער קיינמאָל נישט אום צוריק...

אויפן וועג אַהיים, אין דער אָנגעפּראָפּטער מעטראָ, האָט זיי דער פעטער דוב באַגלייט. ער האָט געגלעט מיט זיינע אָפּגעאַרבעטע פינגער די בלאָנדלעכע לאָקן פון וואָלפס מיידעלע. אין האַלדז האָט אים עפּעס געשטיקט און ער האָט גאָרנישט געפונען צו זאָגן דעם קינד. „אַזויפיל באַשיידענע העלדן — האָט ער נאָך אַ טראַכט געטון — האָט דאָ דאָס לעבן אַליין אויסגעקאָוועט. זיי רייסן זיך נישט צום אויבנאָן, צו מאַכט, צו קאַריערעס. איין זאַך ווילן זיי — נישט איבערלעבן מער דעם זעלבן גרויל, נישט זיי און נישט זייערע אָפּגעראַטעוועטע קינדער״.

ער איז אין די טעג געווען אויסער־זיך. ער האָט מיטאַמאָל איבערגעלאָזן זיינע איינקויפן, זיינע עסקים. דער קאָפּ איז אים מער נישט געלעגן דערביי. ער איז אַוועק פונעם אַלטן האָטעל, אָנגעפילט מיטן טומל פון די שליחים און פון די אָנגעלאָפענע יידן פון די מזרח־לענדער, אינדערפרי און האָט זיך דעם גאַנצן טאָג ערגעץ אַרומגעשלעפּט איבערן רוישיקן פּאַריז. ער האָט געהאַט דאָס געפיל, אַז ער מוז דאָ עפּעס זען אָפּצוראַטעווען, נישט דווקא דעם ברודער זיינעם, וואָלפן, נאָר פאַר אַלעם — אפשר די אייגענע היים זיינע, וואָס ווערט פאַרשוואַרצט דורך אַלערליי אומפאַראַנטוואָרטלעכע לייט. ניין, זיי זענען גאָרנישט באַרופן צו רעדן אין נאָמען פון דער היים

זיינער. סיי־ווי האָט ער זיך אַ ליאַדע טאָג שוין געקליבן צוריק אין וועג אַריין. זיי האָבן שוין דאָרט נישט געוווּסט וואָס איבערצוקלערן. דער אויפ־געהויבענער טומל אַרום וואָלפן האָט אים נאָך דאָ אָבער אומגעריכט פאַר־האַלטן אויף אַ שיינע פּאָר וואָכן. ס'האָט זיך נאָך אַפילו געקענט פאַרציען אויף חדשים, אָבער ער האָט זיך שנעל געכאַפּט וווהין זיי ווילן אים דאָ פאַרשלעפּן און אַריינציען. ער האָט שוין צו מיכלסאָנען גאָרנישט מער געוואָלט לויפן; דערפאַר איז אים דער כיטרער ייד אַליין ערגעץ געקומען אויפזוכן, כאָטש עס האָט אַפילו אויסגעזען, ווי ער וואָלט אים גאָר צו־פעליק אָנבאַגעגנט.

— מילא, זיי האַלטן דאָך אין איין שרייען, אַז ס'איז כאָטש אונדזער שולד, אַז מ'האָט אייער ברודער כאָטש געמסרט, איבערגעגעבן אים אין גוישע הענט אַריין... נעמט און שמועסט זיך אַמאָל אַדורך, כ'בעט אייך, מיט אַזאַ ייד ווי דאַנציקער. פאַרוואָס נישט? ער איז אַ קלוגער ייד, בנאמנות.

— דאַנציקער... — האָט אים דוב אָנגעקוקט פון אונטערן דאַשיק נישט אָן חשד — וואָס האָב איך דען צו טון מיט דאַנציקערן?

— ס'האָט שוין אפשר גראָד יאָ צו טון... כ'ווייס... ער איז אַ ייד מיט גרויסע איינפלוסן, באַדאַרפט איר וויסן...

— אָבער מיך אינטערעסירט דווקא צו דערגיין עפּעס אַנדערש... נו, מילא — האָט דוב אָוועקגעמאַכט, זעענדיק, אַז ס'איז איבעריק די רייד.

ער האָט שוין איצט פאַרשטאַנען, דוב. נאָך אַלעמען, האָט דער ייד אַרויסגערופן ביי אים נעבעכדיקייט, אַפילו רחמנות. ער האָט שוין פאַר־שטאַנען, אַז ער איז אפשר נישט מער ווי אַ געצייג אין עמיצנס הענט, נישט דווקא קיין בלינד געצייג, אָבער אַ געצייג אין די הענט פון מער כיטרע, מער ראַפינירטע און דער עיקר — מער מאַכטהאָבנדיקע, ווי ער, מיכלסאָן. ער איז נישט מער ווי אַ שילדל אין דעם יידישן פאַריז. לאַנגע יאָרן ווי ער איז דאָ כלומרשט אַ כלל־טוער, אַ ציוני, אַ סאָציאַליסט, פאַר־טרעטן אומעטום, אין אַלע אינסטיטוציעס, צו אַלע אינטערנאַציאָנאַלע קאָנגרעסן פון סאָציאַליסטישן לאַגער, אָבער — אַן אויסגעשטאָפּטע שרעק־פיגור פאַר די פייגל, אַ שטרוי־מענטש, ווי די פראַנצויזן זאָגן. ער האָט עס אָבער באַלד דערפילט אין זיינע צוגעלאָזענע, אַביסל שעמעוודיקע רייד, אַז ס'איז נישט גלאַט אַזוי, אַז ס'האָט אפשר אַ שייכות צום שיינעם שטיקל אַרבעט, וואָס זיי האָבן דאָ אומפאַרשעמט אָפּגעטון קעגן זיין ברודער וואָלף.

— גוט, כ'וועל זיך אַריינכאַפּן צו אים — האָט ער באַקלערט — מען קען אים דען טרעפן דאָרט?

— מען דאַרף אים פריער אָנקלינגען... אַזוי, אַרום זעקס, האַלב־זיבן.

— אָבער — וואָס? ווי אַזוי? נאָכוואָס?

— איר וועט אים זאָגן, אַז איר ווילט... אין מיין נאָמען... מיר האָבן אַנומלטן טאַקע געשמועסט דערוועגן...

און ער איז געגאַנגען, דוב. כ׳ווייס, האָט ער זיך געטראַכט, אפשר וועט מען טאַקע דורך זיי עפּעס אויספּועלן. דאָס זענען די זעלביקע לייט פון אומעטום, ער קען זיי. אָבער נאָך איידער ער איז געגאַנגען זען דאַנצי־קערן אַליין, האָט זיך אומגעריכט אונטערגערוקט זהבי, אַ שליח פון מפ״ם, וועלכער האָט אים, אפשר נישט צופעליק, אַרויפגעפירט אויפן געדאַנק נאָכוואָס אַזאַ דאַנציקער באַדאַרף מיט אים צו שמועסן. ער איז אַרויס אין אָוונט פון דער באַריכט־פאַרזאַמלונג, ווו ער, זהבי, איינער פון די, וואָס זענען מיט אַ דריי־פיר יאָר צוריק נאָך געווען אין פוילן, אַרומגעטומלט דאָרט, קומענדיק אָנצופאָרן מיט דער רעפּאַטריאַציע פון ראַטנפאַרבאַנד, האָט אָפּגעגעבן אַ לעבעדיקן גרוס וועגן די שאַרפע רייבונגען אין די קי־בוצים גופא; ער האָט אָנגעזאָגט, אַז די שפּאַלטונג, וועלכע איז אין די אינטערעסן פון דער רעגירונג, איז אומפאַרמיידלעך. אַביסל איז פונדעסט־וועגן נישט קלאָר געווען פון זיינע רייד — אין וועמענס אינטערעסן איז די פּערספּעקטיוו פון אויפלייזן די קיבוצים, צי האָט דער קיבוץ נאָך בכלל אַ זינען? דאָס אַלץ האָט, אייגנטלעך, אים אַליין, דובן, שוין לאַנג געמאַ־טערט און פאַרשאַפן אים נישט ווייניק בייז בלוט אין זיינע אָמפערנישן. ערשט ביים אַרויסגיין, האָט יענער פלוצים באַמערקט דובן און האָט אים שוין גאָרנישט אָפּגעלאָזן.

— ווען כ׳ווייס, דוב, אַז דו געפינסט זיך אויפן זאַל... — האָט זיך יענער דערפילט אַביסעלע מאָדנע — פאַר דיר, מיין איך, איז נישט קיין נייעס דאָס אַלץ, וואָס איך האָב זיי דאָ דערציילט...

— ס׳איז פאַר מיר דווקא יאָ אַ נייעס דער אופן פון איבערגעבן און באַלויכטן פאַקטן. נאָר גאָרנישט, דער קאָפּ איז מיר איצט נישט דערביי צו נעמען ווערטער... צו ענטפערן...

— יאָ, כ׳האָב טאַקע עפּעס געהערט וועגן דיין ברודער, אַ היגער מ״קי־מענטש. זיי ווילן אים, האָב איך געהערט, אַרויסשיקן פון לאַנד...

— ווען כ׳וואָלט עס אַלץ, הערסטו, אַליין נישט צוגעזען מיט מיינע אייגענע אויגן, וואָלט איך אפשר נישט געגלויבט... אויף אַזוי וויט זאָלן זיי שוין דערגיין!

— קום, ווען מיר עפּעס אויסטרינקען, דוב — האָט אים יענער, באַ־גלייט פון אַ קליין געזעמל, אויפן האַלב־נאַכטיקן רעפּובליק־פּלאַץ, געפירט צו אַ קאַפע מיט שרייענדיקע נעאָן־ליכטער, ווו ס׳איז אָפן ביז שפּעט. טרינקענדיק אויף דער טעראַסע אַ היימיש גלעזל טיי מיט ציטרין, וואָס

מ'האָט דאָ שוין געוווסט אונטערצוטראָגן פאַר די אָפּטע יידישע באַזוכער, האָט אים זהבי אָנגענומען פאַר אַ לאַץ:

— וואָס ווילסטו, נאָך אַלעמען, דוב... מען מוז זאָגן, אַז זיי זענען דאָ נאָך אַלץ די אמתע דעמאָקראַטן... ווען אַזאַ ענלעכער פאַל זאָל זיך, למשל, פאַרלויפן דאָרט, הינטערן „אייזערנעם פאָרהאַנג”, איז באַלד — שפּיאָנאַזש, סאַבאָטאַזש און וואָס נישט?...

— האָסטו אָבער פאַרגעסן — האָט דוב געלאַכט — דאָרט זענען נישטאָ קיין קלאַסן־פראַגן און במילא נישט קיין קעגנזעצלעכע מיינונגען. דאָרט איז פאַראַן איין אַרבעטער־קלאַס מיט געמיינזאַמע אינטערעסן. דערויף רופן זיי זיך דאָ דעמאָקראַטן?... ס'ווענדט זיך נאָר ווי ווייט זי גייט דאָ ביי זיי...

אַהער, אין די קאַפּייען אַרום רעפּובליק־פּלאַץ, אין צענטער שטאָט, ווו יידן קומען זיך צונויף פון אַלע אַרומיקע קוואַרטאַלן, האָט עס נאָך אַלעמאָל געצויגן די צעקאָכטע יידן. וויפל יידן האָבן זיך דאָ געדרייט, אָפּגעזעסן אויף די טעראַסן, גערעשט, געטומלט אין משך פון די לעצטע פינף־און־צוואַנציק־דרייסיק יאָר; כמעט אַלע האָט זיי דער ווינט פון די אויפגערודערטע פאָר יאָר צעזייט, פאַרטראָגן, אומגעברענגט, אָן אַ שפּור נאָך זיך; און די רעקלאַמעס, די נעאָן־פייערן אויף די דעכער און פאַסאַדן פון די הויכע הייזער און אין די אַרומיקע קאַפּייען האָבן, ווי אַלעמאָל, געבלענדט. די באַלעבאַטים און אַפילו די גאַרסאָנען פון די קאַפּייען האָבן זיי שוין .אָבער געקענט, די קליינע, רוישיקע, אומרואיקע געזעמלעך. די אַלע האָבן געוויינלעך באַשטעלט אַ קאַפּע־קרעם, אַ גלאָז טיי און אָפּגעזעסן ביז שפּעטלעך אויף דער טעראַסע. מ'איז נישט שטאַרק צופרידן געווען פון זיי, ווייל זיי האָבן נישט צופיל קאָנסומירט, האָבן זיך איבערהויפּט נישט אויסגעקענט אויף די פאַרשיידענע סאָרטן שאַרפע, זיסע, אַראָמאַטישע, פּיקאַנטע געטראַנקען, שוין אָפּגערעדט פון די קאָקטאַילן; און עפּעס האָבן זיי אַלע מאָל אָנגעברענגט אַרום זיך אַן אומבאַשטימטן אומרו. זיי האָבן גערעדט געדיכט אַ פרעמד לשון, זיי האָבן געצויגן אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט.

— כ'בין נישט איינער, דוב, וואָס האָט זיך קוים אַרויסגעראַטעוועט פון דאָרט... פראַזן האָב איך דאָרט געהערט גענוג, אָבער — מיין אויסגעליטענע יידישע נשמה... פאַרשטייסט? ס'איז שוין באַלד מער נישט געווען פאַר מיר קיין לופט צום אָטעמען — און ער האָט זיך אָנגעבויגן צו זיין פאַרוואַקסענעם אויער — עס זענען אָבער פאַרבליבן מענטשן, וואָס אַרבעטן פאַר אונדז, צו ראַטעווען פון דאָרט די רעשטלעך יידן. ס'איז אַ הייליקע אַרבעט, דוב, ביז... ביז... ס'וועט קיין איין ייד דאָרט נישט פאַר־

בלייבן אין זייער רשות. דאָס דאַרף זיין אונדזער הויפּט־אויפּטו אין איצ־טיקן היסטאָרישן מאָמענט פון קיבוץ־גלויות...

— הייסט עס... מיר דאַרפן כאָטש פירן אַן אונטערערדישע אַרבעט קעגן ראַטנפאַרבאַנד, קעגן די פאָלקס־דעמאָקראַטיעס... קעגן די, וואָס האָבן זיך איינגעשטעלט פאַר אונדז... ווען די גאַנצע וועלט, מיט אַמעריקע בראש, זענען געשטאַנען מיט פאַרלייגטע הענט און זיך צוגעקוקט ווי דאָס בלוט פון אונדזערע בחורים און בחורות גיסט זיך טייכנווייז... אַזאַ געדאַנק לייגט זיך מיר בשום אופן נישט אויפן שכל. וואָס זאָל איך טון ?

— ווער זאָגט דען... — האָט אים יענער צוגעהאַלטן ביים אַרבל — עס ווענדט זיך נאָר ווי אַזוי מיר קוקן אויף די זאַכן... פון אונדזער יידישן שטאַנדפּונקט...

— אין דער פּראַזעאָלאָגיע, הייסט עס, זענען מיר גאַנצע קאָמוניסטן.

— אפשר בעסערע קאָמוניסטן ווי זיי דאָרט... יידישע קאָמוניסטן, צוגעבונדן מיט אַלע פעדים צו אונדזער פיל־דורותדיקער געשיכטע, צו דער ספּעציפיק פון אונדזער פיל־געליטן פאָלק...

— און אויב וועט, חלילה, אויסקומען ישראל מאָרגן צו שטיין אין איין לאַגער מיט די, וואָס קעמפן קעגן ראַטנפאַרבאַנד, קעגן די העלדן פון סטאַ־לינגראַד, וואָס האָבן אויך אָפּגעהאַלטן דעם מאַרש פון די נאַציס פון קאַאירא אויף תל־אביב... שיין וועט זי אויסזען, די סאָלידאַריטעט... עס קען נישט גע־מאָלט זיין, אַז/די אמתע נאַציאָנאַלע אינטערעסן פון אַ לאַנד זאָלן זיך נישט צו־נויפפאַלן מיט די אינטערנאַציאָנאַלע סאָלידאַריטעט־אינטערעסן... שוין בלויז אין דער פראַגע פון שלום... דאָס איז אומבאַשטרייטבאַר, חביבי. אָן שלום וועלן מיר אונטערגיין אין אונדזער לענדל... און נישט בלויז אין אונדזער לענדל...

אָבער אויך זהבי האָט אים פונדעסטוועגן צולעצט געעצהט אַריינצו־כאַפּן זיך צו דאַנציקערן.

— דער דאַנציקער איז אַ מענטש — האָט ער אים פאַרזיכערט — מיט גאָר גרויסע איינפלוסן... אפשר קען ער עפּעס פאַרט טון פאַר דיין ברודער.

אַזוי האָט ער אויך געמיינט, דער נאַאיווער מענטש, דוב.

ער איז געגאַנגען מיט מאָדנע פאַרגעפילן. דאַכט זיך אַזאַ איינער, וואָס איז אַלעמאָל ווייט געווען פון ציוניזם, פון ישראל און — וואָס פאַראַ שייכות האָט ער דאָ ? שוין אין טעלעפאָן איז אים דאַנציקערס שטים נישט שטאַרק געפעלן געוואָרן — אַ צו זיסע, גלעטנדיקע שטים. יאָ, אוודאי, האָט ער געענטפערט, ס'וועט אים זייער פרייען דורכצושמועסן זיך וועגן דעם און וועגן יענעם. ער זאָל זיך אַריינכאַפּן צו אים אַזוי אַרום זעקס־האַלב זיבן. אומבאַדינגט.

# 23

— ווי אַזוי, כ'בעט אייך, דעפינירט מען פּאָרט ביי היינטיקן טאָג דעם ייִדישן מענטש? — האָט דאַנציקער שנעל אַ גלעט־געטון דאָס דינע וואָנסעלע, דאָס קוטיעפּאָוו־בערדל, זייער פריילעך, שטאַרק אַמוזירט, אַז ס'האָט אַזש ווײַ געטון — מיר זענען עפּעס, זאָג איך אייך, אַן אַנאַכראָניזם, אַ מין צוטשעפּעניש, אַ צופעליק־פאַרגעסן איבערבלייבעניש, מיט איין וואָרט — אַן אַפּענדיס. דער, אַזוי צו זאָגן, וויסנשאַפטלעכער, ענציקלאָפּעדישער באַגריף אונטערן וואָרט ייִד איז באמת געװענצלעך פאַרלוירן געגאַנגען אין אונדזערע אומרואיקע, משוגענע צייטן. לויט איינע זענען מיר אַ פאָלק, לויט אַנדערע אַ רעליגיע, לויט דריטע — אַ גלות־רעשטל, וואָס מוז ווי אַמשנעלסטן ליקווידירט ווערן; אַנדערע ווידער דרינגען, זייער שיין און זייער טיף, אַז מיר האָבן איבערהויפּט נישט קיין סימנים פון אַ נאַציע און אַז אַ ייִד פון רוסלאַנד און אַ ייִד פון אַמעריקע, למשל, מעגן זיי זיין אַפילו ליבלעכע קרובים... וואָס דאַרפט איר מער? — פון איין טאַטע־מאַמע — האָבן קיין שום געמיינזאַמס נישט, טאָרן אַפילו איינער צום אַנדערן קיין ייִדיש בריוול נישט אָנשרייבן... ווער שמועסט שוין — צו זען זיך אַמאָל, פאָרן צו־גאַסט, אויסטוישן אַ מיינונג... מען קען, אויף מיין וואָרט, זאָג איך אייך, פון דעם אַלעמען, נאָר אַראָפּ פון זינען. אונדזערע טאַטעס און אונדזערע זיידעס זענען כאָטש געשטאָרבן מיטן פולן באַוווסטזיין, אַז זיי האָבן אָפּגעלעבט אַ גאַנץ, נישט־צעריסן לעבן. אַפילו דאָס איז אונדז נישט באַשערט געוועזן, מיינע פריינט...

אַזוי שיין און אַזוי שכלדיק־קלוג האָט ער זיך פונאַנדערגערעדט, דער מאָדנער ייִד דאַנציקער, זיצנדיק ברייטלעך אין פרי־צוגעפּאַלענעם אָוונט אין זייטיקן סאַלאָן, ווו עס זענען געווײַנלעך גערופן געוואָרן די שטרענג־אינטימע קאָמיטעט־זיצונגען. ס'איז דאָ געווען באַזונדערס געמיטלעך,

אינעם הויכן צימער, ווו די פיס זענען ווייך געזונקען אין אַ דיוואַן, אונ־טערן ראָזן אַבאַזשור, ווען אין די הויכע פענצטער האָט געפּויקט אַ דין, פּאַריזעריש ווינטער־רעגנדל און די מחיהדיקע וואַרעמקייט פון די ראַ־דיאַטערן האָט איינגעשטעלט אַ נאָרמאַלע, שמעקנדיקע צימער־אַטמאָספער. דער הויכער רוס אַנדריושקאַ, וואָס האָט זיך דאָ געפּאַרעט אין דער ווירט־שאַפט, אינעם הויז מיט די אַן אַ שיעור ביוראָען, פּאַרפּאַלן צו ווערן, ווי אין אַ בינשטאָק, האָט שטיל אַ גראַבל געטון ביי דער טיר. ער האָט אַריינ־געטראָגן פאַר די „באַריניעס" פּייערדיקע גלעזער טיי אויף אַ טאַץ, האָט זיך געזעגנט ביז אין דער העלפט און אַן איין וואָרט, ווי אַן אויטאָמאַט, פונאַנדערגעשטעלט אויפן טיש — לעבן דאַנציקערן, לעבן דובן און לעבן מיכלסאָנען.

מיכלסאָן האָט אַרויפגערוקט די בריל אויפן שטערן, ווי ס'איז געווען זיין טבע, צוליב דער בלענדיקייט, וואָס האָט זיך אַלעמאָל אין אַזאַ פּייערלעכן מאָמענט אַוועקגעשטעלט פאַר אים, און אין נעפּל געפּרווט אַרויסצוגעפינען די וויטע צוזאַמענהאַנגען אין די — אַן שום ספק — פּוק־סישע רייד פון דאַנציקערן. ער האָט אַלץ ערגעצוו געוואָלט אָנכאַפּן דעם אָפּגעלאָזענעם פאָדים, כדי אַריינצושטעלן זיינע אייגענע וויכטיקע באַמער־קונגען. ער האָט אים אָבער נישט באַלד געקענט דערכאַפּן, ווייל אין מוח האָט אים שוין געמישט. דערפאַר האָט דוב געשוויגן. ס'איז געווען אַ מאָדנע שווייגן ביי אָט דעם פּראָסטלעכן ייד; ס'איז אים אָבער שווער געווען איינצובייסן מיטן ערשטן בליק. ער האָט אַלץ זייער רואיק געדרייט דאָס טובענע היטל אין דער האַנט און געוואַרט. זיין פּאַרשלאָסנקייט איז געווען אומדורכדרינגלעך, שטום, ווי ביי אַ פאַרעקשנט פּויערל. ס'איז אָבער נישט שווער געווען באַלד אַרויסצופילן, אַז ס'קאָכט אין דעם ייד; און מיכלסאָן האָט נאָך אַלץ געצווייפלט, צי וועט זיך דאַנציקערן טאַקע איינגעבן צו גע־פינען דאָ דעם ריכטיקן טאָן.

— אַנטקעגן וואָס זאָג איך עס? — האָט דאַנציקער כמעט מיט איין שלוק אויסגעטרונקען די קאָכעדיקע גלאָז טיי, נאָר־וואָס פון סאַמאָוואַר־אַרויס, האַלטנדיק זי פעסט צווישן זיינע האַריקע פינגער — אַנטקעגן אונדזער ממש מסירת־נפשדיקער הילפס־אַרבעט, וואָס מיר לייגן דאָ אַוועק פאַר די יידן אין אומגליקלעכן אייראָפּע. מילא, כ'דאַרף עס אייך נישט צו דערציילן — די באַריכטן און די ציפערן רעדן אַליין פאַר זיך... נאָר כ'פאַרשטיי זיי אסור נישט, אונדזערע יידן, זאָלן מיר געזונט און שטאַרק זיין; ס'באַקומט זיך עפּעס, ווי מען וואָלט אונדז נאָך געשטעקט שטעקנס אין די רעדער, ווי מיר וואָלטן דאָ אויסן געווען כ'ווייס אַליין נישט וואָס.

אַנשטאָט דאַנקבאַר צו זיין די אַמעריקאַנער הילף, אַמעריקע... ס'איז נאַריש, קען מען דען צערייסן דאָס יידישע פאָלק — דיינע יידן, מיינע יידן ?...

— וואָלט זיך עס געהאַנדלט וועגן יידן אַליין — האָט דוב פּלוצים אויסגעזעצן צו דערכאַפּן יענעמס ווייטן הינטערגעדאַנק, וווהין ער וויל דער־פירן — מען שמועסט אָבער, פריינט דאַנציקער... מען שמועסט אַ סך וועגן דעם און וועגן יענעם... אָט דערציילט מען אָבער וועגן מאָדנע סאָרטן יידן, וואָס קומען אַראָפּ פון יענע לענדער מיט אויסגעשטעלטע פּאַפּירן און וויזעס — עפּעס גאָלדשטיינס... ראַבינאָוויטשעס... און ס'וויזט זיך גאָר אַרויס, אַז זיי זענען גאָרנישט קיין יידן... אַז די דאָזיקע „יידן" זענען פאַרמישט געוועזן אין זייער נישט קיין ריינע עסקים ביים דייטש און דווקא ביים אומברענגען יידן... דאָס איז דאָך עפּעס... טאַקע, ווי אַזוי זאָל מען עס פאַרשטיין ? אָבי מיר שרייען, אַז מען העלפט יידן, אַז מען טוט פאַר יידן... אַזאַ אַלוועלטלעכקייט פון יידישן פאָלק אין אונדזערע צייטן איז... אַביסעלע צו־געפערלעך...

— וו־אָ־ס ? — האָט דאַנציקער אויסגעשטעלט אויף אים אַ פּאָר ווילדע אויגן; זיי זענען שיעור נישט אַרויסגעשפּרונגען פון די אויגן־לעכער — און איר גלויבט אויך אין אָט דער ווילדער גרויל־פּראָפּאַגאַנדע ? אמת, ס'האָבן זיך דאָרט אַריינגעכאַפּט געוויסע... אָבער וועמען מיר ווילן יאָ מיטן גאַנצן האַרצן העלפן ראַטעווען פון דאָרט, איז די יידן, וואָס קענען שוין מער נישט אָטעמען אונטער זייער רעזשימס... יידן און בלויז יידן, איר הערט ?...

— וואָס עפּעס ראַטעווען ? — האָט דוב נישט פאַרשטאַנען — מיר האָבן גאָרנישט געהערט, אַז ס'זאָל זיי דאָרט חלילה עפּעס פעלן, פאַרקערט...

מיכלסאָן האָט צוריק אַראָפּגערוקט די ברילן, לאַנג געווישט זיי און האָט נישט אויפגעהערט צו פינטלען מיט די סאָווע־אויגן. דאַנציקערן זענען די אָפענע, פּשוטע רייד פון דעם ייד דווקא יאָ געפעלן געוואָרן און — האָבן אים דאָך געטראָפן אַביסעלע אומגעריכט. ער איז גאָרנישט געוווינט געווען צו הערן אַזעלכע אָפענע דיבורים פון די לייט, פול מיט חניפה, וואָס האָבן זיך דאָ געדרייט אַרום אים. אַזוי, הייסט עס, אַז מען רעדט שוין דערפון אין גאַס. וואָס זשע האָט אים דאָרט מיכלסאָן געדרייט אַ ספּאָדיק ? ער האָט אָבער געלאַכט אַזוי שטאַרק, אַז די שטול האָט זיך אַזש מיטגעטרייסלט אונטער זיין היפשן גוף. נאָר דאָ האָט זיך מיכלסאָן אויך סוף כל סוף געמוזט אַריינמישן.

— ס'וווּנדערט מיר פונדעסטוועגן פון אייך... כ'מיין איר, אַן אַלטער ציוני, אַ קיבוץ־ייד... טאָ וואָסזשע — האָט ער גערעדט מילד — איר דער־זעט שוין אפשר אויך נישט די אַלוועלטלעכקייט פון יידישן פאָלק ?... פון

יידישן געשיכטע־גורל... אין דער צייט, ווען דער אַנטיסעמיטיזם דאָרט וואַקסט, אַפילו אין די רעגירונגס־קרייזן...

— איך וועל אייך זאָגן דעם ריינעם אמת — האָט זיך דוב אָפּגערופן — מיר זענען שוין מיד פון די אַלע שיינע זאַכן. זאָלן זיך יידן לעבן געזונטערהייט דאָרט, ווו זיי זענען. ס'וועט ווערן פון זיי דאָס, וואָס די געשיכטע וועט פון זיי מאַכן. ווייל כ'זע דאָך — מען שרייט ביי אונדז וועגן די מיליאָנען יידן, וועלכע מען באַדאַרף כלומרשט זען אָפּצוראַטעווען פון די לענדער הינטערן „אייזערנעם פאָרהאַנג"; אויב נאַציאָנאַל אָפּראַטעווען, וואָלט מען, לויט מיר נאָך, באַדאַרפט פריער זען אָפּצוראַטעווען די יידן פון אַמעריקע. דאָרט גייען זיי אַוודאי אונטער נאַציאָנאַל. אָבער נישט אין דעם גייט עס. כ'האָב זיך אַרומגעזען, אַז אַפילו ביי אונדז אין לאַנד, הערט איר, האַלט עס מיט יידישקייט גאַנץ שמאָל.

— ווי אַזוי? — האָט מיכלסאָן נישט פאַרשטאַנען — פאַרוואָס האַלט עס עפּעס שמאָל?

— ווייל מיר דינען מער פרעמדע, ווי דעם יידישן פאָלק... ווייל יידן זענען גרייט אומצוברענגען יידן... ווי מ'האָט עס שוין געזען אין די טרויעריקע היטלער־לאַגערן... אָ, כ'האָב אויך אַמאָל אַזוי געמיינט...

— פונדעסטוועגן — מאַכט דאַנציקער צולעצט — אינטערעסירט מיך דער ענין מיט אייער ברודער זייער שטאַרק. אַפילו דאָ, אין די דעמאָקראַטיעס, אויב עס ווערט באַגאַנגען אַן אומרעכט קעגן אַ ייד, זענען מיר גרייט זיך איינצושטעלן. מילא, די ציוניסטן — האָט ער איראָניש אַ בליק געטון אין מיכלסאָנס זייט אַריין — פאַרטיי־רייסערייען... דאָס אינטערעסירט מיך נישט. אַ ייד איז — אַ ייד. ס'וואָלט זיך געלאָזט, מיין איך, פיל אויפטון, טאַקע אינטערווענירן. נאָך אַלעמען, וואָס מען זאָל נישט זאָגן, דער מענטש האָט גרויסע פאַרדינסטן פאַרן לאַנד. אונדז קומט דאָ אויס, פאַרשטייט איר מיך, צו האָבן צו טון מיט מיניסטעריומס, ווייל אָפיציעל, ווייסט איר, זענען מיר אַ פראַנצויזישע אינסטיטוציע און מיר העלפן טאַקע נישט־יידישע קינדער אויך. אַז ס'זאָל אַזוי אויסקומען אַדורכצושמועסן זיך ביי אַ געלעגנהייט... און טאַקע מאַכן אַ געהעריקן דרוק...

— דאָס וואָלט אַוודאי גוט געווען — האָט דוב אַ ווילע זיך פאַרגעסן — איך קען נישט, הערט איר, צוזען דעם צער פון זיין קינד... איר האָט אַוודאי געהערט... די טראַגעדיע פון אַזעלכע יידישע קינדער... שוין בלויז דערפאַר אַליין...

— אָט־אָט, דערפאַר טאַקע האָב איך געוואָלט מיט אייך אַ שמועס טון, איר מיינט, אַז מיר קאָסט עס נישט אָפּ אַ שטיק געזונט? כ'בין, מאָלט אייך, טאַקע אַביסל אינפאָרמירט אויך, כ'ווייס...

געקומען אַזוי ווייט, האָט זיך מיכלסאָן פּלוצים אַנטשולדיקט, אַז ער מוז נאָך באַלד אַוועקלויפן אפשר אויף אַ צוואַנציק ערטער, קורץ אָפּגעזעגנט זיך און, נאָכקלאַפּנדיק מיטן שירעם־שטאָק, לאַנגזאַם, כמעט אויף די שפּיצן פינגער, צוגעמאַכט הינטער זיך די טיר. דאַנציקער האָט אויסגעזען צו זיין נישט אומצופרידן, וואָס דער ייד האָט זיי ענדלעך געלאָזן אַליין. ער האָט אויפסניי פאַרויכערט און דוב האָט דאָס מאָל נישט אָפּגעזאָגט דעם אַראָמאַטישן „קאַמעל” פון זיין אונטערגעטראָגענעם פּאַרטסיגאַר.

— דער ייד — מאַכט דאַנציקער, אַ בליק טוענדיק צו דער פאַרמאַכטער טיר, ווו מיכלסאָן איז פאַרשוווּנדן — גייט מיר שוין, הערט איר, אויף די נערוון. אומעטום, מיינען זיי, באַדאַרף מען אַריינשטעקן די נאָז; און מיט אַזאַ צודרינגלעכקייט, וואָס מען זעט עס נאָר, איר זאָלט מיר מוחל זיין, טאַקע ביי אונדז, יידן. אויף אַלעם, זאָלט איר וויסן, זענען זיי פּעאיק... איר מיינט איך וויים נישט? זיי פאַרגעסן אָפט, אַז אויסער ציוניסטן, זענען דאָ נאָך אַנדערע, וואָס זענען אויך, דוכט זיך, יידן; און פּונקט אפשר אַזעלכע גוטע יידן ווי זיי...

פאַרוויקלט אין פאַרפומירטן רויך, האָט דוב אים געלאָזן; אַלץ האָט ער אים געלאָזן, מיט זיין לאַנגזאַמען, פויערישן גערודלד. ער האָט שוין געוווּסט, האָט געפילט און פאַרשטאַנען, אַז דער ייד וויל דאָ אומבאַדינגט ערגעצווו דערפירן. ער איז צוריק געוועזן דער אומדורכדרינגלעכער שווייגער, האָט אַביסעלע צוגעזשמורעט דאָס לינקע אויג, פונעם רויך כלומרשט, און האָט יענעם אַ ווײַלע אַזוי זייטיק באַטראַכט. אַ וויים פּלעמל האָט נאָך אַלץ געשפּילט אין דאַנציקערס ציגיינעריש־אַרויסגעזעצטע אויגן. די נאָזלעכער האָבן הייס געאָטעמט, ער איז מיט זיין פאָטעל שוין באַלד שיעור נישט געהאַט אַרויפגעפאָרן אויף דובן.

— מיר מוזן פרווון פאַריכטן דאָס, וואָס מענטשן אָן מוח און אָן געוויסן — יאָ, אָן געוויסן, מיר מעגן זיך עס זאָגן — האָבן געקענט דערפירן... איר קענט נישט דעם דאָזיקן פּראָטעסטאַנטישן גלח?... ניין?... אַבי כ׳האָב געמיינט... ער איז, שמועסט מען אַ געשמדטער ייד, צווישן אונדז זאָל עס בלייבן, אָבער אַ מענטש מיט אַ גאָלדן האַרץ. ער טרעט דאָ אָפט אַרויס אויף מיטינגען, אויף געדענק־אָוונטן... אונדזער טאַטיאַנאַ איסאַקאָווונאַ בעסטער פריינט... ער איז אַ מענטש מיט אַ פריין צוטריט אין די הויכע פענצטער... אין וואָרט נאָר פון אים... איר הערט? בלויז איין וואָרט...

„פאַרוואָס איז ער עפּעס פּלוצים אַזוי ווייך און צוגעלאָזן?” — האָט נאָר דוב באַוויזן אַ טראַכט צו טון און אַרויסגעכאַפּט האָט ער זיך:

— אָוודאי, ס׳וואָלט גאָרנישט געשאַדט.

— איר וועט אָבער, מיין איך, מיט אים אַליין באַדאַרפן אַ רעד טון. שאַ, דוכט זיך, אַז ער קען העברעאיש אויך. ער רעדט אפשר אַ פינף־זעקס שפּראַכן.

— עס גייט שוין די טעג אַ דעלעגאַציע צום אינערן־מיניסטער מאָנען יושר — האָט אים נאָך דוב פאַרזיכערט.

— און איר גלויבט טאַקע אין די אַלע דעלעגאַציעס? די פּראָנצוויזן, פאַרשטייט איר מיך, זענען זייער העפלעך... — האָט דאַנציקער געלאַכט — די פראַנצויזישע העפלעכקייט... איך גלויב דאָרט נישט שטאַרק, ווי איר קוקט מיך אָן... דאָרט, ווו עס שמעקט מיט ליבקע אינסטיטוציעס, מיט דע־פּוטאַטן, מיט פּעטיציעס, פּראָטעסטן, מיטינגען... דער קרומער, זייטיקער וועג איז אָפּטמאָל דער — גלייכסטער. הערט, וואָס איך זאָג אייך...

— די דעלעגאַציעס, די פּעטיציעס, די מיליאָנען אונטערשריפטן — דאָס איז פונדעסטוועגן אַן אויסדרוק פון מאַסן־ווילן; און מיר זעען טאַקע, אַז זיי מוזן זיך אין אַ סך פאַלן יאָ שטאַרק רעכענען.

— ס'איז אַ שיינע שפּיל, מיין פריינט, און זיי טוען אַלעמאָל סוף כל סוף דאָס, וואָס זיי געפינען פאַר נויטיק. איך זאָג אייך נאָכאַמאָל און גע־דענקט מיינע רייד — דער קרומער, זייטיקער וועג איז אָפּטמאָל אפשר דער סאַמע גלייכסטער. וואָס ווילט איר? קיין גרויסע טענות צו זיי קען מען, נאָך אַלעמען, נישט האָבן... און זיי דאָרט, אין די לענדער פון היב־טערן „אייזערנעם פאָרהאַנג"... זיי פאַרפינצטערן דאָס לעבן פונעם ביסל אָפּגעראַטעוועטע יידן... שרעקלעכע זאַכן, איר הערט? ס'וועט זיך אפשר איינגעבן אַרויסצורייסן נאָך אַ ביסל יידן פון דאָרט קיין ישראל, אָבער דער־מיט איז שוין אַלץ? כ'מיין, אַז אייך דאַרף דער ענין נישט זיין גלייכגיל־טיק. דאָס האָט אַ פּילזייטיקן אַספּעקט; אַז מען וויל — טאַקע פאַרשטאַרקן דעם איבערגעוויכט, צואיילן דעם קיבוץ־גלויות, ווי זיי רופן עס. איצט פאַרשטיי איך ווי וויכטיק ס'איז; און טאַקע ברענגען פרישע עלעמענטן פאַר די קיבוצים אויך. כ'בין אַנומלטן אַזוי אַ פלי־געגעבן צו אייך דאָרט אויף אַ 4—5 טעג און כ'האָב באַלד דערכאַפּט וואָס דאָרט טוט זיך...

— איר האָט אויך אפשר דערכאַפּט, ווי אַזוי אונדזער רעגירונג קוקט אַצינד אויף די קיבוצים?

— וואָס מיר רעגירונג, ווען די קיבוצים אין לאַנד זענען אַזאַ מעכטי־קער פאַקטאָר. הכלל, עס גייט טאַקע אין ראַטעווען און וואָס מער ראַטע־ווען. די צייט פון דער בריחה, פאַרגעסט נישט, איז שוין לאַנג אַריבער. די גרענעצן זענען געשלאָסן. דער „קאַלטער קריג" האָט די לאַגע אין צענטראַל־אייראָפּע אַביסעלע צופיל אָנגעשטרענגט, ווייל פריער האָט מען נאָך געקוקט צווישן די פינגער, אָבער אַצינד — האָט ער אויסגעזוונגען —

איז שוין גאָר עפּעס אַנדערש, מיין פריינט. מיר זענען אין אַן אַנדער פּאַזע. די וועלט, הייסט עס, שווייגט נישט. פאַר אייך וואָלט איך געהאַט גאָר אַן אינטערעסאַנטן פּלאַן, אָדון כייקין... — איז ער פלוצלונג, ווי אַן אַקטיאָר, אַריין אין זיין ראָלע און האָט גענומען אַרומטענצלען איבערן ווייכן דיוואַן מיט קאָמישע טריטעלעך.

ווייל ס׳איז נאָר געווען צו באַוווּנדערן ווי דער מענטש האָט זיך גע־קענט אַריינלעבן אין סיטואַציעס, באַמיען זיך טיף צו באַנעמען דעם אָביעקט, מיט וועלכן ער האָט געהאַט צו טון, און דערפאַר אויך האָט זיך, ווי היגטערבאַוווּסטזיניק, אַרויסגעגליטשט פון זיין מויל דער — „אָדון״, כאָטש דובן איז עס גאָר זעלטן אויסגעקומען צו הערן. גיכער האָט מען שוין אים גערופן — חבר, חביבי, אָדער פּשוט — דוב. יענער האָט זיך אַ ווײַלע צוגעזעצט קעגנאיבער דובן, אָנגעשפּאַרט, ווי אַ בער, מיטביידע פּעסטעס, האַריקע הענט אין די קני. דוב האָט נאָך אַלץ אַזויווי אונטערגע־דרעמלט אין דער שטול, כאָטש אין דער אמתן האָט שוין אַלץ געקאָכט אין אים.

— איך הער אייך זייער געגוי — האָט ער אים פאַרזיכערט, ס׳זאָל נישט הייסן, אַז זיינע רייד זענען אים אינגאַנצן גלייכגילטיק. און ס׳איז געווען אויך בולטער פאַרדאַכט אין דעם זאָג.

אָבער דאַנציקער האָט אויסגעזען עס אינגאַנצן נישט צו באַמערקן. זיין שטים איז געוואָרן אַלץ מער פאַרטרויליכער, כמעט סודותדיק. ס׳איז געווען אַ שעפּטשעריי, אַרומקוקנדיק זיך גוט און כאַפּנדיק אַלעמאָל זייטיק אַ בליק צו דער טיר.

— כ׳וויל פון אייך נישט קיין גרויסע זאַכן. איר זאָלט מאַכן אַ קליינע רייזע אין שליחות פון אונדזערע הילפס־קאָמיטעטן. ס׳וועט ביי אייך נעמען, לאָמיר זאָגן, אַ וואָך, אָדער צוויי. אין משך פון דער צייט וועל איך זען אַלץ צו דערליידיקן וואָס שייך אייער ברודער. די וועגן, איר פאַרשטייט, זענען אַצינד אַלץ מער באַשווערט. אויסער דעם, האַלטן זיי דאָרט אין ליקווידירן אונדזערע אָפּטיילונגען. ס׳איז, ווי איך האָב אייך פריער גע־זאָגט, זיי האַלטן, אַז זייערע יידן האָבן נישט קיין שום שייכות מיט אַלעם איבעריקן...

— מילא, זע איך דאָך שוין, וואָס איר ווילט — האָט זיך דוב אויפ־געשטעלט אין זיין גאַנצער גרויס — דערויף האָט איר באַדאַרפט צו מאַכן אַזאַ לאַנגע הקדמה, פריינט דאַנציקער? — און ער האָט מאָדנע פריילעך געלאַכט, דוב, אַנטפּלעקנדיק זיינע ברייטע ציינער, אַז אַלע קנייטשעלעך אויף זיין זון־און־ווינט־צעאַקערט, פּויעריש פּנים האָט שיעור נישט אויפ־געלויכטן — פריינט דאַנציקער, האָט מיר אַ גוטן תמיד... איך פיר נישט

אויס אַזעלכע שליחותן. אָ, ניין! איר זאָלט מיך אַפּילו אָפּגילטן. און פֿאַר מיין ברודער זאָרגט איך נישט. ס'זענען דאָ גענוג ערלעכע מענטשן, וואָס וועלן זיך שוין איינשטעלן פֿאַר אים...

ער איז האַסטיק צו און האָט צוגעמאַכט די טיר אויף יענער זייט. ערשט דערנאָך האָט ער זיך געכאַפּט, אַז ער האָט יענעם אַפּילו נישט דער־לאַנגט די האַנט. אָבער נישט דאָס האָט אים אַזוי שטאַרק באַנג געטון.

# 24

ער איז אַלץ נאָך געווען פאַרחושט און אויפגעבראַכט און אַ שאַרף, פיינלעך געפיל פון שולדיקייט האָט אים שוין דעם גאַנצן אָוונט מער נישט אָפּגעלאָזן, נאָכאַנאַנד געמאַטערט. „דוב — האָט ער צו זיך אַליין אַ סך מאָל איבערגעחזרט — האָסט זיך באַנאַרישט און פּטור... געלאָזן זיך פאַרפירן, ווי עפּעס אַ ייִנגעלע... ווי אַזוי האָבן זיי פונדעסטוועגן געוואַגט, די דאָזיקע... כיטראַקעס ?‟. אַזויווי פאַרשעמט און מיט אַ מאָדנעם חשד, האָט ער אויסגעמיטן די, וואָס זענען באַלד הינטער אים אַרונטער די שטיג, אין דעם רוישיקן הויז פון שטאָקן און ביוראָען; ער האָט מער נישט געוואָלט מען זאָל אים גאָר זען אַרויסגיין פון דאָזיקן הויז, ווי ער וואָלט זיך אַרויסגעשאַרט פון עפּעס אַ פאַרדעכטיק, אומריין אָרט. ער האָט זיך נאָר געפרעגט, צי וועט ער נאָך קענען וואָלפן קוקן גלייך אין די אויגן אַריין. טאַקע, מיט וואָס פאַראַ רעכט ? ס'האָט דיך עמיצער געבעטן צו קריכן מיט אינטערוועגצן צו די־אָ ? ער האָט זיך עס גאָרנישט געקענט מוחל זיין.

ער האָט מער נישט געפילט, ווי דער דינער פאַריזער רעגן נעצט אים אַדורך, שווימענדיק מיטן אויפגעשטעלטן קעלנערל אין נעפּל אַריין. ער איז פאַרביי די מעטראָס מיט די פאַרלאָפענע פייערן און האָט ווייטער ערגעץ געשלעפּט די פיס. ער האָט נישט קיין מוט געהאַט צו גיין זען וואָלפן, דערוויסן זיך וואָס ס'איז דאָרט געוואָרן. די שטאָט, וואָס איז אינגאַנצן געזונקען אין נעפּל, איז אים איצט, ווי קיינמאָל נישט, פיינטלעך־פרעמד געווען; בלויז אונטערגעשטעלטע פאַסטקעס, פינצטערע אינטריגעס — אַזוי באַקומט זיך; אַ וועלט־יאַריד, ווו צעטומלטע, אָנגעלאָפענע ייִדן דרייען זיך אַרום. מען דאַרף זיך פּשוט זען צוהאַלטן די קעשענעס. און ס'איז פונדעסטוועגן מאָדנע — האָט ער ווייט באַקלערט — ס'איז טאַקע נישט צו פאַרשטיין. אויב אַלע פעלקער, וואָס זענען אַרונטערגעפאַלן אונטערן

נאַצישן יאָך, האָבן נאָך ביי היטלערן געקענט האָבן וועלכע ס׳איז אילוזיעס לעבן צו בלייבן, אַפילו פאַרן פרייז צו פאַרלירן דאָס נאַציאָנאַלע פּנים זייערס, אַפילו אַז זייערע אַלטע היסטאָרישע שטעט זאָלן מיט דער צייט פאַרוואַנדלט ווערן אין דייטשע שטעט, זייערע אינדוסטריעלע געביטן — אין קאַרטאָפל־פעלדער, האָט מען אונדז, יידן, אַפילו די דאָזיקע אילוזיע אויך נישט געגעבן. אונדז איז לכתחילה דערקלערט געוואָרן אַן אומברחמנותדיקע אויסראָטונג־מלחמה. אונדזער וועג איז געווען — צו דער גאַז־קאַמער, צו דער קרעמאַטאָריע, צום פאַרשווינדן. און מיר האַנדלען נאָך אונטער מיט זיי, מיר וואַשן זיי ריין פאַר דער וועלט, מיר גייען מיט זיי. טאָ וואָסזשע טראַכטן זיי, די אַלע יידן? צי זעען זיי נישט, אַז די זעלבע געפאַרן הענגען ווידער איבער זייערע קעפּ? דער מענטש פון פאָלק שטעלט זיך אומעטום אויף ווי אַ וואַנט קעגן די נייע געפאַרן. אַפילו טייל דייטשן זענען געקומען צום שכל, אַפילו דייטשן פון דער מערב־זאָנע. צום גליק, האָט דער שווער־פונקט אין דער וועלט אַריבערגעוויגן. ריזיקע לענדער און גרויסע פעלקער שטייען געאייניקט אויף דער זייט פון שלום. טאָ וווּ־זשע, פרעגט זיך, קריכן מיר ווידער? וויפל שווייס, בלוט און טרערן די מדינה האָט אונדז אַלעמען אָפּגעקאָסט... די אומאָפּהענגיקייט, אַזוי צו זאָגן. ס׳איז נישט צום פאַרשטיין.

אַזוי פאַרבלאָנדזשעט האָט ער זיך מיטאַמאָל דערפילט. שוין באַלד אַ יאָר דרייסיק, האָט ער זיך געכאַפּט, ווי זיי אַלעמען טיילט אָפּ פון יענער ווייטער, פאַרשווונדענער וועלט; ווי ס׳וואָלט קיינמאָל גאָרנישט גע־ווען — זאַלקע, וואָלף, דער טאַטע, דער מאָדנער שוויגער, דער מאַמעס אומגעריכטער טויט אין קימפּעט מיטן יינגסטן שוועסטערל; די קליינע, געדענקט זיך, האָט געהאַט אַ קאָפּ שוואַרצע קרויזן און דעם טאַטנס הייסע, אָפּבריענדיקע אויגן. ס׳איז געווען אַ רחמנות אויפן מיידעלע. ס׳איז געווען אין יענעם הייסן זומער, ווען די באָרוועסע רויטע אַרמיי האָט אַ יאָג געטון פון הינטער קיעוו, ווען זיי האָבן זיך מיטן פּורל קוים געבערענגט צע־טרייסלען ביז אין שטאָט אַריין, איבער דער פאַראָם־בריק. אומפאַרגעסלעך. און ס׳איז אים צוריק לעבעדיק געשטאַנען פאַר די אויגן דאָס ווילד־פאַר־וואַקסענע, אַרומגעבראָכענע סקווערל, דער „דומסקי פּלאָשטשאַד", אין יענער מיטעלער, רוישיקער פּראָווינץ־שטאָט אין ווייסרוסלאַנד, ביים בוג, אין יענע 20־ער יאָרן; די בלויע זומער־נעכט, אָנגעזאַפּט מיט שווערע, פאַרשיכורנדיקע אַראָמאַטן, ווען ס׳דוכט זיך דיר אויס, אַז די גאַנצע וועלט איז בלויז שטיל געזאַנג; ווען מ׳איז געווען צעלייגט הינטער די מאָגערע קליאָנען און קאַשטאַנען, וועלכע צעוואַקסן זיך אין יענע קאַנטן, אונטער יענעם געאָמעטרישן ווינקל פון דער זון, באַזונדער שייך און ווונ־

דערלעך. דער טריפנדיקער זילבער פון אַ גרויסער, רויטער לבנה איז אויפגעגאַנגען צווישן די שפּיציקע רואינען־ווענט; די יונגעלייט מיט די שוואַרצע שויבערס און מיט די הייסע אויגן אונטערן שטערן, אין די אויסגעניטע רובאַשקעס; די ראָזע, געזונטע מיידלעך מיט די קורצע, אונטערגעשניטענע האָר, לופטיקע, לאַכנדיקע, אויף דיקלעכע פיס און הויכע שיך צום פאַרשנורעווען. איינע אַזאַ פאָטאָגראַפיע האָט זיך נאָך עד־היום ערגעצוו ביי אים פאַרוואַלגערט — די ביבליאָטעק־פאַרוואַלטונג, צעזעצט ביי אַ טישל פון רויע, איבערגעפלאָכטענע בערעזע־צווייגן, פאַר פּרצ׳ס אַן אויפגעמישט בוך. די בליקן זענען פייערדיק, ערנסט פאַרטון און פאַרגאַפט...

ווו איז זי, אָט די יוגנט? נישטאָ. צעלאָפן זיך אין דער וועלט אַריין. אומגעקומען. וויפל הייסע נעכט מ׳האָט זיך דאָרט אָפּגעוואַלגערט אין יענעם ווילד־פאַרוואַקסענעם סקווערל, ביז די בולטע שטערן איבערן קאָפּ האָבן גענומען פאַרבלאַסן. די הייסע דיסקוסיעס, די טרוימערישע וויזיעס. חרובע, אויסגעהונגערטע היימען, אָן אַ מאָרגן. אין זיי אַלע האָט אָן שום ספק געקאָכט די ווילדע ענערגיע פון אַן אונטערגעצונדענער וועלט, אָן קייטן. ס׳האָט נאָך געלעבט דעמאָלט אַ דור און אַ פאָלק געזונטע יידן אין די הילצערנע שטעטלעך און ביי ברעגן פון ביידע זייטן בוג. זיי וואָלטן אַוודאי וועלטן געקענט צעשטערן און אויפבויען. זיי זענען געוואַקסן געזונט און פּשוט, ווי דאָס נישט־באַטראָטענע גראָז, אין יענעם רעוואָלוציאָנערן בין־השמשות. די עשאַלאָנען און די טעפּלושקעס האָבן זיין אין יענע הונגער־יאָרן צוריקגעבראַנגט צו דער חרובער היים. ס׳האָט געיערט אין זיי דער געזונטער רעוואָלט. זיי האָבן אָנגעפילט די תפיסות פון לאַנד. מ׳האָט דערנאָך די מערסטע פון זיי אויסגעקוילעט, אויסגעריסן מיטן שורש. קיינער האָט זיך פאַר זיי נישט אָנגענומען. כמעט אַלע זענען זיי מיטפאַראַנטוואָרטלעך אין גרויסן יידן־מאָרד, אויסער די, וואָס האָבן מיט ציין און מיט נעגל פאַרטיידיקט דאָס גרויסע לאַנד פון שלום, פון אַ נייער מענטשלעכער ציוויליזאַציע; נאָר זיי האָבן זיך איינגעשטעלט, די ערשטע אויפגעבראָכן די פינצטערע מאָרד־לאַגערן. זי איז געפאַלן אין די שלאַכטן, אונדזער שענסטע יוגנט, זי לעבט אָבער אין יעדן דורכגעשניטענעם שאָסיי אין דער ווילדעניש, אין יעדער פאַבריק, וואָס רויכערט דורך ווונדערלעכער מענטשלעכער מי, אין יעדן קאַנאַל, אַדורכגעגראָבן צווישן וויסטע מדבריות און פאַרזייט מיט נייעם לעבן. פון יענער צווישן־מלחמהדיקער און רעוואָלוציאָנערער גזע איז נישט צו אַנטלויפן. מיר האָבן אַלע געהאַט דעם שיינבאַרן, פאַרפירערישן איינדרוק צו אַנטלויפן צו זיך אַליין, צו בויען אַן אייגענע היים. **אָבער צי איז עס שוין טאַקע די אייגענע היים? אָט**

— ווייזט זיך גאָר אַרויס — זענען מיר נאָך אַלץ שטעקן געבליבן ביי אַלע אונדזערע אַלטע, אייביקע, נישט־געלייזטע פּראָבלעמען. מיר זענען די פֿאַרבלאָנדזשעטע רעשטלעך אין דער גרויסער וועלט, מיר ראַנגלען זיך נאָך אַלץ. מיר ווערן זיך נישט אונטערגעבן. דאָס איז דער תּוך פֿון אַלע אונדזערע טואונגען. אַ האַלבן יאָרהונדערט האָסטו באַדאַרפֿט אָפּצולעבן, דוב, כּדי ענדלעך צו באַנעמען עס. ניין, ס'איז נאָך נישט דאָס צוגעזאָגטע לאַנד, וואָס דו האָסט באַטרעטן. דאָס צוגעזאָגטע לאַנד וועט ערשט קומען. ווי ביטער דער אמת זאָל נישט זיין, מוז מען עס זיך אַליין זאָגן. אָבער קומען וועט עס, דאָס צוגעזאָגטע לאַנד, אָן שום ספק.

ער האָט זיך איצט געכאַפּט, אַז פֿאַר דער גאַנצער צייט זינט ווען ער דרייט זיך דאָ אַרום, האָט ער מיט וואָלפֿן אַפֿילו רעכט נישט פֿונאַנדער־גערעדט זיך; ס'איז אַלץ נישט געווען קיין צייט און נישט קיין געדולד. וואָלף... וועלפֿקע... דאָס שוואַרצע, שלאַנקע בחורל, אַ יאָר מיט ייִנגער פֿון אים — ער זעט אים, אַ ייִנגל פֿון אַ יאָר דרייצן, אין זייער גרויסן, אויפֿגעבראָכענעם הויף, הינטער די עפּל־סעדער. די הויזלעך זענען פּרי אויסגעוואַקסן אויף אים, די לאַנגע הענט האָבן אַרויסגעקוקט פֿון קורצן רעקל. אים האָט באַלד נישט געצויגן צום אַלטנס קוזשניע, נישט צו די ביכלעך מיט די פֿאַרפֿלאָנטערטע ייִדישע מיסיע־פּראָבלעמען. ער האָט געקוקט טראָציק פֿון אונטערן קרומען דאַשיק. ער איז פּרי אַוועק אויף דער לער, איז שטיל אַרומגעגאַנגען אין הויז, האָט זיך אומגעקערט האַלבע נאַכט און איז געטרעטן אויף די שפּיצן־פֿינגער, ווי ער וואָלט עפּעס פֿאַרבאָרגן. ער האָט אַפֿילו נישט, ווי די איבעריקע, געלאַכט פֿון אים, וואָס ער, דער עלטערער ברודער, איז אַזוי פֿאַרקאָכט געווען מיט דער גאַנצער חברה חלוצים, ווען ער האָט זיך דערנאָך אַרומגעוואַלגערט ערגעץ אויף הכשרה־אַרבעט; און יעדעס מאָל, ווען ער, דוב, איז אַראָפּגעקומען אויף אַ פּאָר טעג אַהיים, איז וועלפֿקען מער נישט געווען צו דערקענען. ער האָט דערפֿילט, ווי דאָס ייִנגל גייט אַ סך זיכערער ווי ער אויף דער ערד; כאָטש זיי, די, וואָס גרייטן זיך צו פֿאָרן אין אייגענעם לאַנד און האָבן דאָרט אַ פֿול מויל מיט פֿראַזן — פּראָדוקטיוויזאַציע... אויסגלייכן דעם גלות־רוקן... אומקערן זיך צו דער ערד, וואָס איז אונדז פֿרעמד געוואָרן... — גאָרדאָניזם, ברענעריזם, באָראָכאָוויזם... דער ייִנגערער, זאַלקע איז נאָך דעמאָלט געווען אין שול דאָס קליינע, שוואַרצע שוועסטערל האָט געהאָדעוועט אַ ייִדענע, וואָס האָט זיך אַרומגעדרייט אין שטוב. דער טאַטע איז אין אָוונט געזעסן ביים גרויסן, נאַקעטן טיש, ביי צעעפֿנטע פֿענצטער אין סאָד אַריין, מיט פֿאַרשאַרצטע אַרבל פֿון פּראָסטן, לייַנענעם העמד, אַ פֿאַרסאָדזשעטער, אַן אָפּגעהאָרעוועטער פֿון דער קוזשניע, ווו ער האָט זיך דעם גאַנצן טאָג

געבראָטן אַרום בלאָזזאַק, אונטערגעקאָוועט פּויערישע פערדלעך, פאַריכט אַלטע שלעסער. ער האָט געגעסן וועטשערע פון אַ גרויסער, ערדענער שיסל, וואָס די יידענע האָט אַוועקגעשטעלט פאַר אים. ער האָט כמעט נישט אַרויסגענומען די הייסע, אָפּבריענדיקע אויגן פון דער שיסל; אָבער ער האָט זייטיק נישקשה אַלץ צוגעזען, אַלץ אַרויסגעפּילט. ס'איז געווען דעם לעצטן מאָל, נאָך יום־טובים, סוכות־צייט, ווען אין דרויסן האָט שוין געגאָסן דאָס דינע זיפּ־רעגנדל, ווען דוב האָט זיך געקליבן אין וועג אַריין, שוין אויף שטענדיק.

— דוב — האָט דער טאַטע גערעדט פאַמעלעך פון דער ליידיקער שיסל אַרויס — אַמער וואָלסטו זיך בעסער געסטאַטקעוועט... איכ'ל פאַלן... כ'קען נישט מער אַליין, ווי דער אָקס אין דער סאָכע, ציען דעם יאָך...

די שטוב איז געווען ליידיק. ס'האָט געבלאָזן אַן אומעטיקער ווינט פון אָסיען. די סעדער הינטערן הויז זענען שוין געשטאַנען נאַקעטע, אַרומגעפּליקטע, אין נעפּלען און אין דינע רעגנס. ערשט דעמאָלט האָט ער זיך איינמאָל איינגעקוקט אינעם טאַטן און דערזען, אַז די עלטער האָט זיך געלייגט אויף אים, ווי אין דעם קורצן, שיטערן בערדל פלעכטן זיך אַריין גרויע פּאַסמעס און אונטער די הייסע, אָפּבריענדיקע אויגן — טאָרבעלעך פון מידיקייט און צער. זינט דעמאָלט, ווען די מאַמע איז אַזוי פּלוצים אַוועקגעשטאָרבן אין קינפּעט, איז ער נאָכמער שווייגנדיקער אַרומגעגאַנגען אויף דער ערד. זאַלקע האָט אַנומלטן געשריבן, ווי אַזוי דער אַלטער האָט זיך עס דאָרט דערפרייט, ווען די סאָוויעטן זענען אַהין געקומען; טאַקע, אַ ביטער, שווער לעבן אָפּגעהאָרעוועט, אַריינצוברענגען די בידנע חיונה אין שטוב אַריין; און איז לסוף, צוזאַמען מיט אַלע יידן, אומגעקומען אין געטאָ.

ווער האָט שוין דען אַמאָל געטראַכט וועגן די אַלע היימישע, נאָכדעם ווי זיי זענען אַלע פונאַנדערגעוואָרפן געוואָרן אין אַלע עקן וועלט, נאָך אַזויפיל אָפּגעלאָפענע יאָרן? אָבער דאָ האָט ער פּלוצים בולט דערפילט, ווי די פאַרפלאָנטערטע וועגן פון לעבן וואָלטן אים נאָך איין מאָל צונויפגעפירט מיט דער אַלטער היים, מיט זיין לייבלעכן ברודער, מיטן וואָלפן, מיט עפּעס אַזאַ ווייטן, האַלב־פאַרגעסענעם אַראָמאַט פון דעם אַלעמען, וואָס האָט זיי, די משפחה, אַמאָל געהאַט פאַרבונדן אין דער ווייטער קינדהייט, אין דער יוגנט, אין דער איינגעבאַקענער, וואַרעמער אַטמאָספער פון היימישער ערד.

ער איז שטיינגעבליבן ביים אַראָפּגאַנג צו אַ מעטראָ מיט העלע פייערן. זי האָט אים אין דעם אָוונט נאָך אַמאָל צוריקגעפירט צום ברודער זיינעם, צו וואָלפן, צום איינציקן מענטש, מיט וועמען ער קען נאָך רעדן אָפן, פּשוט,

אָן באַהעלטערלעך; ווייל ער האָט זיך אַזויפיל אָנגעזען און אָנגעהערט זינט ער איז אַהער אַריבערגעקומען אין דער שליחות אויף אַ פּאָר וואָכן און ס׳האָט זיך אומגעריכט פאַרצויגן אויף אַ פּאָר חדשים.

שטיל איז ער אַריינגעקומען, שווייגנדיק האָט ער זיך אַוועקגעזעצט ביים היימישן, פּראָסטן טיש און ס׳איז געווען אויף זיין זון־און־ווינט־צעאַקערטן פּנים דער זעלבער צער, ווי אַמאָל, ביים טאַטן זייערן. אַ נידעריקער סופיט. אַ לאָמפּ ברענט פאַרהאָנגען און טונקל. וואָלף דרייט זיך אַרויף און אַראָפּ איבער דער שטוב. אַ וועק־זייגער קלאַפּט דאָ ערגעץ היימיש. וואָלפס שויבערדיקער קאָפּ צייכנט זיך אויף אַלע ווענט. ער הערט זיך נאָך אַלץ איין צו אַ ליאַדע גערויש אין דעם אַלטן הויז און שפּיצט אַלע ווײַלע אָן דאָס אויער צו דער טיר.

ס׳איז געווען עפּעס געמיינזאַמס, האָט ער אַרויסגעפילט, מיט זיין אייגענעם אומרו, וואָס האָט זיך געטראָגן אין וואָלפס אומשפּרייזן, אין זיין פּיבערדיקן, שאַרף־געצייכנטן סילועט, אין זיין גרוי־געוואָרענעם קאָפּ. ער האָט אָבער מער געירשנט פון טאַטן, ווי פון דער מאַמען — האָט ער זיך איצט געכאַפּט — אַ טונקעלער, אינערלעך אַן אומרואיקער און — אַ שווייגער. דאָס ייִנגל האָט אָבער אַלעמאָל געגנבֿעט געוווסט וווהין ער גייט. אָן שום ספק — ער איז געטרעטן זיכערער פון אים אויף דער ערד. אָבער וואָס פאַר אַן אומרו טראָגט אונדז אַלעמען? און ס׳האָט אים מיטאַמאָל שטאַרק געוווּנדערט וואָלפס ענערגיש צוזעצן זיך צום טיש.

— טראַכסט אַוודאי פונקט ווי איך — פון וואַנען מיר דערנעמען זיך פּלוצים אַהער? — האָט וואָלף צוריק געלאַכט מיט אַן אָפן געלעכטער — וואָס פאַראַ ווינט ס׳האָט אונדז פאַרווייעט און, נאָך אַזויפיל יאָרן, צוזאַמענגעברענגט אונדז ביי איין טיש, אונטערן זעלבן היימישן באַלקן. ניין, ס׳איז נישט דער היימישער באַלקן פון אַמאָל, דובֿ... נאָר וואָס איז דען די נפקא־מינה? וויפל פון די אונדזעריקע איז דען באַשערט געווען צו בלייבן אונטערן אייגענעם, היימישן באַלקן? פון אַזעלכע אילוזיעס האָבן מיר זיך שוין פון לאַנג אויסגעהיילט. מיר זענען נאָך אַלץ סאָלדאַטן; מיר נעכטיקן דאָרט, ווו מיר טאָגן נישט...

— דיינע רייד טוען פונדעסטוועגן ווײ און — טרייסטן... — האָט דובֿ פאַוואָליע געזופּט פונעם אָפּגעקילטן טיי — ס׳איז גוט אַזוי, ווערסט נישט אַלט, וואָלף. גיסט זיך נישט אונטער. ביסט געווען און פאַרבליבן דער לעבעדיקער אומרו. אַזוי באַדאַרף מען. כ׳האָב אויך אַמאָל אַזוי געמיינט. איך באַוווּנדער דיר, בראַטאָקל... נעמסט זיך צופיל פון גאָרנישט איבער און — גלויבסט אין מענטש. איך מוז דיר זאָגן, אַז איך קער זיך איצט אום אַהיים עפּעס אַזויווי אַ געלייטערטער, אַ געשטאַרקטער. צו אונדזערע

אַלטע דיסקוסיעס האָט, דוכט זיך מיר, גענומען אַ סוף. ערגעצווו האָט אונדז די האַרבעווירקלעכקייט אַליין צונויפגעפירט. איך זע שוין איצט. ניין, די היים איז קיין היים נישט, ווי לאַנג ס'ברענט די ערד אונטער די פיס. ווי נאַאיוו, נאָך אַלעמען, מיר זענען געווען אַמאָל צו גלויבן — די היים... דאָס צוגעזאָגטע לאַנד... אָבער קומען וועט עס נאָך, דאָס צוגעזאָגטע לאַנד... דו הערסט ?... אומבאַדינגט.

פּאַריז, 1953—1951